# אַלע ווערק פון י. ל. פּרץ

## אינהאַלט פון די 18 בענדער

# פון פאַרלאַג „יידיש"

דער קליינער און יונגער יידישער אַרגענטינער קיבוץ איז אַ דאַנק דער שווידערלעכער יידן־אויסראָטונג זינט אויגוסט 1939 געוואָרן איינער פון די וויכטיקסטע יידישע ישובים אין דער וועלט. דער יידישער וועלט־חורבן האָט אונדזער ישוב דערהויבן און אים אָנ־געטון אַ טראַגישן און גרויסן זכות.

אַ זכות גייט ביי אונדז זייט שטענדיק אָן האַנט ביי האַנט מיט חוב. פאַר דעם גרויסן טראַגישן חוב איז אונזער ישוב אַ סך, אַ סך שולדיק. און פאַרלאַג „יידיש", וואָס איז אין דער פאָרעם אַ פּריוואַטע אונטערנעמונג און אין תוך געהער ער צום גאַנצן ישוב, שטרעבט צו באַצאָלן אַ קליינעם טייל פון די חובות, וואָס דער ישוב איז שולדיק.

דורך דעם פאַרלאַג „יידיש" וועט דער אַרגענטינער יידישער ישוב אָנהויבן העלפן אויפבויען דאָס דאָזיקע, וואָס דער שונא האָט חרוב געמאַכט.

און נישט אומזיסט הייבן מיר אָן מיט אונדזערע קלאַסיקער! דאָס דאָזיקע לעבן, וואָס מענדעלע, פּרץ און שלום־עליכם האָבן באַ־שריבן וועט מען שוין מיט קיין טאַנקען אויך נישט אויסמעקן.

און ווען דער צאָרן וועט זיך ענדיקן און אייראָפּע וועט זיך נעמען באַנייס אויפבויען און מען וועט דאָרט נעמען אויפבויען אויך דעם יידישן שארית הפליטה, וועט דער אַרגענטינער ישוב דורך דעם פאַרלאַג „יידיש" שיקן די ביכער פון די קלאַסיקער פאַר די ערשטע פון סניי אויפגעבויטע יידישע ביבליאָטעקן.

פאַרלאַג „יידיש" הייבט אָן מיט אַלע ווערק פון י. ל. פּרץ, ווייל בעצם האָט פּרץ געראַטעוועט דאָס מאָדערנע יידישע לעבן פון אַ שריפה, וואָס האָט עס געוומען אַרומכאַפּן פון אַלע זייטן. פּרץ איז אַריין אין פייער אַריין פון השכלה און אַסימילאַציע און ער האָט אַרויסגעכאַפּט דעם סאַמע עיקר פון דער באַדראָטער יידישקייט. די ערשטע ווערק וואָס מען וועט אַריינשטעלן אין אַ באַנייטער יידישער ביבליאָטעק פון אייראָפּע, מוזן זיין פון י. ל. פּ ר ץ!

י. ל. פרץ

# אלע ווערק

מיט בילדער, פאקסימילן, געקליבענע פערזענלעכע בריוו און
ביאָגראַפישע שטריכן פון יעקב באָטאָשאַנסקי

פאַרלאַג „יידיש"
פון וואָלף ברעסלער און אברהם מיטלבערג
בוענאָס איירעס 1944

# אינהאַלט:

זייט

זייט



י. ל. פ ר ץ און זיין פרוי אין יאָר 1914

# אַ נייער ניצחון

ון דאָך — זי באַוועגט זיך.

וואָס עס דאַרף לעבן, ווען עס איז באַשערט צו לעבן, דאָס אַנטוויקלט זיך, וואַקסט און צעבליט זיך איבער נאַכט.

יעדן פרימאָרגן שטייט־אויף אונדזער יידיש מיט אַ נייעם ניצחון.

איבער נאַכט ווערן די שורות פון אירע שונאים שיטערער און די מחנה גוטע פריינט מערט און פרוכפּערט זיך.

עס טרעפט זיך נאָך קליינע אומאַנגענעמלעכקייטן:

ביים עפענען און פאַרמאַכן פון דער „בצלאל"־אויסשטעלונג אין וואַרשע, האָט מען קיין יידישע רעדע נישט געהאַלטן.

איז עס אָבער געווען צופעליק.

צופעליק איז ביים עפענען און פאַרמאַכן קיין יידישער רעדנער נישט געווען און איינצולאַדן האָט מען פאַרגעסן.

און שיכחה איז שייך.

ביפרט ביי אַזויפיל אַרבעט און אַזוי ווייניק הענט.

שיכחה איז שייך ביי ווייניקער אַרבעט און מער הענט.

אָט האָט מענדעלעס יובילעאום־קאָמיטעט אין אָדעס פאַרגעסן איינצולאַדן יידישע שריפטשטעלער פון תפוצות ישראל...

און אַז מען האָט זיך אין דער לעצטער מינוט געכאַפּט, האָט מען ערשט, פאַר גרויס כאַפּעניש און איילעניש, פאַרגעסן צוצוקלעפּן מאַרקעס, און די שריפטשטעלער פון תפוצות ישראל זענען געבליבן אין דער היים...

קיין בייז!

ביי מענדעלעס דריטן יובילעאום, ביי דער קינעמאטיקער אויסשטעלונג פון „בצלאל” וועט מען אונדז פארבעסערן מיט גאטס הילף, פארגיטיקן...

אָבער די באציאונגען פון אָפיציעלן פּאָליטישן ציוניזם האָט זיך פארבעסערט; אין גאליציען, ווען דאָס לעבן האָט פארלאנגט — ראדיקאל געענדערט.

ביי דער פּאָלקסציילונג איז מען געגאנגען האנט אין האנט מיט די „יידישיסטן”...

און ערשט נישט לאנג, דאָ ק״ס ווארשע, אז דער באַלעבאטישער, ציוניסטישער לייב־אָרגאן האָט אימפּאָרטירט פון ריגע טאוויאָווס א נישט זייער ריין ארטיקל קעגן יידיש, — וואָס איז געשען?

עס איז גענוג געווען, דער „פריינד” פון יידיש זאָל א ריר טון מיט א ברעם פון א שיק בייז אויג, עס זאָל זיך אויסווייזן, אז עס איז געווען צופעליק, כמעט על־פי־טעות...

דער רעדאקטאָר איז אין דער היים נישט געווען, געפירט דאָס רעדל האָט זיין שטעלפארטרעטער, דער פעליעטאָניסט פון „היינט”, האָט ער פארזען, און דאָס ארטיקל איז אריין נישט ארומגעוואשן, נישט גערייניקט און געפוצט; מיטן גאנצן שמוץ אריין...

און אצינד — א נייער ניצחון!

און שוין נישט איבער היימישע און אייגענע, נאָר צופעליק פארבלאָנדזשעטע, — אסימילאטאָרן לאָזן גריסן!

אין „איזראעליטא”, אין לייב־אָרגאן פון דער ווארשעווער שווינד־זיכטיקער אסימילאציע, פּראָפּאגירט זיך גאנץ ערנסט א יידישער אָרגאן; דאָס זעלבע אויף די אסימילאטאָרישע וואל־פארזאמלונגען!

און נישט ווי אמאָל, עליו־השלום, צעדערבוים, ביים צוטרעטן צום „קול מבשר” האָט געוואָלט: „מנצח זיין יידיש מיט יידיש”. —

דאָס וואָלט שוין היינט צופיל העזה געווען. היינט איז מען קעגן יידיש באשיידענער: דער אפּעטיט איז קלענער און די ציין שוואכער.

מען וויל נאָר ארויסנעמען דאָס געווער פון די ליטווישע הענט, מען וויל דערפון אראָפּציען דאָס פרעמדקייט. מען וויל עס נאָר כשרן...

אין „אונדזערע” הענט וועט עס זיין היימישער, פוילישער... מען קאָן דאָך נישט פארלירן די גאנצע „פינצטערע מאסע”, ווערכער מען מוז טראָגן ליכט און „אַביוואטעלסקאָשץ” און נעמען ב ר ו י ט און כ ב ו ד . . . מען קאָן דאָך בלייבן, ווי א פאסטוך אָן א פייפערל און — וואָס ערגער איז — אָן שאָף! אין וועמענס נאָמען וועט מען ריידן, דאָרט, ביי י ע נ ע ?

ווי אזוי מיר וועלן אָנעמען די אָפּטריניקע: פון דעם אן אנדערש מאָל, דערווייל ווערט באצייכנט א נ י צ ח ו ן . . .

---

# ציטן בייטן זיך

ענגען צוויי קיילעכלעך, אָנגעלאָדענע מיט אנטקעגנזעצטער עלעקטריציטעט, איינס נישט ווייט פון צווייטן, אויף צוויי באַזונדערע פעדים אין דער פרייער לופט, — טוען זיי נישט מער, נאָר ציען זיך צו און שטויסן זיך אָפּ.

א מאָמענט נאָך א מאָמענט.

א מאָמענט לויפט מען זיך אנטקעגן מיט ליבשאַפט און בענקשאַפט — אחדות זאָל זיין, באַהעפטן וויל מען זיך; און א מאָמענט פון אָפּשפרינגען איינס פון צווייטן מיט עקל און האס און איינער נעמט פון צווייטן דעם ווייטסטן וועג.

דאָס זעלבע צווישן פעלקער.

אלץ האָט זיין צייט, זאָגט שלומה.

צייטן פון צוציען, אנטקעגנלויפן און צייטן פון אָפּשפרינגען און אָפּשטויסן בייטן זיך.

דאָס זענען היסטאָרישע מאָמענטן; טעזע און אנטיטעזע.

אין מאָמענט פון צוציען וואקסט דאָס מ ע נ ט ש ל ע כ ע , דאָס הארציקע געפיל פאר אלעם, וואָס מענטשלעך איז. שפּינען זיך פון הארציק־גאָלדענע פעדעם די אלגעמיין ־ מענטשלעכע אידעאלן, און וועבן זיך די אלגעמיין ־ מענטשלעכע אינטערעסן...

אין מאָמענט פון אָפּשטויסן ציט זיך יעדעס פאָלק צוריק צו זיך אליין, וויל עס האָבן התבודדות, חשבון־הנפש, אריינקלערן זיך אין זיין איינענער נשמה, שעפּן אוצרות פון אונטער דער באַוווסטזיניקער שוועל. נעמט זיך יעדעס פאָלק צו זיין ה יי מ י ש ע ר ארבעט, אנטוויקלט עס זיין א יי ג נ א ר ט ; שפּינט און וועבט זיך דאָס אינטימע, היימיש־נשמהדיקע, דאָס פאָלקסטימלעכע, דאָס אינדיווידועל־נאַציאָנאַלע.

און דער סינטעז?

ד י ק י נ פ ט י ק ע מ ע נ ט ש ה י י ט , ו ו אָ ס ו ו ע ט ב אַ־

שטיין פון איינצעלנע פרייע, זעלבסטשטענ־דיקע און איינגנארטיקע פעלקער.

ווייט איז די צוקונפט; לאַנג נאָך וועט דויערן דער היסטאָרישער פראָצעס פון צוציען און אָפּשטויסן, — די מאָמענטן בייטן זיך וואָס אמאָל ראשער, אָבער דאָך גענוג לאַנג האלטן זיי זיך, און דאָס מענטש־לעכע לעבן איז אזוי קורץ...

לעבט א מענטש א קורץ לעבן מיט א קורצן זיכרון אין א מאָמענט, האלט ער אים פאר אייביק; ענדיקט ער זיך ביי זיין לעבן נאָך, און ער אליין איז נישט פעאיק זיך צו ענדערן, — שוין צוגעוווינט, שוין פאר־שטיינערט — וויל ער דעם מאָמענט אויסציען אויף ווייטער מיט געוואלט! און קאָן ער נישט, — די מענטשלעכע הענט זענען צו קורץ, צו שוואך, — זעצט ער זיך אוועק, מאַכט די אויגן צו און וויל ווייניקסטנס נישט זען, וואָס עס ענדערט זיך אָן אים און קענן זיין ווילן, זיצט ער מיט פארלייגטע הענט און חלומט זיך ווייטער זיין דור, זיין טעזע...

דאָס איז אייער דיאגנאָזע, אסימילאטאָרן... און אצינד, זאָגט מען, האָט איר זיך אויפגעכאַפּט, די אויגן געעפנט און איר ווילט ארבעט...

דאָס איז אונדזער ניצחון.

מיר האָבן באַלד דערפילט, אז דער צווישן־פעלקער־פרילינג איז פארביי, אז דער ווינטער קומט, בייזע ווינטן זאָגן אים אָן, און מיר זענען צוריק אהיים.

דער ווינטער גייט, ווינטן זאָגן אים אָן — ארבעט פולע הענט, מען מוז די וועגט פארקלעפּן, דעם דאך באשלאָגן, די פענצטער באוואָרענען, אָנגרייטן פארהייצונג, באַלייכטונג און — ברויט... און מיר האָבן זיך באַלד צו דער היימישער ווערקשטעל געזעצט...

איר זייט אין פרעמדע הייזער, אין פרעמדע זאלן געבליבן, פאר פרעמדע פיס זיך געשלענדערט.

דאָרט איז אזוי ליכטיק, אזוי רייך, און די היים איז אזוי אָרעם, אזוי טונקל...

האָט איר א פרעמד לעבן געלעבט, פרעמדע ארבעט געטון. האָט מען אייך געגעבן אָנצעהערן, אז מען דאַרף אייך נישט, אז דאָרט פעלן קיין הענט. האָט איר זיך צעוואָרפן, זאָל זיין וואָס ווייניקער אויף איין אָרט, אפשר וועט מען אייך איבערלאָזן...

האָבן זיך צוויי פון אייך אויף איין אָרט געטראָפן, איז איינער פון

צווייטן אָפּגעשפּרונגען — נישט צוויי מיטאמאָל, צופּיל און צו גרוים אין די אויגן. איז עמעץ פון אייך צופעליק קעגן א שפּיגל געגאנגען, זיך אליין דערזען, איז ער אָפּגעשפּרונגען. ער האָט זיין מ א ס ק ע נישט דערקענט; געמיינט, א צווייטער גייט...

און זענען די איינצלנע אויך איבעריק געוואָרן, האָט פּאר איינצלנע אויך פארפעלט מעסער און גאָפּל ביים פרעמדן טיש, און קיין הוסטן האָט נישט געהאָלפן — האָט מען זיך אָפּגערוקט אָן א זייט, געזעצט אין א פארשאָטנט ווינקעלע, די אויגן פארמאכט און געחלומט, און איינגעדרימלט.

האָט איר אייך אצינד אויפגעכאַפּט!

ארבעט ווילט איר און צוריק ביי אונדז!

ווי געזאָגט — דאָס איז אונדזער ניצחון, מיר וועלן אָבער קיין פּוס, אלס זיגער, אויף אייער האלדז נישט שטעלן, מיר וועלן פאר אייך אונדזער טיר נישט פארמאכן; ביי אונדזער ווערקשטעטל וועט קיין אָרט צו ארבעטן פאר אייך נישט פעלן, — מיר וועלן אייך אויפנעמען, צולאָזן, נ א ר קוקן אייך אויף די הענט...

איר זאָלט נישט איינשפּאנען און נישט זייען קיין כ ל א י ם , נישט שפּינען און וועבן קיין ש ע ט נ ז , איר זאָלט נישט אריינפירן קיין נישט־כשרן קאָנטראבאנד...

עס איז ביי אונדז ח ש ב ו ן ה נ פ ש , ע ב ו ד ת ה ק ו ד ש און כ ש ר מוז זי זיין און ריין...

צייטן בייטן זיך... אמאָל איז מיט יעדן גר געווען ששון ושימחה, עס האָט אונדז אָנגעפילט מיט שטאָלץ: זעט, ווער עס איז צוריקגעקומען!

מיר זענען שוין היינט נישט אזוי אָרעם!

ווילט איר ביי אונדז נ ע מ ע ן : װארעמקייט, היימישקייט, אונדזער אייגנס — וויפל איר ווילט...

ווילט איר אונדז ג ע ב ן , מוזן מיר וויסן וואָס, גאָלד אָדער פרעפעראנס־רענדלעך!

צייטן בייטן זיך!

# צו די צוריקקומענדיקע גרים



ון איז עס נישט א פּראָביר־באַלאָן געווען, און איר ווילט ווירקלעך צוריקקומען, ווילן מיר אייך עטלעכע עצות געבן.

איר דאַרפט אייך נישט באַליידיקן:

איר האָט אונדז אַזוי לאַנג עצות געגעבן, אַזוי לאַנג שטראָף־רייד גערעדט, אַזוי לאַנג פון דער הויך אַראָפּ געלערנט.

אין נאָמען פון אייראָפּע, — איר זייט מיט אַלע אירע בעדער באַקאַנט! — אין נאָמען פון „פּאָרשריט", וואָס איר האָט מאָנאָפּאָליזירט, — אין נאָמען פון „בירגערלעכקייט", וואָס איר האָט אייך פאַר איר איינציקן העראָלד געמאַכט — האָט איר געפּריידיקט, און אין נאָמען פון „מענטשלעכקייט", די איז דאָך אייך פון צונג נישט אַראָפּ.

לאָזט אונדז פאַר דאָס איינמאָל אייך אַן עצה געבן, און אין נאָמען פון איינפאַכער לאָגיק!

קומט איר ווירקלעך צוריק, ווייל, ווי מיר ווילן גלויבן, עס האָט זיך אויפגעוועקט אין אייך אַ שטיקל בענקשאַפט, עס איז געקומען צום וואָרט דאָס געפיל פון פליכטן קעגן אַ פאָלק, פון וועלכן מען שטאַמט און איר ווילט ווירקלעך צוריק אָנקניפּן די פעדים, וואָס איר האָט איבערגעריסן מיט אייערע אייגענע: קרובים, שוועסטער און ברידער, און אפשר נאָך טאַטע־מאַמע — טוט איר עס ווירקלעך בישלימות, טאָ טוט עס אויך ערלעך.

צו אַלעם ערשטן זאָלט איר זיך אָפּגעוויינען פון רכילות, פון לשון־הרע, פון פאַלש באַשולדיקן אייערע קעגנער...

אָט אין אייער „מאַניפעסט", מיט וועלכן איר זייט מודיע, אַז איר ווילט זיך נעמען צו יידיש, שרייבט איר: און מיר וועלן זיך באַנוצן דערמיט ערלעך, אָן הינטערפיסלעך, אָן אינטריגעס, אָן פּאַרטייאינטערעסן, ווי די ליטוואַקעס טוען...

און „ליטוואַקעס" זענען די אַלע, וואָס האָבן נישט געהאַט דאָס גליק

געבוירן צו ווערן אויפן הייליקן „גזשיבאָוו“, די גאנצע נאַלעווקעס, דזשי־קאַ און די גאַנצע סביבה, און די פּראָווינץ־לייט, און די אַלע, וואָס קענען נאָך עיברי, און די אַלע, וואָס שעמען זיך נישט מיטן ביסל עיברי...

דאָס זעלבע איז געזאָגט געוואָרן אויף פּאַרזאַמלונגען...

און ווי וואָלט געווען, ווען מיר וואַרפן אייך די שמוציקע באַשול־דיקונג צוריק אין פּנים אַריין?

ווען מיר זאָגן:

איר מיינט עס נישט ערלעך מיט יידיש, איר גייט מיט הינטערפּיס־לעך, איר האָט אין זין פּאַרטיי־אינטריגעס, איר מיינט נישט די הגדה, נאָר די קניידלעך — דעם כבוד מיטן ברויט פון דער מאַסע!

אַז אייער נאָז האָט בראָטן דערשפּירט!

אָט הייבט די מאַסע אויף דעם קאָפּ, אָט דעמאָקראַטיזירט זיך אַלץ, אָט ווערט זי באַקומען, נישט היינט איז מאָרגן, איז איבערמאָרגן — וואָל־רעכט אין שטאָט־דומע אַריין... קוריעס וועלן זיין, און געשעפטן וועלן זיין ביי דער דומע, לא ימלט, עס זאָל נישט זיין. איז אייך א שאָד געוואָרן, ווילט איר דעם עולם צו זיך צוריקציען...

און אייערע יונגע אַדוואָקאַטן, און אייערע יונגע דאָקטוירים, וואָס האָבן צוריק א שטיקל ליבשאַפט צום פּראָסטן עולם באַקומען, זענען אויך נישט ערלעך... מען האָט פון עולם פּרנסה! נאַלעווקער וועקסלעך, האַלב־רובלדיקע וויזיטן... גויים קומען נישט... פאַלט אָן א שרעק: וואָס וועט זיין ווייטער? טאָמער שאָקלט זיך דער גאַנצער עולם פון אונדז אָפּ? ווער וועט אונדז שפּייזן, שיכן און קליידן...

ד אָ ס האָט איר געמיינט, ז י ך האָט איר אין זין?

— וואָלט עס נישט געווען, אַלס אייער באַשולדיקונג וואַרשיינלעכער, באַגרינדעטער; דאַכט זיך, אַז די פאַקטן רעדן דערפאַר?

און פונדעסטוועגן האָבן מיר עס נישט געטראַכט, נישט געוואָלט טראַכטן, מיר ווילן אייך אויסשטרעקן די האַנט, — אויפנעמען. —

הערט ווייניקסטנס אויף פאַלש צו ב אַ ש ו ל ד י ק ן, הערט אויף באַוווסטזיניק־פאַלש חושד צו זיין. — —

# פאַר צוריקקומענדיקע גרים אַ צווייטע עצה



ון די צווייטע עצה איז: ש וו יי ג ן!

כל־זמן איר זייט נישט צוריקגעקומען, זיך נישט צוגעהערט, נישט צוגעקוקט, נישט שטודירט, וואָס אינדערהיים טוט זיך, וואָס אין דער צייט פון אייער אָפּוועזנהייט איז ביי אונדז ב אַ ש אַ פ ן געוואָרן, — איז יעדעס איינע וואָרט אַ זינד. און קומט איר נאָך פאַר דער פּ ו י ל י ש ע ר עפנטלעכקייט און רעדט פון אונדזער פּ ו י ל ן ־ ה אַ ס, פון אונדזער אָ פּ ג ע ר י ס נ ה יי ט, דערהויפּט פון אונדזער פּ אַ נ אַ ־ ט י ז ם, אָ ב ס ק ו ר אַ נ ט י ז ם — איז עס אַ פ אַ ל ש ע מ ס י ר ה!

איך וויל אייך נישט באַליידיקן, שלום מאַכן וויל איך מיט אייך, נאָר דעם אמת פאַרלייקענען קאָן איך נישט, טאָר איך נישט!

פון וואַנען ווייסט איר, וואָס ביי אונדז טוט זיך?

איר האָט שוין לאַנג צום אויער קיין יידיש וואָרט נישט באַקומען, קיין תמונות־אות פון אַ יידיש וואָרט אין אויג נישט געזען — פון וואַנען ווייסט איר, וואָס אין אונדזער ווערקשטעל טוט זיך, וואָס עס שפּינט אויף אונדזער ראָד?!

ווערט אַ פראַנצויז ריידן איבער פראַנצויזישע אידעען און אידעאַלן אויפן גרונט פון דער דייטשער ליטעראַטור?

— אַ־באַ! אַראָפּ! וואָלטן די פראַנצויזן גערופן.

אפשר געטראַכט: אַ משוגענער...

און ווען די איינציקע קוועלע פאַר דעם טייערן פראַנצויז וואָלטן געווען די סקאַנדאַל־בראַשורן, פּאַסקווילן, פּאַמפלעטן און העץ־בלעטער, מיט וועלכע די פּרייסישע רעגירונג האָט, שפּאַרנדיק צום פראַנצויזיש־דייטשן קריג, אויפגעפּאַכט ביי די דייטשן האָם אָדער אַן אָפּשיי צום פראַנצויז — דאָ וואָלט שוין „אַ־באַ!" ווייניק געווען.

— „פאַרקויפטע נשמה, פאַרעטער"! וואָלט עס געהייסן.

און וואָלט זיך אין פּויזן אונטערגעשטעלט אַ פּאָליאַק צו האַלטן אַ

וואל־רעדע אויפן גרונט פון האקאטישער ליטעראטור און אַסטמארקער פאריין־בלעטער?

און וואָלט אַ רוטענער געקומען אויף אַ פארזאמלונג וועגן דער אוניווערזיטעט־פראגע, אין לעמבערג, למשל, און גערדשנט „פאקטן" פון פוילישן „טשאם" ארוים, נעפריידיקט די מיינונגען פון פראָפעסאָר טוואַרדאָווסקי?

און זאָל אַ פינלענדער, נאָך אַ לאַנגער צייט דינסט אין פעטערבורג, קומען אהיים און, אריינמישנדיק זיך אין וואל־קאמף, פאָפולאריזירן מענ־שיקאָווס ארטיקלען אין „נאָוו. ווּרעמיא"!

איך קאָן נישט קיין פינלענדיש, איך ווייס נישט, ווי אזוי עס וואָלט ביי זיי געהייסן; ביי אונדז הייסט עס: פאַלשע מסירות, מעשה בוכנער, בראָפמאַנס רכילות!

איר, די אונדזעריקע, און אין אַ צייט פון צע־שיידן זיך יעדערער צו זיין אַרבעט, טראכט און רעדט איר וועגן אונדז לויט פרעמדע שלעכט־פוילישע קוועלן!

איר ווייסט גאַנץ גוט, אַז נישט פוילן רעדט, אַז דעם בעסטן, ערלעכסטן טייל פון פוילן האָט מען דאָס מויל מיט דער פויסט פארמאכט, אַז פרייריידן רעדט נאָר דער פוילישער „ענדעק" און דער יידישער אַפּטריניקער!

וועמען זאָגט איר נאָך? וועמען האָט איר אייערע נשמות פארקויפט?

קומט, זעט, הערט, לערנט, שטודירט, און ביז דעמאָלט — שווייגט!

די דריטע עצה וועט קומען... דעם „תינוק שנשבה"... מוז מען איינגעבן טראָפּנווייז.

# פאַר די צוריקגעקומענע אַ דריטע עצה



יך האָב דעם טיטל געענדערט, צוליב אַן אַנאָנים, וואָס איך האָב אין מיין פּאָסט־קעסטל באַקומען.

איך זעץ אים איבער וואָרט ביי וואָרט; דאָס אָריגינאַל איז פּויליש.

— „מיר זענען קיין „גרים" נישט, — פּראָטעסטירט דער אַנאָנים — מיר זענען, און נאָר אויף אַ צייט פרעמד געוואָרענע".

„אַ דאַנק דער דערציונג (אויף אַ פרעמדער שפּראַך, אין אַ פרעמ־דער שול); אַ דאַנק מאָדערן געוואָרענע (געוועזענע?) אידעען און אידעאַלן (פון פרעמדע ליטעראַטורן) און שפּעטער נאָך — אַ דאַנק פּאָליטישער (?) און סאָציאַלער באַזונדער־שטעלונג (הערט! געלט קלינגט!!!) זענען מיר צו ווייט אַוועקגעגאַנגען, בעת די מאַסע איז הינטערשטעליק געבליבן" (שקר! — אַן אַנדערן וועג געגאַנגען!)

„ציינד געגענען מיר זיך צ ו ר י ק און ווילן פרייידיקן אונדזערע אידייען, טיילן זיך מיט אונדזער קולטור" (אַ גוטסקייט איז עס!).

„גרים" אין געגנדזנפיסלעך האָט אויך נישט מער באַטייט, ווי אַוועק־געגאַנגענע, נאָר וועגן אַ וואָרט לוינט זיך נישט צו שפּאַרן; איך לאָז עס גערן אַרוים...

גילט די דריטע עצה, עבן די, וואָס ווילן צוריקומען פריידיקן זייער־ערע אידעען, אַריינברענגען זייער קולטור... מיר, ווי געזאָגט, פּאַרטייטשן: פריידיקן פ ר ע מ ד ע אידעען, פּלאַנצן פ ר ע מ ד ע קולטור... מיר זאָגן: אַלע וועגן פירן צום מ ע נ ט ש, נאָר יעדעס פּאָלק האָט זיין וועג, און איר זאָגט: טוישן דעם וועג! חלופין מיט קולטור־ווערטן! מיר ווילן אַנטוויקלען דאָס ה יי מ י ש ע און אַ יי ג נ אַ ר ט י ק ע, איר הייסט עס אַרויסוואַרפן און נעמען פרעמד פייער צום מיזבח...

דערווייל דרשנט איר עס אויף פּויליש, עפנטלעך פאַר דער אינ־טעליגענץ — אַ גענעראַל־פּראָבע, און אין אַ קורצער צייט אַרום וועט איר

א גרויסן קרבן ברענגען, איר וועט איבערווינדן אייער עקל צום יידיש, און קומען דרשענען אויף יידיש צום פאָלק — איר וועט אים די אויגן עפענען, פאַרגלייכן אייגנס מיט פרעמדס און אָנריידן צוים טויש!

מיר ווען אייך דאָס מויל נישט פארמאכן.

נאָר אן עצה ווילן מיר אייך אין פאָרויס געבן, די דריטע עצה:

פאַרגלייכט ערלעך, חלופין איז אויך א געשעפט, נאָר — ערלעכע מאָס און וואָג! די זעלבע סחורות אויףביידע וואָגשאָלן!

פארגלייכט גלייכס מיט גלייכס! עקוויוואלענטן נעמט!

רעדט איר פון כלי־קודש, זוכט צווישן אונדזערע רבנים א „מאַ־צאָך", צווישן די רביצנס א „גאָספּאָדינע", ווייזט אָן אויף א מגיד, וואָס דרשנט: קויפט נישט ביי גויים... קויפט איבער אונדזערם א וועטערינאר — אונדזער א שוחט... כאפט א גבאיטע ביי דער האנט, ווען זי גנבעט א פרעמד קינד צום אַפּיידישן... און כל־זמן איר וועט עס נישט טאָן, ווען מיר נישט טוישן. מיט אונדזערע כלי־קודש האָבן מיר אייגענע חשבונות — טוישן נישט! קיין שלעכטע געשעפטן ווילן מיר נישט מאכן!

זאבאבאָנעס?

פארגלייכט אונדזער קדיש־יתום און דעם פּריק משניות צו עלית־נשמה מיט די מיטלען, וואָס אנדערע באַנוצן צו דעם צוועק...

אָבערגלויבן?

אָט נעמט אונדזער גיהנום, אונדזער יענער־וועלטיקע קאַטאָרגע, מיטן מאַקסימום פון צוועלף חדשים, און פאַרגלייכט מיטן אייביקן פרעמדן...

געפעלט אייך, פּילייכט, דער „סידור" נישט?

„פארשפּרייט גאָט דיין פורכט אויף אַלע ווערק; דיין אנגסט — אויף אַלעם, וואָס איז באַשאַפן..."

„זאָלן אַלע מאכן איין בונד צו טאָן דיין ווילן מיטן גאנצן הארץ!"

אזוי בעט א ייד. איר האָט שענערס?

און וואָס פאַרלאַנגט א ייד פון סידור ארויס? שלום, עס זאָל נישט פארגאָסן ווערן קיין מענטשלעך בלוט, און — גערעכטיקייט:

„דאָס בייזע זאָל אַוועק מיטן רויך, די הערשאַפט פון מוטוויליקייט זאָל פארשווינדן פון דער ערד". —

איר האָט בעסערס?

און אויף משיחן וואַרט א ייד, ער זאָל קומען אויסלייזן די וועלט פון שרעק און פּיין, פון קאַטאַקליזמען צווישן אָרעם און רייך... אַלע זאָל

זיין פאר אלע, פאָלקסטימלעך הייסט עס: ברויט און קליידער זאָלן וואקסן גרייט אויף די ביימער...

איר האָט געפליגלטערע אידעאלן?

האָט איר אמאָל פארגלייכט אונדזערע פאָלקס־לידער מיט אנדערע? אונדזערע פאָלקס־דערציילונגען מיט די, למשל, וואָס די ברידער גרים האָבן געזאמלט. האָט איר ביי אונדז יענע גזלנים געפונען, יענע איבער־שפּיצטע אויסנארער אין די זיבנמיינדיקע שטיוול?

געזען?

פארגלייכט ש ב ת , דעם טאָג פון רוען פאר אלע, פאר גאָט און לייט, פארן האר און פארן קנעכט, און פארן פי, מיטן רעליגיעזן אינסטי־טוט — זונטיק. פארגלייכט אונדזערע אמאָליקע געזעצלעכע באציונגען צו פרעמדע, מיטן איינאייגציקן אויסנאַם פון קרבן פסח, מיט די היינטיקע — אין צוואנציקסטן יאָרהונדערט (איר האָט דאָך אזוי ליב אויפן זייגער צו קוקן!) ביי די פּרייסטע, הומאניטארסטע פעלקער (איר זוכט דאָך דאָס גוטע נאָר אין דער פרעמד)...

און דאָס זענען דאָך עבן די קולטור־מאָמענטן, וואָס איר הייסט ווארפן, און מיר הייבן אויף און אנטוויקלען, די ווינקל־שטיינער, וואָס מיר לייגן אלס פונדאמענט צו אונדזער קולטורעלן היילִיקטום, די פונקען, וואָס מיר זאמלען און פאָכן אויף א גרויס ליכטיק פייער!

מיינט איר ערנסט מיטן טוישן? ווילן מיר זיך נישט גענארן?

אָבער מיצקעוויטש!

מיר קענען מיצקעוויטש און ביינן דעם קאָפּ פארן האלבן נביא: מיר האָבן גאנצע געהאט, און — מיר ווילן זיי נאָך אמאָל האָבן! מיר קענען אויסער מיצקעוויטש נאָך אנדערע גייסטער, שעקספּיר, הוגאָ, שעלי — א דאגה, די וועלט איז נישט אָרעם! דאָס באפרייט אונדז אָבער נישט פון אייגענעם שאפן. נישט נאָר ק אָ נ ס ו מ י ר ן, ו ו י א י ר ט ו ט, ווילן מיר, מיר ווילן אויך פּ ר אָ ד ו צ י ר ן ! מיר ווילן, ווי איר, קיין קולטור־פּאראזיטן נישט זיין. מיר ווילן נישט שטיין אונטער פרעמדע פענצטער פון פרעמדע ליכטיקע שטיבער, יעדע שטוב מוז האָבן איר לאָמפּ, איר ליכט.

און — פארגלייכט!

נישט קיין גאנצע 50 יאָר ארבעטן מיר, פארגלייכט דעם פאָרטשריט, וואָס אונדזער קליינע יונג־יידישע ליטעראטור האָט געמאכט, מיט דעם

פאַרשריט פון אנדערע רייכע ליטעראַטורן, פון רייכע זעלבסטשטענדיקע פעלקער אין דערזועלבער צייט!

— אתה בחרתנו?!!

שרייט נישט!

ביי אונדז איז עס איינפאַך און מענטשלעך:

די מענטשלעכע קולטור פון שוואַכן און אונטערדריקטן!

די עטיק פון די, וואָס בויען נישט זייער צוקונפט אויף פיזישער קראַפט, און זייער רעכט — אויף דער פויסט!

„חוזק דעם טאָטן נישט דערקענט", אויפן „אתה בחרתנו" (נאָר אין ערגערן זין) האָט מען דאָך אייער אַסימילאַציע, נאָך אין בערלין געבויט.

אַ קורצן זיכרון, וואָס איר האָט! מיט דער בייטש האָט איר דאָך, ערשט נישט לאַנג, דיר ציוניסטן געשמיסן.

מיר, פּראָפעטן־קינדער — האָט עס געהייסן — ברויכן קיין לאַנד, בויען קיין שטאָט; דאָס באַשטייט אויף אונטערדריקונג און רויב!

„מיר, מלאָכימדיקע בני־דת־משה, ווילן קיין בלוט פאַרגיסן, און טרייבן פון זיך אָפּ מיט עקל די אידעע פון ארמיי און פּאָליציי".

„מיר, הויכער אדל ביז אברהם, יצחק ויעקב, וועלן קיין פיסקוסן נישט זיין". —

און — —

געבעטלט די אָנערקענונג פון פרעמדע שטאַטן, און פּראָטעסטירט פאַר נישט געבן עפּאָלעטן אין פרעמדע ארמייען, און פאַרוואָס מען טרייבט פון פּאָליציי און אַקציז...

וואָס טוט מען נישט צוליב פּרנסה!

אָבער — שפּרינגט איבער דער האָז פון בייט צו בייט, פון קולטור צו פּאָליטיק — אָבער פאַנסטוואָ וו'פּאַנסטוויע! — היתכן? האָר און נעגל שטעלן זיך קאַפּויר!

שרייט נישט. מענשיקאָוו זאָגט עס. מאַרקאָוו פּריידיקט עס: דער שטאַט קען נאָר איין שפּראַך, איין קולטור...

„גאָסודאַרסטוואָ וו'גאָסודאַרסטווע", הייסט עס אויף רוסיש...

שיט נישט צו קיין קוילן צום פייער, אויף וועלכן מיר וועלן זיך לאַנג נאָך בראָטן, און אַלע:

מ י ר, די א מ ת ע פּאָליאַקן און איר — אינדערמיט! —

שרייט נישט!

———

# פאַר קומענדיקע נאָך אַן עצה



ייטער געענדערט דעם טיטל.

דעם אַנאָנים צוליב האָב איך זיך אָפּגעזאָגט פון וואָרט „גרים", אָבוואָל אין געגרזנפּיסלעך; צוליב אַן ערקלערונג אין לייב־אָרגאַן פון דער היגער שווינדזיכטיקער אַסימילאַציע (פון דעם קאָן איך מיך נישט אָפּזאָגן!) האָב איך אויסגעמעקט נאָך איין וואָרט, דאָס וואָרט „צוריק".

גלאַט קומענדיקע!

און אפילו נישט גלאַט:

דער „איזראַעליטאַ" לייקנט אָפּ אונדזער ניצחון (דאָס טוט נאָך עמעץ און נישט קיין מינדערוויכטיקער). אמת טאַקע, שרייבן וועט מען יידיש, ריידן וועט מען צום פאָלק אויף זיין לשון, אָבער דאָס זאָל נישט מער הייסן, ווי אויסרייסן דאָס געווער פון די שונאים העגט טאַקע קעגן די שונאים! און אויפלאַקערן וועט א נייע שטאַרקע מילחמה. מיט אונדזער געווער וועט מען אויפשפּאַלטן די מויערן פון אונדזער גייסטיקן געטאָ! פון הויכן טורעם פון דער יידישער קולטור וועט מען אָפּרייסן דעם דגל־מחנה־יהודה און אויפשטעלן די קאַמעלעאָן־פּאַרביקע, וואָרן אַלער־פּעלקער־פּאַרביקע פאָן פון אַסימילאַציע!...

אַלזאָ — נישט אָביעקטיווע קולטור וועט מען געבן, ווי מען האָט גערעדט. נישט אַריטמעטיק, פיזיק, כעמיע און נישט נאָר פּוילישע גראַמאַטיק און געשיכטע... נאָר טאַקע פּאַרטיי־פּאָליטיק! נאָר „ליטוואַקעס" טאָרן עס נישט, נאָר זיי איז עס פאַרווערט; זיי האָבן זייערע אינטערעסן! איר אָבער מאַכט אַלץ לשם־שמים... וואָס עס מעג יאַוויש, טאָר נישט דער אָקס, אָדער פאַרקערט!...

סיי־ווי־סיי — „פּלישתים עליך, שימשון!"

און איך בין מודה, עס איז אַ געפּאַר פאַר — יידיש!

אַט, זעט, נעמט זייערס אַ מומחה אויף יידיש, אַ ספּעציאַליסט — אַ „לעקטאָר" פון מיין ערשטן פעליעטאָן ארויס אַ פּאָר שורות, און זעצט זיי איבער אויף פּויליש, קומט ארויס, — איין גאָט זאָל עס אים מוחל זיין!

איך שרייב: „טראָגן דעם פאָלק „פאָסטעמפּ" און „אַביוואטעל־סקאַשץ" און באַקומען ברויט און כבוד — —

לויט דער איבערזעצונג הייסט עס:

געבן דעם פאָלק בילדונג וכו' און אוועקנעמען זיין ברויט און האָנער...

היינט שטעלט אייך פאָר, אַז זיי, די, וואָס בענקען און חלומען שוין אויף פּויליש, וועלן די געדאַנקען זייערע איבערזעצן יידיש, וואָס עס וועט ארויס?

— וואָס פון די אידעען וועט ארויס איז נישט מיין באַבעס דאגה, אָבער פון יידיש וועט ווערן נישט קיין זשאַרגאָן, אַ טאַטעריש וועט ווערן.

פאַראומרייניקן וועלן זיי עס!

אויסער, אויב זיי וועלן שכל האָבן און דינגען אַ ליטוואַק.

אָבער דאָס איז די איינציקע געפאַר!

דעם פאָלק זייט איר לחלוטין נישט געפערלעך! אייערע הויך־בור־זשואזע אידעען, קאַפּיטאַליסטישע וועלט־אַנשויאונגען זענען אבסאָלוט נישט פארן פאָלק. רעדט איר וועגן פאָרטשריט, גלוסט זיך לאַכן; דערמאָנט איר „דעמאָקראַטיזם", איז שוין לאַכן אויך ווייניק. קוקט מען אייך אין פּנים אריין, צי ווערט איר אליין נישט רויט...

איר — און דעמאָקראַטיזם!..

און ווען איך זאָל האָבן אַ טעות, ווען אייער וואָרט זאָל ווירקלעך טרעפן צו דער „פינצטערער מאַסע" — צום פאָלק, ווייסט איר, וואָס דער רעזולטאַט וואָלט געווען?

— רו — סי — פי — קא — צי — ע!

פּויליש וועט איר ז י י ע ן, וואקסן וועט ר ו ס י ש!

איר גאַפט, און דאָך איז עס אַזוי איינפאַך!

אונדזער באַציונג צו פּוילן איז אַן איינפאַכע, אַ לאָיאַלע. איך וועל מער זאָגן: אַ געטרייע און אַ ליבע!

אמת, זיי זענען שלעכטע פּאָליטיקער, אייגנטלעך נישט זיי, נאָר די עטלעכע רעדל־פירער, וואָס די צוריקשלאָגנדיקע פּאָליטיק האָט ארויסגעטראָגן... אַמאָל האָבן די פּריצים, אויך אַזוינע „פּאָליטיקער" געוואָרט, די רוסישע

רעגירונג זאָל באַפרייען די פּויערים; אַצינד וואָרט מען, די שוואַרצע מאה זאָל אונדז געבן אַ ווונק אויף גלייכבאַרעכטיקונג אין דער שטאָט־דומע... און פּונקט אַצינד האָט דמאָווסקי עט קאָמפּאַני געפונען פאַר נייטיק צו דערמאָנען אונדז וועגן פּוילישע אַמאָליקע פּאָגראָמען, וואָס מיר האָבן לאַנג פאַרגעסן און געוואָלט פ א ר ג ע ס ן . . .

דאָס זענען אָבער קלייניקייטן; דאָס פאַרשרייבן מיר נישט אויפן חשבון פון פּוילישן פאָלק...

און, ווי געזאָגט, אונדזערע באַציונגען צום פּוילישן פאָלק זענען קלאָר ווי דער טאָג.

פאַראַן צוויי פעלקער אויף איין פּלאַץ.

אַ פּויליש פאָלק — די מערהייט; אַ יידיש פאָלק (אייגנטלעך אַ טייל פון יידישן פאָלק) — די מינדערהייט.

ווי אַזוי זענען זיי זיך צוזאַמענגעקומען?

אַן אָפּמאַך געווען.

געווען אַ היסטאָרישער מאָמענט: מיר האָבן נישט געהאַט, ווו זיך אַהינצוטאָן; די פּאָליאַקן האָבן קיין מיטלשטאַנד און דעריבער קיין שטעט נישט געהאַט.

האָבן אונדז די פּאָליאַקן געעפנט די גרענעצן פון לאַנד, דאָס הייסט: נישט באַרויבט אונדז פון מענטשלעכן רעכט, זיך פריי צו באַוועגן אויף גאָטס ערד, בשעת וועגן אַנדערע האָבן עס געטאָן, און מיר האָבן אונדזערס געטאָן און פאַרשפּרייט האַנדל, אינדוסטריע; געבויט שטעט, מען זאָגט: אַפילו די „מינץ" אַריינגעבראַכט...

סיי־ווי־סיי — אַ ש י ד ו ך . . .

אַ שידוך פון צוויי פעלקער!

אין „אינטערציזע" איז פון אַ ס י מ י ל אַ צ י ע קיין וואָרט נישט געשטאַנען! פון אָפּזאָגן זיך פון יידישקייט — קיין אַ יי נ צ י ק וואָרט!

פאַרקערט: אויסגערעדט געוואָרן — זעלבסטשטענדיקייט: קהל, חדר און ישיבה זענען אונדזערע שולן; דאָס בית־דין — אונדזער „סאָנד"; דער פּרנס — דער סאָציאַלער פאַרזאָרגער, און די ועדים — אונדזערע קאָנגרעסן!

— — — — — — — — — — — — — — — — —

און אייער גאַנצער יחוס, מיצקעוויטשעס „יענקל", וואָס האָט גע־קלאַפּט אויפן צימבל דעם פּריצס לויב, איז אַן אָ פּ ג ז ו נ ד ע ר ט ע ר ייד געוועזן! געדאַוונט, געלערנט זיינע קינדער אין ז י י נ ע שולן, אין שטאָט אַריין געשיקט, אַליין מיטן ווייב אויף ימים־נוראים אין שטאָט אַריין געפאָרן. אַ גאַנץ יאָר, אין שענק, אין אַ באַזונדער חדרל „תורה" געלערנט, ז י י ן תורה. אמת, מיטגעפּילט דעם פּריץ, גליק געווונטשן אין קריג: זאָל דער גוטער פּריץ נישט פאַלן אונטער אַ שווערן פרעמדן יאָך! און גאָט געבעטן פאַרן פּריץ: לאָז אים, גאָט, נישט פאַלן. ער איז דאָך אַ גוטער, האָט מיר געגעבן אַן אָרט, ווו דעם קאָפּ אנידערצולייגן... ווען אַלע האָבן מיך באַרויבט און פאַרטריבן!

דאָס איז געווען די תפילה פאַרן פּריץ. פאַר זיך, אויסער פּרנסה, געזונט און שלום, האָט ער געבעטן: ירושלים, משיח, עולם־הבא!...

דער יענקל, וואָס האָט אזוי גוט געלעבט מיטן פּריץ, וואָלט פאַר כל הון דעלמאַ זיין באָרד און פּאות נישט פאַרקויפט. געשוואָרן האָט ער אויף זיי, אַן אויסגעריסענע האָר אין הייליקן ספר באַהאַלטן... גערעדט האָט ער — יידיש! זיין טאָכטער וואָלט ער געשאָכטן און דעם פּריץ נישט געגעבן... און נאָך אַן „אַסימילירטן" זון, ווי נאָך אַ טויטן — זיין נאָמען וואָלט נישט דערמאָנט געוואָרן...

און דעם פּריץ (דעמאָלט דער איינציקער פּאָליאַק מיט אַ דעה) האָט עס נישט געאַרט — —

וואָס איז היינט פאַר אַ נייס?

די פּאָליאַקן האָבן זיך אַנטוויקלט און ווייט אוועק פון פּאַן טאַ־דעאושעס פּריצים, מיר האָבן זיך אַנטוויקלט און ווייט אוועק פון יענקל צימבאַליסט — די באַציונגען דאַרפן בלייבן די זעלבע.

מיר שטייען אויפן גרונט פון אַ גאַנץ אַנדערן באַגריף פון שטאַט.

לויט אונדזער באַגריף איז דער שטאַט נישט קיין מולך, אויף וועמעס מיזבח עס דאַרפן געאָפּפערט ווערן פאַרשידנאַרטיקע פאָלקס־אינ־דיווידואַליטעט און די אייגנאַרטן פון מינדערהייטלעכע גרופּן.

לויט אונדזער באַגריף, איז עבן דער שטאַט באַשאַפן געוואָרן דערויף צו שיצן די מינדערהייטן און זייער אייגנאַרט קעגן דער אָנפאַלנ־דיקער מערהייט...

נאָר פּילייכט איז פאַר אַנדערע, וואָס זענען נישט ערצויגן אויפן געזעץ: איין רעכט פאַר אייך און פאַרן פרעמדן, פאַרן איינזעסיקן און געקומענעם — צו־מאָדערן, צו־אידעאַליסטיש. —

וועלן מיר זיך אין דער באַציונג צו פּוילישער מערהייט שטעלן אויפן גרונט פון אָפּמאַך!

און וועלן שטעלן נאָר איין פראגע; צי קען מען אויפן גרונט פון אָפּמאַך שטעלן אונדזערע רעכט אין דער פארוואלטונג פון די שטעט, וואָס מיר, אלס מיטלשטאַנד, האָבן געבויט? און באגרענעצן אונדז ביים פארוואלטן די הכנסות, וואָס מיר, די גרויסע מערהייט אין פארשידענע שטעט, טראָגן אריין?

ניין, און דאָך טוט מען עס, ווייל מיר זענען קיין פּאָליאקן נישט! קאָנען מיר עס זיין?

מיר קאָנען פּאָליאקן ליב האָבן; האָבן (און מיר האָבן!) די זעלבע פּאָליטיש־סאָציאלע און עקאָנאָמישע אינטערעסן, קיין פּאָליאקן קאָנען מיר נישט ווערן, אין אונדזערע אָדערן רינט י י ד י ש בלוט...

זאָגט איר אָבער, אז מיר קאָנען עס, אז מיר מוזן עס טאָן...

מיר גלייבן נישט...

וועט אייך אָבער געראָטן אונדז איבערצוצייגן, אז מיר זענען נישט מיר, אז אונדזער אינדיווידואליטעט איז נישט, עקזיסטירט נישט אָדער דאַרף און מוז פארניכטעט ווערן, אז מיר דארפן אויף זיך ארויפציען א נייע הויט, אריינזעצן זיך א נייע נשמה, דאָס פארלאַנגט אונדזער ע ו ל ם ־ ה ז ה, אונדזער ע ק אָ נ אָ מ י ק, אונזער ג ע ש ע פ ט, אונדזער ר ע כ ט — אז מיר מוזן אָפּזאָגן זיך פון אונדזער וועלט־אָנ־שויונג, פון אונדזער שפּראַך, פון אלץ, וואָס איז אונדזער, צוליב דעם בירגערלעכן טאָפּ לינדזן... אז אלץ ווערט און קאָן געטוישט ווערן, ווי האַנטשו, ווי א העמד — —

אז אלץ איז צום פארקויפן, פארוואָס נישט נעמען קיין העכערן פּרייז?

אז א פרעמדע שפּראַך און א פרעמד בוך, איז רוסיש ב ע ס ע ר! פארשפּרייטער, די ליטעראַטור, היינט ווייניקסטנס, רייכער און — די שול — מיט „פּראַוועס"!

אז אונטערגעבן זיך דעם שטאַט — פארוואָס „אָיציזנאַ" און נישט „אָטעטשעסטוואָ"?

איז כתובה קיין כתובה נישט, פארוואָס נישט זוכן א געזונטער ווייב מיט מער נדן?

אז חזיר — זאָל רינען איבערן מויל!

מיר גלייבן אָן זיך! מיר קאָנען נישט זיין, נישט מער, נישט ווײ־

ניקער, ווי יידן, אלס אונטערדריקטע מינדערהייטן מוזן מיר זיין סאָלידאַר מיט אַלע אונטערדריקטע מינדערהייטן און פעלקערשאַפטן —

ווער עס קאָן ווערן איבערנאַכט א פּאָליאַק, קאָן איבערנאַכט ווערן א רוס...

עפנט איר די טיר?

---

פּ. ס. איר אליין, וואָס וועט טאָן, אויב איר וועט לענגער פאַר־בלייבן אין בערלין, אין פּעטערבורג?

---

# דאָס לעצטע וואָרט דער וואַרשעווער אַסימילאַציע



אין מיטלאַלטער פלעגן זיין צווישן א ו נ ד ז און א נ ד ע ר ע — וויכוחים. אין נאָמען פון אַנדערע האָט געטענהט דער גלח; אין אונדזער נאָמען האָט געענטפערט דער רב.

האָט דער רב פארמאַכט דעם גלח דאָס מויל; האָט דער גלח דעם רב פארברענט.

האָבן מיר געשוויגן א צייט.

האָבן זיי יאָרן־לאַנג געטענהט, מ י ר — יאָרן־לאַנג געשוויגן, זענען זיי געררעכט געבליבן אַפילו ביי אונדזער־אייגענע, וואָס זענען, לויט אייער רעצעפּט, געגאַנגען אין דער פרעמד „תורה" לערנען...

מוז מען ענדערן די טאַקטיק, טאָר מען נישט שווייגן.

הכלל ענטפערן מוז מען; אָבער נישט אייך!

עס איז אייך אזוי שווער צו נעמען ערנסט!

א י ר זינגט פאַר יעדן באַצווינגער דעם אַלטן „מה־יפית" בשעת ווען מ י ר שטעלן דער פּאָליטישער וועלט דעם וויטסטן אַנטראַג: אויס־גלייכן די רעכט פון „מער" און „ווייניק", פון „היימיש" און „פרעמד", — און איר זייט אין אייערע אויגן די פ אַ ר ט ש ר י ט ל ע ר און אונדז רעכנט איר פאַר ק אָ נ ס ע ר וו א ט י וו ן!

און איר שווימט אַרום איבער דער לעבנס־פּאַליע, ווי א לייכטער שוים. און איר ציטערט, ווי אילוזיאָן־בילדער; דאָס אויג ווערט מיד, און אַנצונעמען איז נישטאָ וואָס! אָן א ממש! אַז מען פארייניקט אייך מיט א גראַמאַפאָן, הערן זיך פ ר ע מ ד ע שטימען, — וואָס האָט איר אייר־גנס? וואָס זאָגט איר אליין?

און ווי ציטוויליק, ווי פאַרענדערלעך איר זייט!

אין וואַרשע איז „סירענא" דער סימבאָל, מ י צ ק ע וו י ט ש

— דער נביא! — רופט אייך די בערזע קיין בערלין, ווערט „די וואכט אם רהיין" דאָס הארציקע ליד און — „דייטשלאַנד איבעס אַלעס!" בול־וואר, קאַקאָטע און שאַנטעקלער אין פּאריז. אין פּראָג — דעלירױם פון „זלאַטאַ פּראהא!" אין בודאפּעשט — די ריינסטע נאציאָנאַלע קולטור: טאָקאיער און ציראַדאש! פּארוואלגערט איר אייך אויף א לענגערער צייט אין ווין, שטעלט איר דעם ד"ר לאַגער א מאָנומענט!

אָבער איבעראַל אונדזערע פאָרשטייער, און פּארוואלטער פון יק"אשן אינטערנאציאָנאַלן פאָנד! און דעמאָקראַטישן דערצו!

עס איז אוממעגלעך אייך צו נעמען ערנסט. איך געזעגן מיך מיט אייך! איך רעכן נישט, עס זאָל מיך אזוי געשווינד נאָכאמאָל אָנכאפּן דער יצר־הרע פון פּאָלעמיק מיט קאמעלעאָנען!

נאָר ביים אַדיע מוז איך אייך זאָגן דאָס לעצטע וואָרט; געבן די לעצטע עצה:

ווי אזוי איר וועט נישט ריידן מיטן פאָלק, יידיש־פּויליש אָדער פּויליש־יידיש, — מיט דרך־ארץ רעדט!

דרך־ארץ פארן אַלטן, פארן עלטסטן פאָלק, וואָס איינעמען און באַצווינגען א לאַנד און שיצן עס קעגן די העלדישע וועלט־ארמייען ביזן לעצטן טראָפּן בלוט האָט עס געקאָנט גלייך מיט אַלע! און פיל ב ע ס ע ר און ש ע נ ע ר פון אַלע! און דערנאָך א לאַנגע, לאַנגע שנור פון דורות קעמפער, קעמפער ביזן לעצטן טראָפּן בלוט פאר א י ב ע ר צ י י ג ו נ ג ע ן!

דרך־ארץ פאר א פאָלק, וואָס זיין געשיכטע איז די איינציקע הערא־אישע וועלט־טראַגעדיע: אַן עפּאָפּע פון מסירת־נפש, קידוש־השם און די אומענטשלעכסטע פּיין און ליידן פאר דער אידעע.

עס איז קיין וואונדער נישט, וואָס איר, לייכטזיניקע עולם־הזהניקעס, ז י י ט א ו ו ע ק: א י ר זייט אנטלאָפן פון די, וואָס פריידיקן ל ע ב ן און מוזן ל י י ד ן, צו די, וואָס פריידיקן ל י י ד ן און לעבן א גוטן טאָג!... בעסערע פון אייך, מאַנכע פון די פאָן־טרעגער, זענען מיד געוואָרן און זוכן אַן אזיל ווייט פון קאַמף און פון דעם גאַנצן מי־און־מאַטער. נישט איינער א „קלוג־געוואָרענער", וויל זיך א פּ ז א ג ן פ ו ן ד ע ר י ר ו ש ה, א ב י ד י ח ו ב ו ת נ י ש ט צ ו צ א ל ן; א לאַסט אויף די פּלייצעס! —

איר זייט אוועק א י נ גא נ צ ן! ווייל אייך!...

קומט איר נאָך, ווי שוואַרצע ראָבן, און קראַקעט אונדז: אונטער־גאַנג!

עס שרעקט אונדז נישט.

מיר האָבן עס פון אייער גלייכן, אין מיצריים געהערט, אין פּרס, אשור, בבל, יוון און רוים — געוווינט דערצו —

נישט פון אייער ווערט ווערן וועלטן צעשטערט און וועלטן געבויט!

פּריידיקט, וואָס איר ווילט, דער ווינט טראָגט!

אָבער מיט דרך־ארץ!

ווילט איר נישט ל י י ד ן צוזאַמען מיטן פאָלק, נעמט דעם וועג! קאָנט איר עס שוין נישט ליבן, מען וועט זיך באַגיין! אָבער אכטן מוזט איר עס! —

בייגט די לייכטע קעפּ פ א ר ן א י י ב י ק ן ק ע מ פ ע ר, פ א ר ן א י י ב י ק ן פ אָ ל ק! —

צ ו ד ע ר ע ר ד!

# זייט רואיק!

האָט זיך די היינט־ריידנדיקע פּוילישע פּרעסע אירע שפּיר־הינטלעך פאַר דער יידישער...

משומדימלעך אַזוינע...

עס פאַרבענקט זיך אַמאָל אַזאַ משומדל צוריק צו יידישקייט.

עס קומט אַמאָל צו חלום א מ ז ו ז ה!

ביים טאָפּ לינדזן, פאַר וועלכן מען האָט דאָס עופהלע — דאָס נשמהלע — פאַרקויפט, דערמאָנט זיך אַמאָל א חנעוודיקער יידיש צי־בולקעלע — קומען טרערן אין די אויגן אריין...

און גלאַט אַזוי, אויסערלעך אָן א שום סיבה, גיט עס אַמאָל א צופּ ביים הארץ, — א מאָדנע קלעפּיקע זאַך דאָס יידישקייט!

ווילט זיך עס אויסרייסן מיט געוואַלט פון האַרץ, ווילט זיך עס פון חלום פאַרטרייבן; וויל מען דעם לעצטן פאַרבאָרגנסטן פאָדעם איבער־רייסן —

טוט מען, — ווי אַלע משומדים אין מיטלאַלטער פלעגן טון — אַלדאָס־בייז...

און קאָן מען היינטיקע צייטן קיין גרויס־אינקוויזיטאָרן נישט ווערן, ווערט מען בייסנדיק־צופּנדיקע, שפּיאָנאַזש־ און פּראָוואָקאַטאָר־הינטלעך.

קאָן מען נישט פאַרברענען גאַנצע יידן מיטאַמאָל, כאָטש אויסרייסן עטלעכע פעדעמלעך פלייש!

---

פאַלט אַזאַ הינטל, פאַרסאָפּעט, מיט פאַרהונגערטע אויגן און אַרויס־געזעצטער צונג, — אין „פריינד" אריין, גיט א ביס, רייסט עס אַרויס „א שטיקעלע" פון מיינס א פעליעטאָן קעגן דער אַסימילאַציע... און — מאַכט פליטה...

גיט דער קעבער פון „גאָניעץ" א רוף:

— אַפּאַרט!

ליגט אים שוין דאָס הינטל ביי די פּיס, איז דאָס שטיקל פון הינ־טיש־שפּייעכץ אויסגעפּאַרבט, שוין ביים קעכער אין דער האַנט... „סאָוס" אין קיך פעלט נישט, עס פּרעגלט זיך אין דער גרויסער פאַן — אַ שמיר, אַ דריי איבערן בראָט־פּענדל, און פאַרטיק! אַ מאכל־מלכים פאַרן „טייערן לעזער"!

אין מעניו הייסט עס:

„נידערטרעכטיקע געדאַנקען".

נאַטירלעך:

פון אַזאַ מויל, פון אַ ז ו י נ ע הענט אַרויס, מיט אַזאַ סאָוס!

— — — — — — — — — — — — — — — — —

איבערגעבן, אַז „אויב זיך אונטערגעבן דער סביבה, איז גלייכער דער רוסישער... אַז אויב אַ פרעמדע שפּראַך, איז גלייכער רוסיש"...

קיין וואָרט דערפון, אַז דאָס אַלץ איז געזאָגט געוואָרן דער פאַר־קויפטער אַסימילאַציע „לדידך" — לויט איר עטיק און פּסיכאָלאָגיע!

אַז איך האָב באַשולדיקט דעם אַסימילאַטאָר, אַז ער, וואָס מיינט, אַז נאַציאָנאַליטעט איז אַ זאַך צו קויפן און פאַרקויפן, צום פאַרבייטן און טוישן, — אַז ער און נאָר ע ר איז געפּיילט אויך מיט דער צייט צו פאַרטוישן „איטשיזנאַ" אויף „אָטעטשעסטוואָ"!

אַז נאָר ע ר, וואָס האָט ערשט נעכטן געקאָנט ווערן אויס ייד און אַריין אין אַ פּוילישער הויט, קאָן היינט, און ווען נישט היינט — מאָרגן אָדער איבערמאָרגן — אַראָפּוואַרפן די פּוילישע הויט און ווערן אַ רוס!

קיין וואָרט דערפון, אַז ווען אונדזער באַציונג צום פּוילישן פאָלק איז אַרויסגעזאָגט געוואָרן קלאָר און דייטלעך, אַז זי איז און וועט זיין אַ לאָיאַלע, טרייע און ליבע, אַז מיר זענען מיטן פּוילישן פאָלק סאָלידאַר אויף דער גאַנצער באַפרייונגס־ליניע...

דאָס האָט דער הונט נישט אויסגעביסן... אַצינד קומט נאָך צו דער סאָוס פון „גאָניעץ"־קיך, פון דער אייביק־פרייענדיקער פאַן:

אַ קליינע פעלשונג:

אויפן אָרט פון „שטאַט", פון אונטערגעבן זיך דעם מולך שטאַט, וואָס וויל פאַרניכטן אַלע מינדערהייטן, איז אַריינגעשטעלט געוואָרן דאָס וואָרט: סביבה, מיליע... אויפן אָרט פון „מלוכה" באַווייזט זיך — דאָס פאָלק!

— — — — — — — — — — — — — — — — —

איז דאָס אַלץ אָבער מעשים בכל יום. זענען מיר דערצו געוווינט, וואָלט איך דערויף קיין וואָרט פאַרלוירן, קיין טראָפּן טינט פאַרגאָסן, ווען נישט — —

ווען נישט די גויים־פּאָרכטיקע נשמהלעך, וואָס מיר האָבן צווישן אונדז.

ווען נישט די דרילע־נשמהלעך, וואָס האַלטן אין איין ציטערן, אין איין שטאַמלען: למה יאמרו הגויים...

און קומען זיי און סקאַמלען מיט אַנגסטן באַגאַסן:

— שווייגט, רעדט נישט!

— וועקט נישט אויף אונדז דעם צאָרן פון פּוילישן פאָלק, — עס וועט אונדז אויסהונגערן, דאָס פּוילישע פאָלק.

און זיי מוז איך זאָגן:

ציטערט נישט און באַליידיקט נישט דאָס פּוילישע פאָלק!

נישט די „ראָלאַ", נישט דער „גאָניעץ" און אַלע זייער גלייכן און אַפילו נישט דער אָפּגעלעבטער און אָפּט איבערגעפאַרבטער „פּראַוודאַ"־ליבעראַליזם — זענען דאָס פּוילישע פאָלק.

זיי ריידן און דאָס ווירקלעך־פּוילישע פאָלק — שווייגט.

ווען עס איז, אויף אַ ווײַלע, צום וואָרט געקומען, האָט מען גאָר אַנדערע דיבורים געהערט.

„טו, ווי דו ווילסט, נאָר העלף באַפרייען; רייד, ווי דיין שנאָבל וואַקסט, נאָר רייד ווי אַ פרייער מענטש..."

פון מולך־שטאַט האָט מען נישט געהערט...

שווייגט אָבער דאָס פּוילישע פאָלק און ווער ווייסט, ווי לאַנג עס וועט שווייגן, און איז דער קצב אַוועק פון קלאָץ, איז... דער „גאָניעץ" און זיין גלייכן אַרויף.

פירן זיי דאָס הויכע וואָרט...

און אויב, — נישט אויסגערעדט זאָל עס זיין, — אויב זיי וועלן נאָך לאַנג ריידן... אויב צו אונדזער שאָדן און — נישט צום קלענערן שאָדן פון פּוילישן פאָלק — וועלן די דאָזיקע לייט לאַנג נאָך ריידן און העצן און פירן דאָס רעדל אין נאָמען פון פּוילישן פאָלק און אין זיין נאָמען שטיקן און ווערגן —

דאַן — איך וויל מיין מויל צו קיין בייזן נישט ברענגען — דאַן וועלן זיי אייך שיקן קיין פּעטערבורג...

מיט עקסטרא־צונגן, ווי די גאַליציאַנער שענקערס קיין ווין!

מען וועט שרייען, אַז איר פירט י י ד י ש ע פּ אָ ל י ט י ק און איר וועט אייערס טאָן, איר שרעקיקע, למה־יאמרו־הגויימדיקע קליינע נשמהלעך!

רחמים וועט איר בעטן אין פּעטערבורג, און —

א ו י ף ר ו ס י ש ו ו ע ט א י ר ב ע ט ל ע ן, פּונקט ווי יע־נע אויף ד י י ט ש!

זייט רואיק!

---

# לידער



געוויסער שרייבער קלאָגט זיך אין א לייט־ארטיקל אין קיעווער „ווהין״ (נומער 2) אויף דער לידער־דעקאַדאַנס אין דער יידישער גאַס:

„מיט א יאָר צוואנציק, פינפאונצוואנציק צוריק פלעגט איר הערן, ווי יידישע יינגלעך, גייענדיק פון חדר; קליינע קינדער, זיך שפּילנדיק אין זאמד; ווי מיידלעך, שאפּצירנדיק מיט זייער גלייכן, אָדער פאַרברענגענדיק ביים שפּיגל, — זינגען:

אין דער סאָכע
ליגט די מזל־ברכה...

מיט א יאָר צען, פופצן צוריק פלעגט מען שוין הערן איבעראַל:

עוד לא עבדה תקותנו —
התקוה הנושנה...

אין א פּאָר יאָר ארום:

מיר הייבן די הענט און שווערן ביי ציון...

נאָך שפּעטער:

ברידער און שוועסטער פון ארבעט און נויט...

די לעצטע יאָרן:

חווה, אוי־אוי־אוי, חווה!

אָדער:

האָט א ייד א ווייבעלע...״

דאָס לעבן אָבער, וואָס ענדערט זיך ביי אונדז אזוי ראַש, ווי בילדער אין א קינעמאַטאָגראַף, האָט דעם שרייבער א שפּיצל אָפּגעטון, צווישן שרייבן און דרוקן איז דערווייל א ניי ליד געבוירן געוואָרן. איך מיין דאָס גענעזלטע: „איך האָב א ווייב״; דאָס זאָמבאַרט־ליד מיין איך!

קינד־און־קייט זינגט: דאָס האַרץ איז איבערגעפולט געוואָרן מיט זאָמבאַרט, רייסט זיך זאָמבאַרט אין מויל אריין און פון מויל ארויס; שטראַלט ער פון אַלע אויגן ארויס, גלאַנצט ער מיט נחת פון אַלע פּנימער...

לייט־אַרטיקלען, פּאָליטאַנען, רעצענזיאָנען, — די פּרעסע זינגט: זאַמבאַרט! און גאַנץ תפוצות ישראל! לאָזט זיך הערן אַ קעלבעלע אין אַ יידישער שטאָל, בלעקט עס: זאַמבאַרט! וועקט אייך פאַרטאָג אַ האָן, קרייט ער: זאַמבאַרט! כאַפּט זיך אַ יונג־פּאָרל פון שטוב אַרויס, אָוונט־צייט, אין גערטל אַריין אויף אַ כשר פּלירטל, קלאַרנעטירט עס, מיט לבנה־ליכט באַ־גאָסן: זאַמבאַרט! זאַמבאַרט!

— — — — — — — — — — — — — — — — —

עס שטעקט שוין אינעם בלוט; נישט אינעם ריינעם, נאָר אינעם פאַר־וואָרלעסיקטן גלות־בלוט, אויף אַלעם צו זוכן אַ הכשר. אָן אַ הכשר טאָר אַ ייד נישט שעכטן, נישט פאַרקויפן קיין פּיצל כשר פלייש, קיין פּוטער פון פרוכטן, נישט פאַרזוכן קיין פּיצל קאַלקוטער האָן, ביפרט — לעבן! אויף לעבן אָבער מוז מען שוין האָבן אַ הכשר פון יענער זייט אויך, פון אַ פרעמדן גאון אויך, עס איז דאָך נישט י ע נ ע וועלט!

און אין דער צייט פון די שווערסטע פּאָרמען פון באַדריקן, פון די פּיינלעכסטע שינד־געזעצן, ווען מיר האָבן געצאָלט פאַר וואַסער און לופט און פאַרבייגיין אַ וועג; ווען אונדזער פאַרמעגן איז געווען הפקר, רויב פאַר קינד־און־קייט; אונדזער אַרבעט באַליינגט מיט בלוטיקע אָפּ־צאָלן; ווען מען האָט אונדז פון אַלע זייטן געשונדן די הויט, אויסגע־זויגן דאָס דם־התמצית, אויסגענאָגט דאָס לעצטע ביסל מאַרך פון די אַלטע ביינער, — איז דער זעלבער צייט זענען מיר אַרומגעלאָפן, ווי פאַרסמטע מייז, צו גלחים און גלאַט געלערנטע, און געחלשט אָן אַטעס־טאַט, אַז מיר זענען קיין בלוט־זייגער, קיין עקספּלאָאַטאָרן נישט. וויי־ניקסטנס — בטבע נישט, מיט דעם פעלער נישט געבוירן...

— — — — — — — — — — — — — — — — —

אַ צעזייט און צעשפּרייט פאָלק, אַ וואַנדער־פאָלק, וואָס זוכט אַו־מעטום אַרבעט צוליב ברויט, וואָס עסט פון אַלע אויוונס אָדער הונגערט אין אַלע סטרעפן; וואָס באַדעקט מיט זיין שוויים און בלוט, ווו נאָר ערד האָט אַ פלעק. דאָס וועלט־פאָלק קאָן, אינאַיינוועגס, אויף קיין פאַל, דאָס לאַנד, ווו די היסטאָרישע וויג איז געשטאַנען, נישט פאַרגעסן; אַהין בענקט זיין האַרץ, רייסט זיך זיין נשמה. דאַוונט ער, איז: ירושלים און ירושלים! לערנט ער, שטודירט ער די געזעצן פון ציון. פאַרטראַכט ער זיך, זעט ער בילדער פון ארץ־ישראל. זיין שטאָלץ: כוהנים און נביאים, און מלכי־בית־דוד. זיין ליבשאַפט: די מאַמע רחל. — „פאַטערלאַנד" — נישט זיין וואָרט; „ארץ אָבות" — מעטאַדע־ און כרעסטאָמאַטיע־לשון,

— ארץ ישראל! דאָס הייליקע לאנד! דאָס ווייסט ער, דאָרט זוכט ער זיין יוגנט, זיין ריינקייט, זיין הייליקייט. און האָט א ייד זיין וועלטל דורכ־געמאכט, א פארמעגן, פאר אים צום דערלעבן געגוג, אָנגעזאמלט; קינ־דער אויסגעגעבן און פארזאָרגט; — ייד, זעץ דיך אין דיין לעבעדיקער רו אריין און לויב גאָט!

ניין! איין פארלאנג איז נ י ש ט ערפילט, איין בענקשאפט — נ י ש ט אויסגעלאָשן! און ער טראָגט די אלטע ביינער אהין... אהין...

און טרייבט מען דאָ, און ראָטשילד גיט געלט אויף קאָלאָניעס אין ארץ־ישראל, לויפט „חיבת־ציון", די צנועה, צו מאה רבנים נאָך א הכשר פאר דער עגונה, און (עס שטעקט דאָך א שטיק עולם־הזה דערינען, זייער ממשלה!), צו'ן א פאסטאָר אויך! זאָל ער געבן זיין הסכמה.

— — — — — — — — — — — — — — — — —

און העלפט נישט ראָטשילד, און קאָן מיטאמאָל, איבערנאכט, נישט אויסגעלייזט ווערן, מוז די „גאולה" ג ע ד ו י ע ר ן, ווערן די קליינע משיחלעך אומגעדולדיק,ליידיקע הענט, זוכט מען ארבעט, זעט מען: פאראן א פעלד — א פריי (אומשטיינס געזאָגט!) פעלד צו דער ארבעט, „געגענווארטס־ארבעט" — עס האָט, לויט דער „וויסנשאפטלעכער" ציונים־מישער קריטיק אפילו, קיין פעסט ממשות נישט; די זייסט און ווינטן בלאָזט אויס; עס הייבט אָן שפּראָצן און האָגלען צעקלאפּן... אָבער טון מוז מען דאָך... די הענט שטייען, דאָס הארץ גלוסט, אלזאָ — נאציאָנא־ליטעט, דערוויל אָן „פאָטערלאנד", קולטור — דערוויל אָן אָן עקסטרא־עקאָנאָמישער סטרוקטור, פּרווון מעג מען דאָך!

האָט געפעלט נאָך א הכשר! און ביי מארקסן איז אים נישט צו געפינען! פון מאטעריאליסטישן שטאנדפּונקט ארויס זעט מען אזא נאַ־ציאָנאליטעט נישט.

אי וואָס, דו לעבסט?

שריי חי־וקים! קוים האָט דער דאָקטאָר אין שליפעס פארשריבן דיך פאר א טויטן, איז דיין לעבן קיין לעבן נישט...

א קאָמישע זאַך:

פעלקער רייסן זיך, ווי פליטוך, ווילן זיך צעפאלן, ווי אלטע חורבות, קוים מיט גרענעצן אין תפיסה צו דערהאלטן; מיט ארמייען, באגנעטן א וואלד קוים די תפיסה באשיצט, — א נעץ פון פאספאָרט־סיסטעמען, פון פרעמד־און היים־געזעצן, און גאנצע שארן מיט לערער פלאנצן פאטריאָ־

טיזם אין יונגע הערצער, און נישט קלענערע שאָדן פון „געלערטע" פעלשן פאַר יעדן פאָלק זיין געשיכטע. — — —

איין פאָלק איז פאַראַן אָן פאַלשע געשיכטן, ביכלל — אָן היסטאָריע... אָן אייגענע שולן, קוים מען געפינט פּלאַץ אין פרעמדע; אָן ארמייען און גרענעצן אָן א לאַנד און פּאָליגלאָט: א פאַרמישונג פון אייגענע און פרעמדע שפּראַכן, און דאָס פאָלק לעבט, און מישט זיך נישט מיט פרעמד געפעס; און אַז עס קומט צו רייד דאָס פאָלק, און וויל מען עפּעס טון פאַר זיין עקזיסטענץ, לויפט מען נאָך א הכשר: צו זאָמבאַרטן.

— יענקל, זאָמבאַרט זאָגט, מען מעג, עס איז א יושר.

— זאָמבאַרט זאָגט, אַז יידן האָבן א באַזונדערע אינטעליגענץ; נשמה, הייסט עס.

— זאָמבאַרט זאָגט, אַז בערלין וואָלט פאַרלאָרן האַלב הכנסות, ווען נישט אונדזערע יידעלעך.

זאָמבאַרט זאָגט, אַז די מענטשלעכע קולטור וואָלט פיל שאָדן געהאַט, יידן זאָלן פאַרלוירן ווערן... — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

מיין ווילן איז גאָרנישט, מיין לעבנס־אינסטינקט „נישט ווערט א קאָפּיקע", די אַלע נסיונות, וואָס איך האָב אויסגעהאַלטן פאַר יידישקייט, די אַלע מיינע קרבנות אויפן מיזבח פון איינציקן, מיין גאַנץ פּרישות, גזירות, מסירת־נפש און קידוש־השם — וואַנצן! דער עיקר — זאָמבאַרט דערלויבט!

און בדחילא ורחימא געזונגען:

זאָמבאַרט, אוי־אוי־אוי, זאָמבאַרט...

סוף־כל־סוף, אַז מען רירט אָן א ייד אין איישישאָק, ציטערט א יידיש האַרץ אין לאָנדאָן, אין ניו יאָרק... דער יידישער דייטש פאַרקנעפּלט זיך, דער יונקער זאָל נישט זען, אָבער זיין האַרץ ציטערט...

דער עיקר אָבער: זאָמבאַרט איז מסכים!

און א פרייד געשריי און א געביטעריש שאַלט איבער תפוצות־ישראל:

— איבערזעצן זאָמבאַרטן!

— ייד, האָסט א דרייער? גיב, מען דאַרף איבערזעצן זאָמבאַרטן!

ווער איז זאָמבאַרט?

אַטטאָ בויער זאָגט: א האַנדלס־פּראָפעסאָר; אין איין פּרק פון

מאַרקס שטעקט מער עמקות, זאָגט ער, ווי אין גאַנצן הויפן ביכער פון זאַמבאַרט.

יידישע געלערנטע זאָגן, אַז זאַמבאַרט האָט זיינע ציטאַטן פון יידישע קוועלן פון דער פינפטער און זעקסטער האַנט; אַלץ איז פאַרגרייזט און געפעלשט...

ווי עס זאָל נישט זיין — זאַמבאַרט איז אַ דערשיינונג, איך קאָן אָבער אויף דערשיינונגען מיין יידישקייט נישט בויען; עס מוז די דער־שיינונגען איבערלעבן, מיין יידישקייט איז קיין רייטערייַ אויף פּרינציפּן, עס שטעקט אין מיין בלוט, עס איז מיין אָטעם, און „פּרינציפּן" גייען אויף און פאַרגייען, ווי שוואָמען...

— „וויסנשאַפטלעכע קריטיק!"

איך קען זי. צווישן איר און לעבן איז די זעלבע באַציאונג, ווי צווישן גראַמער און לעקסיקאָן — טויטע ביכלעך פון איין זייט און דער לעבעדיקער שפּראַך פון דער צווייטער. אָן גראַמער און לעקסיקאָן איז שווער אַ פּ ר ע מ ד ע שפּראַך צו דערלערנען; ווייַ אָבער דעם פאָלק, וואָס האַלט די שפּראַך אין די גרענעצן פון גראַמער און לעקסיקאָן... דאָס לעבן איז פריי, די שפּראַך לעבט און באַוועגט זיך; גראַמער און לעקסיקאָן מוזן איר נאָכקריכן, נישט פאַרקערט!

איך ברויך קיין הסכמות נישט!

— — — — — — — — — — — — — — — — —

ייד, האָסט אַ דרייער, גיב אויף אַ קינדער־ביכל.
„אויפן פריפעטשאָק" איז אויך אַ ליד.

---

# והידים ידי עשיו

(געווידמעט דער רוסיש - יידישער פרעסע).



י חכמים ווייסן, אז אָרגאַנען, וואָס ווערן א צייט לאַנג נישט גע־נוצט, מיט וועלכע עס ווערט א לענגערע צייט נישט געאַרבעט, הערן אויף צו ווערן געשפּייזט פון בלוט.

אָנפאַנגס הערן־אויף אזוינע גלידער צו וואַקסן, דערנאָך הייבט אָן דער ליידיק־גייער צו טרוקענען, ווערט דער פּועל־בטל וואָס אמאָל קלענער און שרומפּט־איין, ביז קוים מיטן אויג צו דערזען, ביז אָפּדאַרן...

דרייט זיך אַרום אויף דער וועלט א יידישער קאָפּ — דער האָט אויף א ווײַלע נישט אויפגעהערט צו אַרבעטן, לאָזט מען אים נישט אויף דער ערד, קריכט ער אין הימל אַריין, ענגבערט ער אין די גלגלים, פירט ער וויכוחים מיט דער פּמליא של מעלה —

דער אַרבעט אין שלאָף מיט די פרייסטע חלומות; אין עבודת פּרך מיט משיח־געדאַנקען, — אין גיהנום אַרבעט ער, און באַשאַפט מלאכי־רחמים, וואָס טרוקענען אים דעם שטערן מיט ווייסע פליגל אין גאָטס טרערן־בעכער פון פאַרן כיסא הכבוד גענעצט...

דרייט זיך אַרום איבער דער וועלט דער יידישער, גרויס־געוואַקסענער אויס־און איבערגעוואַקסענער יידישער קאָפּ, מיט גרויסע אויגן, דאַרע באַקן און אויף א קליין געשטעל, אויף א גוף, כמעט אָן הענט...

פיס — צו דערליידן; דער קאָפּ האַלט אין איין לויפעניש, נאָר אַרבעט פאַר הענט איז שוין לאַנג, לאַנג נישט געווען; איינגעשרומפּן געוואָרן, קוים מיטן אויג צו דערזען; פאַרגרעסער־גלעזער געווונטשן...

דרייט זיך אַרום אזא קאָפּ און וואַרפט אָן אימה אויף מענטשן מיט קליינע קעפּ, נאָר געשטעלן — פעסטע און הענט, ווי קלעצער...

— גאָט ווייסט, וואָס פאַר א שלעכטס דער קאָפּ טראַכט אויס אויף אונדז!

— גאָט ווייסט, וואָס פאַר אַן עין־הרע עס קוקט פון די גרויסע אויגן אַרויס!

— וואָס ריידן די פרעמדע ליפּן, צי שעלטן זיי נישט?

און מען מיידט דעם קאָפּ, מיט שרעק און מיט עקל מיידט מען דאָס מיסגעבורט, דאָס אומגעהייער פון קאָפּ...

און טרעפט מען אים איבערגעוואַלט, צופעליק אָדער נויטווענדיק, שטרעקט זיך גאַנץ אָפּט אויס א שווערע האַנט און דערלאַנגט אין באַק...

והידים ידי עשיו... אַן אַלטער פּסוק און אַן אמת ביזן היינטיקן טאָג.

שווייגט דער קאָפּ, מיט פאַרביסענע ליפּן, טרוקענע אויגן, — איז עס פאַטאַליזם, אויך א וועלט־אָנשויאונג... צום פאַרשטיינערט ווערן...

באַווייזן זיך טרערן אין אויג, רייסט זיך אויס א קרעכץ פון מויל — איז עס מענטשלעך...

באַווייזט זיך אין די אויגן האַס, וואַרפט אַרויס דאָס פאַרשווימטע מויל א פלוך, א שטאַרק וואָרט, א ביאַליק־וואָרט, פאַרבויגן די קליינע הענטלעך נאָך קלענערע פויסטלעך — צום דערליידן; א מענטשלעך גע־בליט, עס קאָכט אויף...

חלומט דער קאָפּ פון הענט־פויסטן־און נעגל־רענעסאַנס — איינס פון די הונדערטער געשטאַלטן פון די האַרציקסטע משיח־חלומות.

נישט דער שענסטער, נישט דער בעסטער — דאָך א חלום, און מיר זענען דאָך דערווייל דאָס איינציקע פאָלק, וואָס שפּייזט זיך מיט חלומות... דער איינציקער מן, פון הימל פאַר אונדז אין מידבר געוואָרפן. א שפע פון חלומות...

קאָמיש אָבער, איר הערט? קאָמיש ווערט דער קאָפּ, דער גרויסער קאָפּ, ווען ער שפּרינגט אויף א פרעמדן אַקסל אַרויף און באַפעלט פרעמדע הענט, זיי זאָלן זיך פאַר אים נוקם זיין...

אין ערשטן אויגנבליק הייבט זיך אויף די האַנט: פון קאָפּ א באַפעל! און לאָזט זיך באַלד אַראָפּ: פון פרעמדן קאָפּ א באַפעל!

און הייבט זיך די האַנט נאָכאַמאָל אויף, איז עס — דעם פרעמדן גרויסן קאָפּ פון אַקסל אַראָפּצוואַרפן... געגנוג דער אייגענער, ווי קליין ער זאָל נישט זיין...

שפּילט קיין פאַרס נישט, רבותים!

שרעקט נישט דעם אָדון דמאָווסקי מיט מיליוקאָווס הענט...

„והידים ידי עשיו" — אַן אַלטער פּסוק און — אַן אמת ביז היינ־טיקן טאָג...

---

# געדאַנקען אין דער וועלט אַריין

„אל תקרי בניך אלא בוניך"; זאָג נישט: דיינע; זאָג: דיינע בויער... אַלע בויען!

געדענקט איר פון חדר? פאראן ראובן, שמעון, לווי... צום ענין דאַרף איך דערווייל נישט מער.

זענען ראובן, שמעון און לווי מענטשן, קלערן זיי, מענטשן צוגלייך, וועגן א תכלית. רעגן, שניי און געוויטער, און מען האָט נישט, ווו דעם קאָפּ אנידערצעלייגן, מוז מען בויען א הויז. און אַז בויען — א גרויס הויז, זאָל שוין זיין הכנסה אויך. מיר, מיט אונדזערע לאָקאַטאָרן וועלן מיר זיך בעסער באַגיין...

ראובן איז דער בכור, שטעלט ער זיך דער ערשטער בויען, א פּלאַן צו מאַכן איז קיין צייט נישטאָ: די האָר ברענען אויפן קאָפּ, וועגן גאַנצן הויז קלערט ער נישט. איינציקווייז, שטיקלעכווייז. אַ שטיקעלע בנין, א שטיקעלע און נאָך א שטיקעלע — עס וואַקסט די מויער, אין דער ברייט, אין דער לענג — געוואַקסן די צאָל פון חדרים, שוין באַלד ביים דאַך. נאָר אַט וואָס פארגעסן: נישט געלאָזט קיין לעכער פאר טיר און פענצטער, נישט געבליבן קיין שטייגן פאר טרעפּ... ראַש, ראַש! העק און קילאָפּן! שלאָגט אין די מויער, רייסט איין לעכער, שטייגן געמאַכט...

וואָס קנאַקט? די מויער פאַלט איין.. נישט אויסגעהאַלטן...

האָט דאָס שמעון געזען און מוסר גענומען, און א פּלאַן געמאַכט, פון גאַנצן הויז אַ קלאָרן באַגריף, ער ווייסט, ווו טירן וועלן זיין, ווו פענצטער, ווו טרעפּ, אַפילו ווו אויוון וועלן שטיין... נאָר צופיל צייט אויף טראַכטן און צייכענען פארלאָרן, דער ווינטער גייט! טאָר מען שוין נישט לאָזן אין דער לאַנגער באַנק — מוז דאָס הויז געבויט ווערן מיטאַמאָל! אויפן פּלאַץ געוואָרפן ס'גאַנצע מאַטעריאַל פון שטיין און קאַכל; פון האָלץ, אייזן און אַנדער מעטאַל... מיטאַמאָל געאַרבעט אויף יעדן צאָל, אויף יעדן שטאָק, דאַך און קעלער, טרעפּ, ווענט און אויוון — שוין מוז עס זיין!

שדים צו דער אַרבעט קומען נישט, שרעטעלעך העלפן נישט — און

מענטשן שטערן איינער דעם צווייטן. שטערט דער מויערער דעם דאך־באשלעגער,ביידע דעם סטאָליאר — קריגט מען זיך, בלייבט די ארבעט שטיין, פוילן די ברעטער אונטער די ציגל, ווערט פאַראַסט דאָס אייזן־און מעטאלוואַרג אונטער ציגל און ברעטער — און די בויער רייסן זיך ביי די האָר! שטייט שמעון און ברעכט די הענט, און פאַרשעלט זיין מזל: עס רירט זיך די ארבעט נישט!... די ציגל הייבן זיך שוין אָן צו צעפאַלן, און דער ווינטער גייט, דער ווינטער גייט!...

לווי איז דער קלוגסטער; ער ווייסט: מען דאַרף פריער א פּלאַן, דער־נאָך אַרבעטן לויט א סדר, איינצעקווייז — האָט ער אָבער נישט קיין מאַטעריאַל...

ראובן, שמעון און לווי... וועט קיינער מער נישט קומען?
יעקב האָט דאָך אַזוי פיל זין געהאַט...

2.

# פונדאַמענט און דאַך

און ווילט איר זען, ווי אַזוי עס ווערט געבויט פונדאַמענט און דאַך צוזאַמען, באַטראַכט אונדזערע „קונסט־אינסטיטוטן!” נאָר איילט אייך צו, זיי גייען אונטער! ווי שוואַמען האָבן זיי אויסגעשפּראָצט נאָכן רעגן, ווי פליגן פאַלן זיי איבערן טאָג.

קונסט איז א שטאָק־ווערק, דער פונדאַמענט איז — דאָס פּרימיטיווע אינעם פאָלק, זיין וויץ, זיין מעשהלע, זיין לידל. דאכט זיך קלאָר, וואָס מען דאַרף צו טון? זאַמלט, פאַרצייכנט, פאַרשרייבט; קומט אייך צוזאַמען און לערנט איין לעזן, זינגט אייך צוזאַמען, דעקלאַמירט, ווילט אייך, באַ־שאַפט די אַטמאָספערע פאַר עפּעס קינסטלערישעס... דער זשעני וועט שפּעטער קומען און שאַפן!

דאָס איז אָבער נאָר פונדאַמענט, דאָס קען טון א דייטש, א פראַנצויז, אַן ענגלענדער, אָבער נישט קיין ייד. קונסט־טעמפּלען מוזן ווערן געבויט, און פונדאַמענט און דאַך צוזאַמען, און איבעראַל, בכל תפוצות ישראל — דערהערט זיך מיטאַמאָל א שאַלן אין דער יידישער מחנה: שטייט אויף, שטייט אויף לעבודת הבורא, אויפלעבן די יידישע קונסט! קלינגט עס אָפּ אין יידישן האַרץ, ווי דער שופר של משיח, לייגט דער שוסטער אוועק זיין אָל, דער שניידער דאָס פּרעס־אייזן, דער ישיבה־בחור די גמרא און מען שווענקט די העלדזער אויף קאָנצערטן, אויף אָראַטאָריומס... קומען צו

הילף נאָר די ארויסגעשטויסענע פון יענער זייט און העלפן צו — בראוואָ, עס לעבט די יידישע קונסט! צוריקגעקומענע אָפּפּערן זיך פאר איר! הערט, ווי זיי טראָמפּייטערן דאָס אלמנהשע וויג־ליד, עס קאָן אויפוועקן טויטע, הערט, ווי זיי פּויקן אויס דאָס חסידישע הארץ־רייסעניש — עס הילכט... און דער דייטשער אָרגל־הללויה! הורא! אַלץ כמינהג אייראָפּע, דאָס יידישע ליד אין פראק מיט ווייסע האנטשו!

און איישישאָקער בחורים שטייען אויך נישט פון וויטן — לאָזט מען זיך וואקסן נעגל און האָר, טרינקט מען עסיק — מאָגער צו ווערן, ווינקט מען גאנצע נעכט צו דער לבנה און — יעדן טאָג ווערט געבוירן א נייַ שטימונגס־ליד, אן „אָך"־און „אך"־דראמע און די קונסט־חברה זינגט און שטעלט — און אין יעדן כרך, און אין יעדן ק"ק געפינען זיך שוין שותפים למעשה־בראשית, צו דער שעפונג פון יידישער קונסט — ביז, ביז עס ווערט לאנגווייליק, נאריש אויפן הארצן, ביז מען כאפּט זיך אויף מיט א גענעץ פון א נארישן חלום — אוים! איינגעפאלן א חברה... ברוך דיין אמת...

אָט איז אויך געבויט געוואָרן דאָס יידישע טעאַטער...

ביים פונדאמענט האָט געארבעט גאָלדפאדן, ציגל געלייגט: דאָס הארציק יידישע לידל, דאָס שפּיציק־יידישע ווערטל, בענקשאפט, בארעמהארציקייט — און אַלץ נאיוו, פאָלקסטימלעך — אָבער ווי קאָן זיין אָן א דאך? שפּרינגט באלד ארויס גאָרדין, דעקט דאָס הויז מיט גרייטע דראמען! דאָס פאָלק און זיין לעבן האָבן נאָך דאָס מאַטעריאל נישט געגעבן, — אויף וואָס אָבער האָט א מענטש הענט? צום נעמען! — און די וועלט איז אזוי גרויס, אזוי רייך — פאראן א שעקספּיר, פאראן אַנדערע, און עס גייט א פּריקאָז: יענטע, ווער אויס שלימעזאלניצע און שעכט דיין מאן! דוואָשע, איי דוואָשע, נעם דעם שטעקן אין האנט אריין, מאך א מינע און ווער קעניג ליר! יואל, חיים, שמערל, העלדן ווערט! מאַכט דעם גרויסן זשעסט, דארף מען, — שעכט, טרינקט סם! און קלאפּט מיט ווערטער, ווי מיט האמערן און דערביי, מהיכא־תיתי, א לידל אויך א טענצל אויך, א שנאפּס אוודאי!

און קומט דער ייד, דער יונגער ייד איבערהויפּט, אין טעאַטער אריין, — געלויבט זיין ליבער נאָמען — אן אויפלעבעניש פון יידישן פאָלק, אויפגעשטאנען תחית־המתים די כנסת־ישראל — א יידיש טעאַטער!

נאָר ארויס גייט ער, דער יונגער ייד, עפּעס קאַלט! עפּעס איז אים גאָרנישט צוגעקומען צום הארץ, עפּעס איז גאָרנישט אריין אינעם געהירן;

עפּעס איז ער געבליבן אזוי גלייכגילטיק, אזוי נישט אויפגעלעבט, אזוי ווי פריער — פאַרוואָס?

ער קאָן זיך אפשר אויף קלאָר נישט ענטפערן. ער שטעלט זיך אפשר אויף קלאָר די גאנצע פראגע נישט, ער ווייסט אפשר גאָרנישט, אז עס דאַרף אנדערש זיין. נאָר וויסנדיק צי ניין, אין הארצן טיף פילט ער, אז עס איז שקר! אז עס איז שפּינוועבס, און אז אלץ איז אים פרעמד, אומגעהייער און אומעגלעך פרעמד, יעדעס וואָרט, יעדער זשעסט, יעדע באַוועגונג און אזוי דער גרים, ווי דער אקטער... א מערכה — דאָס לידל, א מערכה דאָס פּעטע ווערטל, א מערכה דאָס טענצל, אנישט וואָלט לאנגווייליק געווען צום שטאַרבן. גויים אין קאַפּאָטעס, גויעס ריידן יידיש. ווילד־פרעמדע געדאנקען און געפילן און פאַרוויקלונגען, און קוים קאָן ער, אנטלויפט ער צום אמת — צום ווירקלעכן גויאישן טעאַטער, וווּ יעדעס וואָרט האָט זיין ווירקלעכע באַדייטונג, יעדער זשעסט איז נאַטירלעך און וואָר, ווו די, וואָס באַוועגן זיך אויף דער בינע, זענען לעבעדיקע מענטשן, נישט שפּרעכנדיקע מאנעקענען, און אין די אָדערן רינט ביי זיי בלוט, נישט וואסער געפאַרבטע, ווו מען וויינט, — ווייל עס טוט וויי, און מען לאַכט, ווען עס איז ווירקלעך פריילעך! און דאָרט וועט ער נישט פאַרלאַנגען א טענצל אינמיטן דערינען און נישט קיין ליד קיין פּעטס, — באַליידיקט און געקרענקט וואָלט עס אים, א חילול־הקודש וואָלט עס אין זיינע אויגן געווען. עס איז דאָך טעאַטער — אן אמת טעאַטער! און גייט ער אהין, בלייבט ער דאָרט, און דאָס יידישע טעאַטער פאַלט און פאַלט...

און איז דען אנדערש אין דער ליטעראַטור?

שרייבט נישט א 13־יעריקער בחור ליבע און שפּפּונגס־לידער צו־זאַמען? פילאָזאָפירט דען נישט א קינד אין וויג און גאנץ אָפּט אויף רעגאַל־פּאַפּיר?

אָבער נישט דאָס איז דער עיקר.

מיר האַלטן ערשט ביי דער קעלער־ארבעט. אין יאָר 1890 איז קוים געווען דער פונדאַמענט. א הייפל מענטשן האָבן זיך צו אים געשטעלט. נישט אָפּגערעדט צווישן זיך. איינער האָט דעם צווייטן נישט געקענט. קיינער האָט נאָך קיינעם נישט גערופן. יעדערער איז פון זיך געקומען, זיך אין זיין ווינקל צו דער ארבעט געשטעלט. ערשט ביי דער ארבעט — איינער דעם צווייטן דערזען, פאַרגעשטעלט זיך, די האַנט דערלאַנגט און אָפּט — זיך אומגעקערט... ווער מייסטער און ווער געהילף? ווער רבי און ווער תלמיד? ווו איז די שול? ווער שטאַמט פון וועמען, אפשר שלום־עליכם

פון מענדעלען — אפשר! און פּלוצלינג, אינמיטן דער פונדאמענט־ארבעט — א דאך איבערן קאָפּ! די „געשיכטע פון דער יידישער ליטעראַטור ביז 1890".

איינגאַנצן, גאָט זיי דאַנק, אַ בר־מינן; ביי קיינעם פון לעבעדיקע איז 1890 די פעדער פון האַנט נישט ארויסגעפאַלן — און ג ע ש י כ ט ע !

א שטודיום וואָלט געגוג געווען — געשיכטע, אַ גאַנצער דאך!... און ווי געשווינד געמאַכט? קיינער האָט זיין ארבעט נאָך נישט אונטערגע־שטראָכן — און ג א נ צ ע פּאָרטרעטן! יעדערער געמאָלט צו געצייכנט ביזן גאַרטל, קיינער צום האַרץ, ביפּרט צום קאָפּ נישט דערלאַנגט...

3.

# ווינקל־בויערײ

א וועלט־פאָלק געוואָרן, א וועלט מיט בלוט באַפּרוכפּערט, אומעטום אייגענע בית־עלמינס, אומעטום קברים פון אומגעקומענע אויף קידוש־השם, און געארבעט ווערט אין ווינקעלעך, אין יעדן לאַנד באַזונדער, אויף יעדן שטיקל ערד באַזונדער און יעדערער פאַר זיך, לויט זיין שטיקעלע יידישקייט, לויט דעם טראָפּן שכינה, וואָס האָט פאַרנומען זיין פויגל־נעהירן — —

ווו איז די אַלגעמיין ־ יידישע פאָלקס־אידייע?

ווער ארבעט אין נאָמען פון א יידישער וועלט־אַנשויאונג?

בויט דער אסימילאַטאָר אין זיין ווינקעלע און לייגט די פונדאמענטן פון זיין גליק אויף פרעמד לייטזעליקייט, אויף א שאָטן פון א שמייכל אויף א פרעמד פּנים, און וווּנדערט זיך, וואָס פון זיינע נעכטיקע פּאַלאַצן זענען היינטיקע חורבות געוואָרן! לייגט ער זיינע יונגע אין פרעמדע נעסטן אריין, האָפנדיק, אז פרעמדע וועלן זיי פאַר אייגענע האַלטן און וואַרעמען, און שפּייזן און לערנען פליען און מיטנעמען מיט זיך אין דער פרייער וועלט אריין, און ווונדערט זיך, אז די עופעלעך, קוים האָבן זיי פעדערן, אייגענע פעדערן באַקומען, זענען דערקענט און פון נעסט ארויסגעשטויסן געוואָרן...

בויט דער פרומער ייד אין זיין ווינקעלע אויף גאָטס גענאָד און בויט נישט, נאָר צוימט. איז דאָס יידישע הויז ביי אים אן אַלטע חורבה געוואָרן, נאָר אַ הייליקע, צו וועלכער ער מיט זיינע מענטשלעכע הענט טאָר זיך נישט צורירן, אפילו קיין פענצטער עפענען, קיין שטויב נישט אָפּרייניקן און איז נאָר מיטן צוימען פאַרנומען...

וויינט ער נישט אין יידיש הויז, לעבן לעבט ער אין דרויסן, ארבעטן ארבעט ער ביי דער צוים, און וואונדערט זיך, אז זיינע לייכט־פּיסיקע קינדער, נישט האָבנדיק קיין אייגן הויז צום ל ע ב ן , שפּרינגען איבער דער צוים אין הפקר־וועלט אריין און פארשווינדן ערגעץ אין דער ווייט, — וויינט ער און זעצט זיך נאָך זיי שבעה...

און דאָס אזוי גערופענע „לינקע" בויט פאר זיך... ציטערט ווי א שד פאר א מזוזה, ווען מען דערמאָנט אָן כלל־ישראל, פאלט אין זיבעטן שוויים אריין פאר כלל־ישראל־פּאָליטיק, און גלאָצט מיט אויגן אין דער צוקונפט אריין, אָפּוואַרטנדיק א ספּעציעלן פּראָלעטאריער משיח — —

נאָר ז יי ווערן אויסגעלייזט, די רעשט ווארפט ער פאר די כלבים...

די רעשט ווארפט אויף פרעמדע הענט אויך דער ציוניסט, אויך דער טעריטאָריאליסט און אויך דער העברעאיש־ריידער...

יעדערער האָט זיך פארנומען אין זיין ווינקעלע אריין, זיין ירושלים, זיין מזבח און זיין פאָלק און די רעשט מפקיר געווען...

ארבעט יעדערער פאר זיך, בלינד פאר אנדערע און קומט אים יענער צו נאָענט, שטויסט מען זיך אָפּ מיט עלנבויגן: איינער שטערט דעם צווייטן...

אין דער וועלט־פריזמע אָנגעשלאָגן, האָט זיך די יידישע וועלט־נשמה אויף איינצעלנע, איינציק־פארביקע שטראַלן, מיט שאָטן צווישן שטראַל און שטראַל צעשפּאָלטן... זעען שלעכטע אויגן נאָר די שאָטן און זאפּן זיי איין, ווערט די נשמה איינגעהילט אין חושך, אין מרה־שחורה פארוויקלט... זעען בעסערע אויגן א שטראַל, זעען זיי נאָר איינעם! אויף די רעשט — פארבן־בלינד...

און קיינמאָל האָט דאָס בלוטנדיקע יידישע הארץ נישט אזוי גע־בענקט צום נביא, ווי היינט. צום נביא, וואָס זאָל זיך שטעלן אויפן שפּיץ פון העכסטן בארג, די וו ע ל ט זען און די יידישע וועלט־נשמה אין איר אנטפּלעקן; וואָס זאָל צו די בויער רופן אין נאָמען פון דער יידיש פאר־שטאנען און געפילטער וועלט און זאָל יעדן אויסטיילן זיין ארבעט פון א ל ג ע מ י י נ ע ם , פ ו ן ד ע ר י י ד י ש ע ר ו ו ע ל ט ־ נ ש מ ה א ר ו י ס , י ע ד ן פ א ר ז י י ן ו ו י נ ק ע ל ע , פ א ר ז י י נ ע ה ע נ ט , ל ו י ט ז י י נ ע כ ו ח ו ת א ו ן י ע ד ן א ָ נ ו ו י י ז ן ז י י ן ב ו י ־ מ א ט ע ר י א ל . . .

— וועט ער קומען? קומט ער, וועט מען אים הערן? און אויסגעהערט — וועט מען אים גלויבן?

# איך זאָג מיך אָפּ

ז ניסעלאָוויטש האָט אוועקגעוואָרפן דאָס געווער און אָנגעהויבן שרייבן ווייענדיקע תחינות, לייג איך אוועק מיין יצר־הרע אויף קרוינפּוילן און זאָג מיך אָפּ לטובת הפּריץ דמאָווסקי פון ציוניסטיש, אַלאַ גרינבוים פאַרשטאַנענעם „פּאָטערלאַנד"...

איך מוז מיך, דאָס זע איך שוין איין באַשיינפּערלעך, מיטן פּריץ דמאָווסקי צעשיידן...

כל־זמן עס איז נישט געווען ג אָ ר נ י ש ט , קיין ברעקל פּאָטערלענדיש עולם־הזה, קיין ביין אָפּצולעקן, נאָר דמיונות, חלומות, האָפּענונגען און רייד, האָב איך מיטן פּריץ דמאָווסקי, אָבוואָל מיר האָבן צוזאמען קיין חזירים נישט געפּאשעט, א שייכות געהאט: איך האָב געחלומט, ער — געחלומט, איך האָב געהאט דמיונות, ער — אויך נישט מער. און גערעדט, כל זמן מען האָט געמעגט, אָדער עס האָט זיך געדאכט, אז מען מעג, — האָבן מיר אויך ביידע, אמאָל אפילו צוזאמען, אין איין „פילהארמאָניע"...

איך בין אפילו אין דער ארבעט א גרעסערער שותּף געווען... חלומען, האָפן, לאָזן אויפשפּילן דימיונות — דאָס איז, פון קדמונים אָן, מיין זאך, מיין ספּעציאַליטעט; און מיינע חלומות טראָגן ווייטער; דער פּאַן דמאָווסקי האָט געסאָפּעט און קוים זיך נאָכגעשלעפּט...

און האָפן, חלומען, ביכלל אין אידעאלן, איז קיין קינאה־שינאה נישט פאראן... עס איז נישט קיין רעאל־פארמעגן, עס האָט נישט קיין גלאַנץ פון ממשלה און נישט קיין קלאנג פון געלט... מען קאָן דאָ נישט געבן און נישט נעמען קיין שוחד. און עס האָט קיין ממשות נישט, אין קעשענע אריינצעלייגן, אין שאפע צו באַהאלטן, אונטער שלאָס און ריגל צו פארמאכן און זאָגן: דאָס איז מיין! — חלומות זענען הפקר!

מיר זענען אין מידבר געווען און די מענטשלעכסטע געזעצן פאַרן לאַנד, וואָס מען וועט באַקומען, געחלומט...

האָט מען אָבער צווישן די הונגעריקע, אָנשטאָט מן פון הימל, אָנ־שטאָט מן, וואָס פאַלט יעדן טאָג פריש און גענוג פאַר אַלע, פון פּעטער־בורג א ביין געוואָרפן — די שטאָט־דומע, איז אויס שותפות!

דאָס פאָטערלאַנד איז נישט מיין!

דאָס איז א ווירטשאַפט איבער הכנסות פון שטעט און שטעטלעך, טענהט שוין דער פּריץ „כולו שלי” און ראַטעוועט זיין פאָטערלאַנד.

אמת, די שטעט און שטעטלעך האָב איך, כמעט איך אליין געבויט, דריי פערטל הכנסות וועלן זיין פון מיין קעשענע, אָבער ווירטשאַפט — דאָס דירט שוין אָן מיט פאָטערלאַנד און דאָס פאָטערלאַנד, אזוי ווי עס איז היינט, האָט דער פּריץ באַשאַפן...

איך האָב געבראַכט די מ ט ב ע , איך האָב געגעבן די מ ל א כ ה, איך האָב איינגעפירט און פיר דעם האַנדל, אָבער דאָס איז נישט פאָ־טערלאַנד...

מיין בלוט האָט זיך דאָ נעגאָסן, ווי וואַסער, אָבער ווו גיסט זיך נ י ש ט מיין ב ל ו ט? און צוליב וואָס האָט זיך עס, אומשטיינס געזאָגט, גענאָסן? צוליב עפּעס א גאָט, א חלום, א פּזמון, אָבער נישט צוליב „פאָטערלאַנד” — אויף דעם האָט ריין־פּריציש בלוט גערונען... ווי קום איך צו פאָטערלאַנד?

נישט איך האָב פּוילן, צוליב אינטריגן און פאַמילען־געשעפטן גע־טיילט, נישט איך האָב פאַר דער פּוילישער קרוין פרעמדע קעפּ אראָפּגע־ברענגט... נישט איך האָב געברענגט מאָדן און ציוויל־רעכט פון פּאַריז, נישט איך — רעליגיאָן און יעזואיטן פון רוים, נישט איך האָב געוואַרט מיט דער באַפרייאונג פון פויער, ביז זי וועט קומען פון פּעטערבורג...

פּריץ־לעב, די קולטור, ווי ד א ס פאָטערלאַנד, זענען ד יי ן! און איז עס דיין און מען האָט דיר א ביין געוואָרפן, קנאַק! קומט צו א יידל — ברום! ברומען קאָנסטו נאָך...

מיין איינציקע טרייסט איז, אז אין ד ע ם פּוילן, וואָס איז ד יי ן, האָט, אויסער מיר, וואָס אַרבעט און האַנדלט אין שטאָט, אויך דער פּויער, וואָס אַקערט און זייט דאָס פעלד אין דאָרף, אויך קיין חלק נישט! וואָס אין ד ע ר קולטור, וואָס דו באַשאַפסט מיט פרעמדע וועלט־אָנשויאונגען און געזעצן, האָבן, אויסער מיר, קיין חלק נישט אויך די אַלע, וואָס פילן און דענקען מ ע נ ט ש ל ע ך , נישט פּריציש —

איך ווייס אויך, אז אין דעם פּוילן, וואָס וועט קומען, וועל איך יאָ א חלק האָבן. דער מענטשלעך־דענקענדיקער מענטש, דער פּויער און איך... אָבער אויפן חשבון פון דעם, וואָס וועט זיין מ אָ ר ג ן , קאָן מען ה יי נ ט קיין ביין נישט אָפּלעקן...

נישט אזוי, פּריץ־לעב?!

— — — — — — — — — — — — — — — — —

אזוינע צייטן שוין: ניסעלאָוויטש שרייבט תחינות און איך — אבדיקיר! מען האָט דיר געוואָרפן א ביין — קנאַק!

———

# וואָס פעלט אונדזער ליטעראַטור?

.1



ו אלעם ערשטן — ט ר א ד י צ י ע.

דער אָרטאָדאָקסער מאַטעריאַליסט שמייכלט: זאָל ער.

דער אייזצאַפּן פילט נישט, אז ער אליין צעגייט און זוכט נייע סימבאָלן, נייע ימים־טובים. פּאַרטיי־פּאָליטיק. נאָר זוכן זוכט ער; ער צעגייט.

„קונסט", — ווי פרעמד, ווי ווידערווערטיק עס איז מיר דאָס וואָרט אויף יידיש, מוז איך עס דאָך, נישט האָבנדיק קיין אַנדערס, באַנוצן — קונסט איז די נשמה פון פאָלק, די נאַציאָנאַלע פּערזענלעכקייט. די מענטשלעכע קונסט וועט ערשט באַשאַפן ווערן מיט דער מענטשהייט צוזאמען; דערווייל עקזיסטירט זי נישט. און די פּערזענלעכקייט, די נשמה פון פאָלק, ווערט באַשטימט דורך טראַדיציע.

גייט מיט א ליכט און זוכט אין אונדזער ליטעראַטור טראַדיציע; איר וועט נישט געפינען. איר הערט אין ערגעץ נישט דעם אָפּקלאַנג פון די קולות אויפן בארג סיני, איר זעט נישט דעם אָפּגלאַנץ פון דער שכינה איבער די כרובים, פּאַרשטומט איז דאָס פּראָפעטיש וואָרט. דער רענעסאַנס איז קוים דערגאַנגען צו ר' נחמן בראַסלעווער...

„אריינטראָגן די אַלטע אוצרות אין נייעם געפעס", „איבערזעצן אַלע אַלטע קולטור־ווערטן", „איבערדיכטן (ווי איינער האָט געוואָלט) די ביבל" — דאָס זענען טשערנאָוויצער קלינג־ווערטער געווען. די ווירקלעכקייט: נישט קלוג געווײלטע און שלעכט איבערזעצטע אייראָפּעאישע ליטעראַטור.

טראַגי־קאָמיש: אַן אַלטער, גרייז־גרויער מאַן גייט צו קינדער אין חדר אריין לערנען.

אַן אַלט, דאָס עלטסטע פאָלק און א יונגע, די יינגסטע ליטעראַטור!

ווער ביסטו, יונג־יידישער שרייבער?

אַ קינד אַן אַ טאַטן, אַ קינד אָן אַ מאַמען; מאָרגן — אַן עיברי.

נישט נאָר אויף יידיש, י י ד י ש מוז געשאַפן ווערן; דערצו פעלט די טראַדיציע.

אַלץ וועט איר געפינען: דעם „ביט" אין שטיוול מיט קאַלאָשן, דעם קרענקלעך־קלוגן בליק אויפן לעבן פון דער זייט (איך מיש מיך נישט, איך בין צו קלוג! —) אַלאַ טשעכאָוו, אַ שלעכט פאַרדייטן, רוסיש איבערזעצטן מאָפּאַסאַן, אַ קאַריקאַטור פון טאַלאַנטלאָזן סאַנין, וואָס איר ווילט...

ווו איז דער יידישער געדאַנק? די שכינה? איז פאַראַן אַ פאָלק, וואָס טויזנט זיינע שפּראַכן, אַ וואַנדער־פאָלק אָן געשטיצטע גרענעצן, אָן אַן אייגענער עקאָנאָמישער סטרוקטור, און דאָס פאָלק לעבט, לייַדט און גייט נישט אונטער; שוואַך און ווערט באַקעמפט פון די מעכטיקסטע און שטאַרקסטע און גיט זיך נישט אונטער, — מוז אַזאַ פאָלק אַנדערש זען, אַנדערש פילן, אַן אַנדער וועלט־אַנשויאונג האָבן, אַן אַנדער פאָרשטעלונג וועגן דער צוקונפט פון וועלט, לעבן און מענטש, — שפּיגלט זיך עס אָפּ אין אונדזער ליטעראַטור?

זעט ווער מיט יידישע אויגן, פילט ווער מיט אַ יידיש האַרץ, קלינגט ערגעץ ווו דאָס יידישע נשמה־וואָרט?

נאָך קישינעוו האָט דער העברעאישער ביאַליק דערקלערט דעם יידישן גאָט אַלס באַנקראָט. די י י ד י ש ע ליטעראַטן האָבן קיינמאָל קיין גאָט נישט געהאַט... מאַנכע האַלטן אין איין געטער זוכן...

קומען מענטשן (מערצאָל, נישט ווייניקער אַלס צוויי) פון בערלין... אין בערלין געווען, דעם שטיינערנעם ביסמאַרק מיט בלעכענע שטיוול געזען, די זיגעס־אַלייע פּאַסירט — מאַרמאָרענע גראַפן און מאַרקגראַפן... אָנגעזאַפּט די שוואַרצאַפּל מיט דער פּראַכט פון ווייכע און גאָלד באַשלאָגענע הויף־קאַרעטן, און אַרויפגעוועקסטע קייזער־וואָנצן און באַגייסטערט פון דער קראַפט, וואָס שלאָגט פון פּאָליציאַנט און ביר־יונקער — קומען די לייט אין אונדזער געטאָ אַריין און פרעגן אויף אייראָפּע...

נישט אייראָפּע פעלט אונדז... י י ד י ש פעלט, ע י ב ר י פעלט...

## 2.

י ו נ ג איז אונדזער ליטעראַטור; גאַנץ אָפּט ק י נ ד י ש . . .

יונגע קינדער האָבן גרימאַסן; רופן רופט מען עס: שטימונגען...

„קינדער פּלאַפּלען", זאָגט שלום־עליכם אַ יידענע, ווערט אַ גאָט־זוכעניש!

אין כעלם נארן יינגלעך די לבנה אין פעסלעך וואסער אריין: מעשה־בראשית, מעשה־מרכבה, דער קדמון...

די יונגעלייט האָבן טאלאנט, עס פעלט זיי אָבער די מאָס פון דער אייגענער און פרעמדער קראפט; פון נאָענט און ווייט, פלאך און טיף... און לייכטזיניק זענען קינדער און שפילן זיך מיט פייער... און ב י י ם פ ר ע מ ד ן פ י י ע ר ווערן נשמות פ א ר ב ר ע נ ט...

קינדער, זיך אליין געלאָזט, נישטערן ביי די עלטערע אין שענק און קאָמאָדן, און קליידן זיך איבער פאר עלטערע, און לויפן אין גאס אריין פאראדירן. גייט דעם טאטנס היטל איבער די אויערן, שווימען די פאָלעס אין בלאָטע, קומט ארויס א קליין מיידעלע אין דער מאמעס שייטל, אין דער עלטסטער שוועסטערס קלייד, אין דער כלה־שוועסטערס צירונג... ווערט א קינדעריש פורים־שפיל אינמיטן דער וואָך...

אונדזערע ק י נ ד ע ר ־ י ת ו מ י ם טוען עס מיט פ ר ע מ ד ע, ע ל ט ע ר ע זאכן: דאָס פלאגיאט...

און דאָס אָריגינעלע?

אן אלט פאָלק, א גלאנץ־שטראלנדיקע פארגאנגענהייט, א בלוטיקער לאנגער מארטירער־וועג צון א פראָפעטיש געחלומטער צוקונפט... און דער „ביט" שפיגלט אָפּ א היינטיקן בליץ־מאָמענט (די סקיצע). די גרימאסע: דער גלי־ווערעמלעך־טאנץ — די שטימונגען.

א צעזייט און צעשפרייט פאָלק, א וואנדער־פאָלק, א וועלט־פאָלק, און אן אייביק פאָלק, און א מאָמענט־אויפנאמס־ליטעראטור, וואָס קען פון וואָלינער, ליטווער און פוילישן קליינשטעטל בשום אויפן נישט ארויס... און וויל דער אינדיק פון ארומגעדרייטן קרייז ארויס, הייבט ער אָן — ק ר י ס ט ל ע ן . . . אינעם מאָמענט און אינעם ת ה ו ם זעט זיך גאנץ ראשע אנטוויקלונג.

פון צאינה־וראינה און תחינות וואקסן ארויס אמ"דם מעשהלעך אין ווילנע... קומט מענדעלע אין אָדעס און גיט די יידישע נאָך נישט דיפע־רענצירטע מאסע, יידן און יידענעס מיט מארק, מרחץ, הקדש און שיל... באווייזט זיך דינעזאָן פון זאגער און ברענגט שטילע יונג־דראמען און קינדער־טראגעדיען פון יידישן הויז... דער קיעווער שלום־עליכם — דעם קאָמי־וואָיאזשער, דעם נאיוו־נאריש־איבערקלוגן פרנסה ־ זוכנדיקן אי־בערזידלער פון דער קליינער אין דער גרעסערער שטאָט אריין, און אנט־פלעקט טביה דעם מילכיקערס טראגי־קאָמעדיע... באלד קומט די רעוואָ־לוציע פון וואָיל־לערנער אין בית־המדרש... ווי דורך א געעפנטער טיר

רייסן זיך אריין די יינגערע מיט נייערע טעמאטן: איש גיט די ווייסל, דאָס קוילער־געסל, דעם עמיגראנט, דאָס הייזל, נאָמבערג — דעם צעבראָכענעם אינטעליגענט, וויסנבערג נישטערט אין שטעטל און זעט א טאטע מיט בנים אין פאַרשטאָט און זעט זאמדיקע פּלעצער, א וועלדל, וואסער און וואָלקן... נאָך יינגערע קומען מיט פארבן, ברענגען אריין דעם ים, זונען־אויף און אונטערגאנג, פּויערים, ציגיינער, גנבים... עס שיילן זיך אויס „צוויי וועלטן" — דער ראָמאן ווערט געבוירן; די דראמע איז שוין לאנג דאָ.

אָבער ווו זענען די ספרדישע יידן? ווו זענען די אמסטערדאמער בריליאנטן־שלייפער? ארגענטינער און פּאלעסטינער קאָלאָניסטן? וואָס מאַכט ראָטשילד אין פּאריז, לוצאטאָ אין רוים?

א וואנדער־פּאָלק און א ליטעראטור, ווי א ש ט י ע נ ד י ק וואסער.

ע ס פ ע ל ט ד ע ר ה ו י כ ע ר פּ ו נ ק ט, פון וועלכן דאָס אלץ זאָל געזען ווערן...

דער פּראָפעט ש ט י ט אויף דער הויך און זעט, ווי אים צו־פוסנס קוילערן זיך אויף און איבער לענדער און שטעט; מארשירן דורך ארמייען און פעלקער... מיר זעען אונדזער אייגענע נישט...

ער זעט די צוקונפט; מיר זעען דעם נאָענטסטן מאָרגן מיט קאדע־טישע אויגן אָדער אויף סאָציאל ־ דעמאָקראטישע ברילן...

### 3.

עס זאָל נישט קומען צו קיין מיספארשטענדעניש.

איך רייד נישט פון פארשליסן זיך אין א גייסטיקן געטאָ, מען זאָל א ר ו י ס פון געטאָ, נאָר מיט אייגענעם גייסט, מיט אָן אייגן גייסטיק פארמעגן און טויש: געבן און נעמען, נישט בעטלען.

געטאָ איז אימפּאָטענץ: קולטור קרייציקונג — די איינציקע מעג־לעכקייט פאר דער מענטשלעכער אנטוויקלונג. זאָל קומען דער מ ע נ ט ש מוז ער זיין דער סינטעז, דער סך־הכל, די קווינט־עסענץ פון אלע נאציאָ־נאלע קולטור־פאָרמען און וועלט ־ אָנשויאונגען.

„נעמען און זיך נישט פארלירן" — דאָס איז די הויפּט־זאך, און דאָס איז דאָס שווערסטע ביי שוואכע און נישט זעלבסטשטענדיקע פעלקער. פון יידישן שרייבער מוז מען דעריבער מ ע ר פארלאנגען. דאָ איז א יי ג נ א ר ט — ווירקלעכער כאראקטער, די אָריגינעלע פאָרעם — די העכסטע פאָרעם פון ווילנסקראפט!

און נישט דאָס געמאָלטע, געשניצטע, באַשריבענע... מוז זיין יידיש. מען דארף ארויס פון געטאָ און זען די וועלט, נאָר — מיט יידישע אויגן... יידיש מוז זיין דער שטאנדפונקט, פון וועלכן דאָס קינסטלער־פּראָבלעם ווערט *באַטראכט*; די עטיש־פילאָזאָפישע באַלויכטונג, ביי וועלכער די דערשיינונג ווערט געזען... קונסט איז *סוביעקטיוויטעט*; וויל מען יידישע קונסט, מוז מען האָבן דעם יידישן קינסטלער...

עס גייט דאָך אייך נישט אין דעם, דער הונט זאָל נישט הייסן, נישט כלב, נישט סאָבאקא, נישט פּיעס, נאָר דווקא „הונט" אין דער ליטע, און אין וואָלין און מדינת פּוילן „הינט"?

איך רייד נישט צו די, וואָס קעמפן פארן רעכט צו *אדרעסירן* אויף יידיש, *עדות* צו זאָגן פארן געריכט אויף יידיש, פארן רעכט זיך אויסצוטעלעהן אויף יידיש... צו די, וואָס באַנוגענען זיך מיט דער האָפענונג אויף גלייכבאַרעכטיקונג פון יידיש אויף דער פּאָסט, אין געריכט און אין דער זעלבסט־פארוואלטונג און ציטערן פארן וואָרט: „נשמה" און עס וואַרפט זיי אין זיבעטן שוויים דער „כלל ישראל"... איך רייד צו די, וואָס שטרייטן פארן קולטור־רעכט, פארן רעכט צו שאפן יידישע קולטור־ווערטן — דאָ העלפט שוין נישט קיין יידיש ריידן, מען מוז עפּעס זאָגן!

און האָט איר נישט *וואָס* צו זאָגן, מעגט איר ריידן יידיש פון וויג ביזן קבר און איבעראל: אינדערהיים, אין גאס, אין בית־המדרש בשעת קריאת התורה, אין פילהארמאָניע בשעתן קאָנצערט, אין גרויסן טעאטער אינמיטן דער אָפּער (דאָס העכסטע אידעאל!) דאָס, וואָס איר וועט זאָגן, וועט זיין גויאיש...

און דערצו — באנאל, נאָכגעמאַכט, טויט...

און דאָס איז די טראגי־קאָמעדיע.

מיר שטייען, ווי א מויער פאר יידיש! מוסר־נפש זענען מיר זיך פאר יידיש; אזוי קעגן דער אלטער, ווי קעגן אלע נייע פרעמדע שפּראך־פאָרמען, און פאר אונדז אין די אויגן ווערט אויסגעטריקנט דער יידישער *אינהאלט*, דער יידישער תוך; אויסגעלאָשן ווערט די יידישע *נשמה*, אָדער, ווי מען פלעגט זאָגן — „דאָס פּינטעלע ייד", מיר ווערן פארפלייצט פון פלאגיאטן, סוראָגאטן, געפעלשטע מארקן און געפעלשטע ווארן. און מען פרייט זיך; „גאנץ אייראָפּעאיש", זאָגט מען!

ווו איז דאָס אָריגינעלע, אייגנארטיקע — דאָס יידישע?

מיט א פרעמדער נשמה קאָן מען נישט לעבן. פון א פרעמדן ווילן

קאָן מען ווערן באַאיינפלוסט, זאָגאר סוגעסטיאָנירט — ל ע ב ן מיט א פרעמדן ווילן קאָן מען נישט.

דעריבער ווערט ביי אונדז אזוי פיל געזייט און אזוי ווייניק געשניטן; דעריבער האָבן די זאנגען אזוי פיל שטרוי און אזוי ווייניק קאָרן... דעריבער ווערן ביי אונדז אזוי פיל האָפענונגען פארבליכן און עס פאַלן אזוי פיל שטערן פון הימל...

די נעגער־קינדער, וואָס לערנען אין דער אייראָפּעאישער שול, באַווייזן אומגעהייערע פעאיקייטן — אין די ערשטע קלאסן; אזוי לאנג ווי עס איז גענוג אויפצוכאפּן, וואָס דער לערער זאָגט, אויסלערנען אויסווייניק, געדענקען און נאָכזאָגן, וואָס אין ביכל שטייט... זענען זיי די ערשטע. אין דער פערטער, אין דער פינפטער קלאַס — סטאָפּ! מען ברויך שוין אינטעליגענץ, לעבעדיקע, אייגענע; מען דאַרף אינטואיציע, — ווילנסקראפט, — און דאָס האָט אין דער פרעמדער שול דאָס נעגער־קינד פארלאָרן... עס האָט אזוי לאנג אויסגעלערנט און נאָכגעמאכט, ביז דער אייגענער קוואל איז אויסגעטריקנט געוואָרן, די פראָצעסן פון אונטער דער באַוווסטזיניקייט — די אינטואיציע — האָט אויפגעהערט... און פון שול גייט אַרויס א גייסטיקער „קוציק", — א שווארץ גייסטיקע אימפּאָטענץ, אייראָפּעאיש געקליידעט: פראק, צילינדער, האנטשו, און אייראָפּעאישער קניקס, אָבער דאר און הויל...

„קוציקטרום" איז אויך דער פלוך פון אונדזער ליטעראטור. גאנצע מינינים אָפּגעשטאנענע געניעס: פּושקינס, געטעס, שעקספּירס און וואָס איר ווילט...

פון „וווּנדער־קינדער" ווערן נישט קיין „לייט"...

### .4

האָט מען נישט קיין „גאָט", זוכט מען געצן, און די גיבן קיין תורה נישט.

קאָן מען העכסטנס באַשרייבן; שרייבן איז א ו מ ע ג ל ע ך, „דיכטן", „שאפן" איז רעליגיאָן.

האָט מען אויך קיין וועלט־אָנשויאונג נישט; דאָס פּ אָ ז י ט י וו ע ווייסן קאָן עס נישט געבן, דאָס מוז ווערן אינטואיטיוו געדיכטעט און געשאפן...

און האָט מען נישט קיין וועלט־אָנשויאונג, האָט מען קיין וועלט

נישט, נאָר אָפּגעריסענע, צעוואָרפענע פאַקטן און נישט צוזאַמענגעהעקלטע דערשיינונגען; שפּילט מען זיך אין זאמד. דערויף איז דאָך קונסט — שפּיל! און מען האָט נישט מיט וואָס די צייטן צו פאַרבינדן, דער היינט קומט נישט ארויס פון נעכטן, און דער מאָרגן — נישט פון היינט... „נאָך מיר זאָל זיין א מבול"...

האָט מען אויסער זיך קיין העכערע אידעאַלן נישט. און, אָן דעם ה ע כ ע ר ן שטאַנדפּונקט, האָט מען קיין איבערזיכט, קיין פּערספּעקטיוו, ליגט אַלץ אויסגעצויגן, אָפּגעשטאַנען; טויטע נאַטור, לעבעדיקע מעכאַניק און אַלץ איז גלייכווערטיק, אַלץ איז „קעגנשטאַנד", אַלץ קאָן זיין א „טעמע", פון אַלעם קאָנען ארויסשפּראָצן סקיצן, געדיכטן, ווען נאָר א געוויסע שאָטנדיק־ציטעריקע באַלייכטונג, עטלעכע קלינג־ווערטער, א פּאָר גראַמען...

און האָט מען קיין פאַרגאַנגענהייט און קיין צוקונפט נישט, איז מען אויף דער וועלט א פינדל־קינד אָן טאַטע־מאַמע, אָן טראַדיציע און אָן פליכטן פאַרן שפּעטערן, פאַר דער צוקונפט, פאַרן אייניקן. דינט מען זיך אליין, מעסט מען און מען וועגט אַלץ מיט זיך אַליין, האָט מען נישט צו וואָס צו שטרעבן: אַזוי ווי איך בין, בין איך און מוז אַלץ האָבן, פון אַלעם געניסן...

„געניסן" — דאָס איז דאָס רעכטע וואָרט...

האָט מען שטימונגען און קיין כאַראַקטער נישט; גליסטונגען, אָבער קיין ווילן נישט. קיין גרויסע ליבע, קיין האַס... פלירט, לייכטע באַציאונגען.

„אשת חיל" געוועזן און „שולמית" און די, וואָס לאָקערט און פאַנגט די הומיה וסוררת.

די מ ו ט ע ר איז צו ערנסט, איר שיינהייט איז דעריבער נישט ליטעראַריש, מיר האָבן מיט דער „אייביקייט" נישט וואָס צו טון, די „פאַרפלאַנצונג" געהערט נישט צו קינסטלער, דאָס פאַרזאָרגט דער באַ־לעבאָס, זאָל לעבן... דער פרוי־מוטער מוז מען זיין געטריי, מיר זענען צו פלאַטערהאַפט, איר מוז מען בויען א הויז — א טעמפּל, איר קוימען־אויוון איז ביי איר א מיזבח. מיר האָבן געגנוג פייגל־נעסטן. — און נישט „שולמית" — זי איז צו געזונט, צו ערלעך, צו איינפאַך. מיר דאַרפן מיידל־בושה, כלה־חן... זומער־פייגעלעך־שטויב...

נישט ליבע, גליק ביי פרויען איז דאָס אידעאַל...
פאַרוואָס ווייזט דאָס נישט אויף די קריטיק...
ווייל מיר האָבן זי נ י ש ט!

א גאָרטן האָבן מיר, נאָר קיין גערטנער נישט; וואַקסט ער ווילד, קיינער רייסט דאָס ווילדע נישט אויס, קיינער פלעגט נישט דאָס גוטע, שפּאָרט נישט אונטער דאָס שוואַכע, טרינקט נישט דאָס דורשטיקע...

יונגע זוכער זענען פאַראַן, קיינער ווייזט זיי נישט דעם נ אָ ־ ע נ ט ס ט ן , קיינער העלפט זיי נישט געפינען דעם ז י כ ע ר ס ט ן וועג...

אָן עולם־גולם פאַראַן, איז ער הונגעריק צו גאָטס וואָרט און דורשטיק, ווייזט אים קיינער נישט דעם אונטערשייד פון ריין און אומריין — סם'ט ער זיך...

און ווייזט זיך אַמאָל אין א יובל א גרעסערע, אַן ערנסטערע און טיפערע זאַך, וועט זי קיינער נישט דערקלערן, פּאָפּולאַריזירן; מען רעדט נאָר וועגן דעם, קעגן וועלכן מען קאָן זיך שטעלן אלס גרויסער, אויסלענדישער פיינשמעקער און ווייזן עטלעכע פעלער...

און עס גראָסירט די גרין־געלע, צוזאַמענגעשרומפּענע, קרענקלעך־אייפערזיכטיקע, בייזע אימפּאָטענץ, און ווו זי זעט א קינד מיט רויט־לעכע בעקעלעך, לויפט זי צו און דרייט אים אויס אַן אויער — פאַר כעס!

און דאָך „דרייט זי זיך" — —

מיט דעם פאָרם וועט זיך די יידישע טראַגעדיע נישט ענדיקן...

מיר וועלן צוריקומען צו דער ב י ב ל , פריער אָבער מוז מען אויפ־הערן צו קוקן אויף איר מיט וועלהויזנס אויגן...

.5

און פאַרן ענדיקן, מוז איך נאָר נאָך איין מיספאַרשטענדנים פאַרהיטן.

„צוריק צו דער ביבל" הייסט נישט: בלייבן שטיין ביי דער ביבל.

יידישקייט איז נישט קיין שטייענדיק וואַסער, קיין זומפּ. „מים חיים" רופט מען זי, די תורה. אויפן באַרג סיני האָט מען געוויזן „כל מה שעתיד תלמיד ותיק לחדש" — אלץ, וואָס א יידישע נשמה וועט אויסשפּינען.

יידישקייט טאָר נישט גענומען ווערן ס ט א ט י ש , נאָר ד י ־ נ א מ י ש — אין דער אנטוויקלונג, דאָס הייסט: איבעראַל אויף דער ג א נ צ ע ר וועלט און אין אלע צייטן; קיין איינציקן עכט־יידישן מאָ־מענט נישט אויסגעמעקט.

„יידיש" איז אונדזער, אונדזער איינאיינציקער וועג צום — מענטש. צום געטלעכן מענטש, צום מענטשלעכן גאָט; צום איבער־מענטש, אויב

איר ווילט. דער „אדם עילעא״ איז נישט ווייניקער יידיש באַקאַנט.

אין ערגעץ־נישט פאַרשטיינערט, אין ערגעץ־נישט פאַרגליווערט ווערן, אין ערגעץ־נישט בלייבן שטיין...

קיין שום אומגליק: די ערגסטע גזירות, די שטאַרקסטע פּאָגראָמען, נויט, הונגער, שאַנד און שפּאָט — דאָס אַלץ איז נישט קיין באַרעכטיקונג פאַר רעאַקציע. נאָר מער כ א ר א ק ט ע ר מוז מען האָבן. שלאָג דעם שטיין, וועט ער געבן וואַסער; דריק פעסטער די אייזבירט, גיט זי בוימאייל, אונדזער „מזל״ איז שוין אַזוי... לעבן און שאַפן ביי די ערגסטע באַדינגונגען און נישט אַראָפּ פון וועג.

א נ ד ע ר ע  ו ו ע ג ן  ז ע נ ע ן  פ א ר  א נ ד ע ר ע.

און איז מען אויף אַ רגע אַראָפּ פון וועג, האָט מען פאַרבלאָנדזשעט, מוז מען צוריקגיין ביז צום זיכערסטן פּונקט און אויפן זיכערסטן וועג, אויפן, פאַרן אונדז איינציק־מעגלעכן וועג ווייטער גיין...

אָבער נישט אָפּגעהאַלטן זיך, נישט שטיין געבליבן...

אין ערגעץ נישט פאַרשטיינערט, אין ערגעץ נישט פאַרגליווערט ווערן; אין ערגעץ דעם פאָדעם נישט איבעררייסן, נאָר אַלץ ווייטער און ווייטער שפּינען. און האָט מען, ערגעץ־ווו, דעם פאָדעם אָפּגעלאָזט, צוריקגיין, אויפנעמען און ווייטער שפּינען, אַלץ ווייטער און ווייטער שפּינען, אייביק אין די דורות אריין שפּינען און וועבן, און איבעראַל, מיט אַ ליבטיקער נעץ די וועלט פאַרנעמען!...

קיין פלעק אויף דער ערד, קיין מינוט אין דער צייט, און קיין קלאַס אין פאָלק האָט נישט קיין אויסשליסלעך רעכט, קיין מאָנאָפּאָל אויף יידיש; נאָר א ל ץ,  א י ב ע ר א ל  א י ן  ד ע ר  ב א ו ו ע ג ו נ ג!

מען מוז נאָר אָפענע אויגן האָבן אום צו זען, אַז די בלינדע, רעליגיעזע פּראַקטיק, די עם־האַרצישע באַציאונג צו מיצוות און עבירות, דער פּחד און דרך־ארץ צום לענגער געדרוקטן וואָרט אין דער נידעריקער שיכטע פון פאָלק; — די לומדיש באַשטראַלטע עבודה, דאָס באַוווסטזיניקע קיום המיצוות און אָפּהיטן פון עבירות און דאָס רבנישע תורה־לערנען; — די נאַקעטע נשמה, די, פון „גוף המיצווה״, פון סימבאָל אויסגעטיילטע קאַבאַליסטישע כוונה, דאָס הוילע, חסידישע רוחניות, און — די ריינע פילאָזאָפיש - מאָניסטישע וועלט־אָנשויאונג ביים ווירקלעך יידישן אינטעליגענט — אַז דאָס אַלץ איז איין יידישקייט, אַ גרעבערע אָדער אַ פיינערע אויסשטראַלונג פון דער יידישער נשמה...

און געפינען דעם תוך; דעם „עצם ענין״ פון יידישקייט אין אַלע

ערטער, אין אלע צייטן, אין אַלע טיילן פון צעזייטן און צעשפּרייטן וועלט־פאָלק; געפינען די נשמה פון דעם אלעם און זען זי באַשטראַלט מיטן נביאישן חלום פון דער מענטשלעכער צוקונפט — דאָס איז די אויפגאבע פון יידישן קינסטלער.

שאפן איז עלית נשמה; און נאָר די יידישע נשמה קאָן זיין זיין רוח הקודש, זיין שכינה, זיין איינציקע באַגייסטערונג און שעפערישע קראפט.

זי מוז זיין זיין אויג אין קאָפּ, מיט וועלכן ער זעט די וועלט און איר פארגאנגענהייט, קעגנווארט און צוקונפט...

פאר דער יידישער נשמה מוז ער קאָנען לעבן און שטאַרבן...

און נישט א וועק פון דער וועלט, נאָר אביסל, א קליין ביסל היתבודדות; אַ קליינע מינוט פון חשבון הנפש, פון זיך אליין געפינען, זיך אליין אויסשיילן פון פרעמדן און אָנגעוואָרפענעם, דאָס הייסט: צוריק צו דער ביבל...

צוריק צום זיכערסטן פונקט און פון דאָרט — צום מענטש אויפן יידישן וועג...

# ווענן, וואָס פירן אָפּ פון יידישקייט

.1

## די געפאר.

— אויף דער אָרדענונג פון טאָג — הייסט עס אויף דער צייטונגס־שפּראַך — האָט זיך, צווישן אַלדאָס בייז, געשטעלט אויך די שמד־פראגע.

און די געוויינלעך געדולדיקע יידישע עפנטלעכע מיינונג האָט אָנגעהויבן רעאגירן.

אין אויסלאנד — שטאַלצער און שטארקער.

פּראָטעסט־מיטינגען, אויפגעבראכטע רעזאָלוציעס; מען הייבט אָן טייטן אויף די אַפּטריניקעס מיט די פינגער, פארעפנטלעכן זייערע נעמען...

ביי אונדז, אין דער דערשלאָגנקייט, שטילער: עטלעכע צייטונגס־נאָטיצן; ציטאַטן פון אויסלענדישע סטאַטיסטישע שמד־ציפער; באַגלייט פון א יידישן יתום־קרעכץ, באַנעצט מיט אַן אלמנה־טרער...

עס איז ביי אונדז „צווישן אַלדאָס בייז".

אויבנאָן — די עמיגראציע, די טשערטא־פראגע. דערנאָך: אַלטע, נייע, באַנייטע און ניי־אויסגעטייטשטע גזירות. און שטילע עקאָנאָמישע פּאָגראָמען, און אָפענע באָיקאָטן, און „זונטיק־רו". און יידישע פאבריקאַנטן, וואָס טרייבן פון פאבריק ארויס די יידישע אַרבעטער און — די וואַרשעווער גמינע...

פאראן זיך מיט וואָס צו פארנעמען אויסערן שמד...

און קיין יידעלעך — טראַכט מען דערביי — וועלן נישט פעלן... פאלן עטלעכע פוילע בלעטער פון בוים...

קיין שמד־באַוועגונג — טרייסט מען זיך — איז נישט פאראן; קיין שמד־טעאָריע ווערט נישט געפּריידיקט, קיין שמד־אַגיטאציע ווערט נישט געפירט, נישט מאסנווייז טרעט מען אָפּ...

איינציקווייז און דערצו שטיל אויף־די־נעגל, ווי גנבים, שלייכן זיי

זיך אַרוים אין קלויסטער אריין; מאַנכע הערן נישט דעם יידישן געמיינדע־שטייער, מען זאָל פון זייער שאַנד נישט וויסן. עס בלייבט גאַנץ אָפט, ביז טויט און באַגרעבעניש, אַ פערזענלעכער סוד, העכסטנס אַ פאַמיליען־גע־היימנים...

— עמעץ איז אוועק — אַ חרפּה, אַפילו אַ האַרץ־ווייטיק! אָבער דערביי גיט מען, נישט ווילנדיק, אַ טראַכט: פּאָרט פרייער געוואָרן אין אונ־דזער ענגשאַפט... אַראָפּ אַ יידישער קאָנקורענט פון מאַרק, געעפנט זיך אַ וואַקאַנס אין אוניווערזיטעט, אין גימנאַזיום; לייכטער אָפּצוטעמען...

און דאָך איז עס, פון העכערן נאַציאָנאַלן שטאַנדפּונקט, נישט אַזוי לייכט צו נעמען; אָנשטענדיק, צי ניין, — אָן „אונטערגאַנג" איז עס...

און נישט אין דער צ אָ ל פון די אָפּטריניקעס שטעקט די געפאַר, נאָר אין דער ל י י כ ט ק י י ט, באַ — אין דער ל י י כ ט ז י נ י ־ ק י י ט פון שמד...

אונדזער געשיכטע האָט ביז אַהער געוווסט פון אנוסים: מערטירער, וואָס האָבן פאַרלאָרן די קראַפט, אומצוקומען אויף קידוש־השם, אונטער די שרעקלעכסטע ליידן און אומענטשלעכער פּיין...

מיר זענען געוווינט צו שמדות אַלס רעאַקציע נאָך אַ פאַלשער משיח־באַוועגונג: דער לעצטער בינדנדיקער פאָדעם האָט געפּלאַצט, — אַלץ אוועק מיטן רויך...

מיר ווייסן און פאַרשטייען קאָנטאָניסטן. און די אַלטע חיבי־מיתות אין די פינצטערע קאַזעמאַטן פאַר פאַלשע בילבולים, וואָס האָבן זיך מיט אַביסל שפּרענג־וואַסער באַפרייט פון אן אומזיסטיקער תליה...

און נישט מיט שפּינאָזעס, וואָס אונדזער אייגענער בלינדער פאַנאַ־טיזם האָט פון מחנה אַרויסגעטריבן, האָבן מיר צו טון... און נישט מיט היינעס און בערנעס, וואָס האָבן אין ענגן פינצטערן געטאָ נישט געקאָנט אויסשפּרייטן די פליגל...

מיר האָבן צו טון מיט ק ל יי נ י ק יי ט ן: אין די ספערן, ווו מען טרעפט זיך אויג־אין־אויג מיטן קלענסטן פּיצל עולם־הזה, שפּרינגט מען איבער יידישקייט אריבער, ווי איבער אַ שטרוי...

עס איז שוין קיין טראַגעדיע נישט, קיין דראַמע; עס איז אין די ספערן אַ לייכטע קאָמעדיע געוואָרן, אַ פאַרס! און עפּעס האָט געמוזט פאַר־באָרגן ווערן אין אונדזער „דענישן קעניגרייך". דאָס יידישקייט אין גע־וויסע ספערן איז צו־שוואַך געוואָרן און קאָן זיך דאָרט נישט ווערן קעגן מינדסטן און קלענסטן שמד־מאָטיוו...

אין אונדזער שוואכקייט שטעקט די געפאר...
און דעריבער איז די פראגע פון „די וועגן, וואס פירן אפ פון יידישקייט", אזוי וויכטיק...

.2

# עס מוז קלאר ווערן

— „דאס יידישקייט איז אפגעשוואכט געווארן!"
אבער — וואס איז אזוינס „יידישקייט?"
— „מיר זענען מיר יידן!"
אבער — מיט וואס?
מיר זאגן גאנץ אפט:
— מיר ווילן, אונדזערע קינדער און קינדס-קינדער זאלן בלייבן יידן...
אבער, וואס האבן מיר זיי איבערצוגעבן?
אין וואס זאל באשטיין די ירושה?
און איז עמעץ, קעגן אונדזער ווילן, פון אונדז אוועקגעגאנגען, זאגן מיר אים:
—דו ביסט אפטריניק געווארן!
שטעלט מען אבער די פראגע:
פון וואס אוועקגעגאנגען? און וואס געפעלשט? וועמען אפטריניק געווארן? — וואס איז אזוינס דאס יידישקייט, וואס יענער האט פארלאזט?
הייבט מען אן שטאמלען.
שטאמלט יעדער אויף זיין ארט און שטייגער.
ווענדט איין שטאמלען אפ דאס צווייטע, און איין נישט קלארער ענטפער שליסט אויס דעם צווייטן.
און דאס געשעט, ווייל יעדע צייט, יעדער פלאץ, יעדער קלאס און גאנץ אפט יעדער מענטש באזונדער, האט זיין יידישקייט און וויל האבן א מאנאפאל אויפן יידישקייט.
נעמט מען אינסטיטוטן, אין וועלכע עס באקליידט זיך אויף א געוויסן פלאץ, אין א געוויסן מאמענט דער יידישער גייסט, אויפן ארט פון יידישן גייסט.
נעמט מען, לויט צייט און ארט פארענדערלעכע סימבאלן — די

ש פ ר א ך פון דער יידישער רעליגיאָן, פילאָזאָפיע, וועלט־אַנשויונג, מאַראַל א. ד. גל. און מען שטעלט עס אויפן אָרט פון לעבעדיקן שעפע־רישן אינהאַלט...

נעמט מען אויפן אָרט פון מ ע נ ט ש, וואָס לעבט און אנטוויקלט זיך, זיין טויט קלייד, וואָס ער טוישט לויט אָרט און צייט.

דריקט מען ארויין דאָס א י י ב י ק ע מ י ט ד ע ר פויסט אין א שווינדנדיקער מ י נ ו ט...

לעבן מענטשן, אַבוואַל פון איין געשלעכט, אויף פארשידענע ערטער און לויט פארשידענע צייטן — האָט יעדערער זיין יידישקייט פון זיינע פ י ר א י י ל ן, פון זיין ק ו ר ץ־פ א ר ג ע נ ג ל ע ך לעבן.

און גאַנץ אָפט געשיט א נארישער טויש: ווערט נאָך דאָס פרעמדע אָנגענומען פאר א יי ג נ ס, דאָס, אונטער סוגעסטיאָן (השפעה) פון פרעמ־דע, נאָכגעמאכטע, געהאַלטן פאר אָריגינעל, פאר „מסיני“...

איז דען די פוילישע זופיצע נישט פארהייליקט געוואָרן?

איז דען ביי טייל „כפרות־שלאָגן“ נישט קיין יידישקייט?

איז דען דער, וואָס לייקנט אין שדים פון פרס און מלאכים פון בבל, ביי מאַנכע נישט ערגער ווי געשמדט?

— — — — — — — — — — — — — — — — —

פון פארבייגייענדיקע „מאָמענטן“, צייטלעכע צייכן און סימבאָלן מוז מען זיך, ווי ווייט מיר גייען צו אונדזער ציל, איינמאָל פאר אלע מאָל אָ פ ז אָ ג ן.

מיר זוכן דאָס אייביקע.

דעם „תוך“, דעם „עצם־ענין“.

י י ד י ש ק י י ט איז די יידישע וועלט־אַנשויונג.

און ווילט איר:

די וועלט־אידעע, וואָס זוכט איר פארקערפערונג אין דער מאַטעריע, אין דער געשטאַלט, אין וועלכער זי שלאָגט זיך אָפּ אין דער יידישער נשמה.

יידישקייט איז דאָס —

וואָס באַשאַפט, אין צייטן פון זעלבסטשטענדיקייט, פרייהייט און מאכט אינסטיטוטן צו איר אַנטפלעקונג און פארקערפערונג, — און דע־מאָלט איז זי — פרייד און גליק — עולם־הזה!

וואָס באַשאַפט, אין צייט פון שטרייט, — אינסטיטוטן צום אָפּווער, צום פארהיטן, צום שיצן — זיך און די איריקע און דעמאָלט איז זי קאמף — און העלדן־געזאַנג!

און וואָס מוז, אין צייטן פון אונטערטעניקער שוואכקייט, זיך איינ־ציען, איינשרומפן, באהאלטן אין „פינטעלע ייד"; אָפּוואַרטן און אויס־האלטן, ש ו ו י י ג נ ד י ק, די בעסערע צייטן — און דעמאָלט איז זי האָפענונג, ליידן און פיין... משיח־חלומות און עולם־הבא.

און ד ע מ אָ ל ט פ א ר ל א נ ג ט ז י אָ פּ פ ע ר...

און דאָס יידישקייט, פאר וועלכן מיר פארלאנגען די אָפּפער, מוז קלאָר און דייטלעך באצייכנט ווערן...

מען האָט אמאָל געמיינט, אז דער מענטש ווערט געבוירן א ליידיקער טאָוול (טאבולא ראזא) און דאָס לעבן קומט מיט זיין גריפל און שרייבט; היינט ווייסט מען שוין, אז דער מענטש איז אויך טעטיק, אז לעבן איז פּראָצעס און קאמף צווישן מענטש און מיליע, מענטש און נאַטור, אז דער מענטש קומט אויף דער וועלט שוין מיט א גרייטער י ר ו ש ה, מיטן זאָמען פון ז י י ן ווילן, פון איינגעאַרטיקער קראפט, מיט זיין לעבנס־און קאמפס־פעיקייט, צי ער וועט זינן, צי ער וועט פאלן...

דאָס זעלבע איז מיט דער נ א צ י אָ ן.

מיט וואָס זענען מ י ר אויף דער וועלט געקומען? וואָס ווילן מ י ר? וועלכן קולטור־פאָדעם שפּינען מיר אין וועלט־געוועב אריין? וואָס איז אונדזער טאָן אין דער וועלט־האַרמאָניע? וואָס וועט פעלן, אז מיר וועלן פעלן? —

וואָס איז „יידיש", וואָס איז „נישט־יידיש" — מיט וואָס אונטער־שיידן מיר זיך פון אנדערע?

וואָס האָבן מיר צו ש י צ ן? פאר ו ו אָ ס זיך אָפּפערן? צוליב ו ו אָ ס שטרייטן? —

וואָס איז אונדזער ל ע ב ן, וואָס איז אונדזער טויט?

3.

## „מאָדערן" — א „מאמר המוסגר"

די פראגע: „וואָס איז יידישקייט?" איז געשטעלט געוואָרן, צום ענטפער איז אָבער נישט לייכט צוצוקומען.

מען כאפּט אָן ביים ארבל, מען פארהאלט אויפן וועג.

א ו נ ד ז ע ר „מאָדערן", אונדזער מאָדערנער מענטש, וויל די פראגע נישט...

„רוח־היהדות", „עכט יידישקייט", „יידישע עטיק" — דאָס אַלץ איז פאַרן מאָדערנעם מענטש — אַלט, אויסגעדראָשן, אָפּגעטראָגן...

„דער איינציק יידישער גאָט מיטן גאַנצן קלאַפּער־געצייג", דער „אתה־בחרתנו׳־נאַציאָנאַליזם" — חלומות, לכל־הפּחות, פון פינצטערן מיטלאַלטער...

און דער מאָדערנער מענטש דאַרף ליכט און פאַרבן; מעג זיין ברעטער־ און קינקעטן־ליכט, מעג זיין פאַרבן פון זייפנבלאָזן, און, דעם אמת זאָגנדיק, נאָר אַזוינע...

טאָג־ליכט און ע כ ט ע פאַרבן זענען צו באַנאַל, דערצו האָט דער מאָדערנער מענטש צו שוואַכע אויגן און נאָך שוואַכערע נערוון.

און דער מאָדערנער מענטש באַשאַפט זיך זיין מאָדערנעם נאַציאָנאַליזם.

„דעם אַלטן מוז מען צעוואַרפן. סאָפּיאָרן מוזן קומען, אַרויסשלעפּן אַ דראָט נאָך אַ דראָט, צעוואַרפן אַ שטיין נאָך אַ שטיין, אויפדעקן פאַרן עולם דעם גאַנצן שימל, און ווייזן, אַז דאָ איז קיין פעסטונג נישט, נאָר אַ חורבה אַן אַלטע"...

„ביי דער ביטערער האַרטער מילחמה פאַר אונדזער קיום קאָנען מ י ר זיי נישט באַנוצן"...

דאָ האָט זיך שוין דער מאָדערנער מענטש פאַרעדט...

דער מאָדערנער מענטש טויג לחלוטין צו קיין מילחמה נישט, פּאַסט לחלוטין נישט אין דער אַרמיי, אַפילו נישט אין דער „נאַציאָן" אַריין, ווי ווייט די נאַציאָן פאַרלאַנגט אַרבעט און אָפּפער...

דאָס קאָן דער „מאָדערנער" מענטש נישט געבן...

דאָס „מאָדערנע" פאָלק, ווי דער מאָדערנער מענטש שטעלט זיך עס פאָר, טאָר צו אַלעם ערשטן נישט פאַרלאַנגען קיין אָפּפער; דאָס פאַרלאַנגט די „סטאַדע", אין פאָלק איז יעדער פריי... און וואָס יעדער איינצלנער פרייער מענטש אינעם מאָדערן־פרייען פאָלק טוט, דאָס נעמט און לייגט צוזאַמען, שיט עס אין איין זאַק אַריין, וועט איר האָבן די געווינטשטע נאַציאָנאַלע קולטור... מען דאַרף נישט באַצייכענען, גאָרנישט טון...

— — — — — — — — — — — — — — — — —

ווער איז א ו נ ד ז ע ר מאָדערנער מענטש?

דאָס וואָרט א ו נ ד ז ע ר איז עקסטרע אונטערגעשטראָכן, דער אייראָפּעיש־מאָדערנער מענטש איז באַקאַנט...

ערשטנס — מיט דעם, וואָס ער איז שוין לאַנג אויס מאָדערן, אַפילו

פון דער מאָדע ארויס... דער בעסטער באַוויז: ער איז ביי אונדז ערשט אין דער מאָדע אריין; מיר פארשפּעטיקן זיך שטענדיק...

ער איז שוין זאָגאר איבערדריסיק און לאנגווייליק געוואָרן: „דער מאָר האָט זיין שולדיקייט געטון, דער מאָר קאָן גיין"...

דער מאָדערנער מענטש האָט געפונען אייניקע דינערע שטריכן אינעם לעבן, אייניקע דעליקאַטערע פארב־ניואַנסן; אנטפלעקט עטלעכע פיינע ציטערן אין דער מענטשלעכער נשמה, א צוויי־דריי קליינע, גאַנץ קליינע אמפּליטודן פון בלוט־וואַלונגען אין מענטשלעכן הארץ, א קוים־טרער אין מענטשלעכן אויג, א קוים־שמייכל איבערן מענטשלעכן פּנים און — איז אוועק אין קאַבארעט...

געווען אמאָל גרויסע אידעאַלן, פאַר וועלכע מענטשן האָבן זיך גע־אָפּפערט: „פאָטערלאנד", האָט זיך ארויסגעוויזן — א תפיסה, ווו די אָרעמע קלאַסן ארבעטן קאַטאָרגע... „פּאַטריאָטן" — ליפעראַנטן, וואָס שטעלן צו פּראָוויאַנט און נעמען אָפּ די ארבעט... „פאַמיליע" — געזעצ־לעך־רעגולירטער לייבער־פארקויף... און נאָך, און נאָך...

איז דער מאָדערנער מענטש אנטלאָפן, און ווו צו גיין נישט געהאַט, האָט ער זיך פארנומען מיט גאָרנישט אָדער מיט שפּילציג און קלייניקייטן און איז אינטערעסאַנט געווען א ווײַלע...

איבערקוקן, איבערשאַצן די ווערטן, אין די אויסגעלערנטע און אויסגעוועבטע פּלים אריינגעבן א נייעם אָדער רענאַסירטן ניי־אויסגע־לעבטן אינהאַלט; נייע אינסטיטוטן באַשאַפן, נייע סימבאָלן, דאָס איז נישט פארן צעעקלטן, צעווייטיקטן מאָדערנעם מענטש מיט רואינירטע נערוון...

אָבער ווען מען פרעגט: ווירקלעך אָדער נישט, וואָר אָדער פאַלש, די אָדער יענע אידעע, דער אָדער יענער לעבנס־צוועק, די אָדער יענע וועלט־אָנשויונג ??? — — —

ווו אזוינע פראַגן ווערן געשטעלט, באַקומט דער מאָדערנער מענטש נ י ש ט דאָס וואָרט...

ער צעשטערט נישט און בויט נישט, ער טראַכט נישט און פילאָ־זאָפירט נישט...

און — דאָס איז זיין גרעסט אומגליק:

ע ר א י ז נ י ש ט פ ר י י!

ער האָט זיך זיין לעבנס־גאַט צעשלאָגן, און אין יעדן מאָמענט דינט

ער אַן אַנדערן שטויב פון געוועזענעם גאָט, און האַלט זיך פאַר באַפרייט פון גאָט...

ער מיינט, ער דינט נישט קיינעם, און נאָר דעריבער מיינט ער עס, ווייל די, וועלכע ער דינט, זענען אַזוי קליין, אַז ער אַליין דערזעט זיי נישט, און זיי טוישן זיך אָפט, אַזוי בליצשנעל, אַז ער באַהאַלט זיי קיין ווילע נישט אין זיכרון.

דער מאָדערנער מענטש האָט נישט קיין לעבן, נאָר מאָמענטן; ער האָט דעריבער קיין כ א ר א ק ט ע ר נישט, קיין ו ו י ל ן, נאָר ק א פ ר י ז ן און „ו ו י ל ע כ צ ע ר"...

און דאָס טאַנצט אַרום אין קאַליידאָסקאָפּ פון א צעטראָגענעם מוח...

ער איז קיין קאָאָרדינירטער אָרגאַניזם נישט! פיליכט שיין, אָבער אַזוי וואָרעם־ענלעך...

א שורה לויזע סיגמענטן, לויזע רייפלעך אין א זעקל... און יעדעס רייפל האָט זיין קליין ביסל וויסן און פארלאַנגען — פארבונדן זענען זיי נאָר מיט דער הויט...

און פון דעם, וואָס קאָן זיך אַליין נישט קאָאָרדינירן, זיין אייגן לעבן נישט צוועקמעסיק מאַכן, קאָן מען נישט פארלאַנגען, ער זאָל קאָאָר־דינירן וועלט־דערשיינונגען, געפינען די צוועקמעסיקייט פון אינסטיטוטן, ווי קלאַס און נאַציאָן...

גרויסע מענטשן גייען ז י י ע ר וועג, נישט נאָך דער סטאַדע; דער „מאָדערנער" בלאָנדזשעט אָן א וועג...

הייסט דאָס פרי גיין?

אויף אַזוינע וועגן גייען דער דעזערטירער, דער אנטלאָפענער פון קאַטאָרגע און איבערהויפּט — מענטשן אָן א וועג...

„תוהו לא דרך" — איז קיין וועג נישט, אַפילו נישט צום שמד.

4.

## די מאָדערנע געפאַר

(צווייטע און לעצטע העלפט „מאמר המוסגר")

בין איך, פיליכט, צו־שאַרף אַרויסגעטרעטן קעגן אונדזער „מאָ־דערן", — עס איז דאָך א ו נ ד ז ע ר „יוגנט"?

עס איז, ליידער, נישט י ו נ ג און נישט א ו נ ד ז ע ר...

פון דריי פרעמדע, אַלטע מולטער אויס־געקראַצט.

איך מיין נישט קיינעם באַזונדער, אַלע „מאָדערנע"...

געדענקט איר נישט די פּאָר 50 יאָר געבוירענע און באַלד פאַרלוי־רענע, פּלוצלינג אויפגעפלאַמטע בענקשאַפט צו אומיטלבאַרקייט?

אויף רוסיש איבערזעצט: „בעזפּאָסרעדסטווענאָסט"?

דאָס אידעאַל איז געווען דאָס אַמעבאַ, דאָס נידעריקסטע איינצלנע לעבנס־קעמערל, וואָס עסט און וואַרפט גלייכצייטיק און באַשטענדיק. אָן א צייכן פון אינערלעך באַהעלטעניש; פון א רעזערוואַר, ווו עס זאָל זיך אָנזאַמלען דער פון דרויסן אַסימילירטער שטאָף, א טייל זאָל זיך קאָנען פאַרוואַנדלען אין באַוווּסטזיניקייט, אין ווילן און די גרויסע אָנגעזאַמלטע רעשט זאָל קאָנען אויסגעגעבן ווערן אויפן רעכטן אָרט צו דער רעכטער צייט און צוועקמעסיק.

שוין, באַלד און מיטאַמאָל! יעדע סעקונדע פאַר זיך!

און געדענקט איר דאָס פוילע ווערטל פון אַלטן פוילישן שלאַכטשיץ: „יאַקאָש טאָ בענדזיע"? — עס וועט שוין זיין, הייסט עס, עס וועט שוין קומען פון זיך אַליין, מען דאַרף די האַנט אין קאַלט וואַסער נישט לייגן. —

עקאָנאָמישע, פּאָליטישע געפאַרן, — עט, דערווייל איז אין דרויסן אָנגעפאַלן א שניי, שפּאַן נאָ־שפּיז דעם שליטן, פּאַק־איין שאַמפּאַניער — א „קוליג" איבער די הויפן!

און — אחרון אחרון חביב!

דער נישט־לאַנג מאָדע געוועזענער, אינטעליגענט־רוסישער „נאַ־פּלעוואַט!" — —

ווילט איר, נעמט נאָך פון דער אַלט־פּראָנצויזישער מולטער: „נאָך מיר מעג זיין אַ מבול!" און באַשפּריצט דאָס אַלץ מיט א טראָפּן „פּרייער קונסט", האָט איר אונדזער „מאָדערן" — —

און בין איך, דער „ווייסקראַבעק" פון דריי, פיר פרעמדע מולטער מיט זויערטייג, פאַר מיר אַליין דער קוואַל פון רעכט און אומרעכט, בין איך פריי פון חובות קעגן אַנדערע, קעגן העכערן, שפּע־טערן און — בין, נאָך ביזן היינטיקן טאָג, קיינעם נישט פאַרקויפט, איז א סימן, אַז קיינער האָט מיך נישט געוואָלט קויפן, איך האָב נישט וואָס צו פאַרקויפן...

— — — — — — — — — — — — — — — — —

ביי פרייע שטאַרקע פעלקער האָט אַלץ אַן אָרט, אַפילו דאָס מאָדערנע...

די ר י כ ט י ק ע אַרבעט ווערט פון אַנדערע געטון... די גרע־נעצן ווערן געשיצט און פאַרשפּרייט, דער פּאָליטיקער שווינדלט אויס נייע מערק, דער פאַבריק־קוימען פאַרפּלייצט זיי, אין יעדן דאַרף אַרבעט אין דער שול דער באַהעלפער... קאַנצעל פאַראַן אין קאַטעדער, פאַראַן דאָס ערנסטע בוך און דער געלערנטער, — פאַראַן דאָס מאָדערנע אויך; ווײַלט עס!

דער מאָדערנער מענטש טוט אויך עפּעס — אין דער ק ו נ ס ט, נאַטירלעך, און — צייטווייליק...

צייטווייליק, — ווייל ער, דער מאָדערנער קינסטלער, האָט קיין פאַרגאַנגענהייט נישט; ער פאַרלייקנט זי. ער האָט נישט קיין ש ו ל, ער שפּייט א ו י ף א י ר... און די „אַלטע מייסטער״? געאַרבעט האָבן זיי, מען פילט זיי מיט ש ו ו י י ס!

און ער האָט אויך קיין צוקונפט נישט; ער מאַכט קיין שול נישט. ער פּרעטענדירט נישט דערויף; ער האָט נישט וואָס איבערצוגעבן.

און דער „איצט״ זיינער איז געווען אַזוי קורץ; אויסגעגאַנגען, די טעכניק אַפילו נישט דערלעבט...

פאַר דאָס — פריי געווען, ווי דער זומער־פויגל! פריי פון אַרבעט, פון שטודירן. פריי פון וועלכן עס איז „שטאַנדפּונקט״; און קיינמאָל און קיין ריכטיקע פּערספּעקטיוו נישט געהאַט, פון אידעען און אידעאַלן גע־ווים, דאָס איז דאָך דאָס רעכטע קלאַפּער־געצייג! „זאַכן״ ווערן נישט גע־וווינגן און געשאַצט, קיינער ווערט קיינעם נישט אונטערגעוואָרפן, אַלץ אויף א י י ן ברעט!

און פריי, זאָגאַר — פון קעגנשטאַנד: מען דאַרף אַפילו נישט צייכענען, אַ שמיר און — פאַרבן־שפּיל!

און דאָס האָבן פיליסטער אויסגעטראַכט, אַז אַ פּאָרטרעט מוז זיין ענלעך, און אַז דער הימל איז קיינמאָל נישט גרין...

ער גיט די „זאַכן״, ווי ע ר זעט ז י י. און — פאַרביילויפנדיק, מיט נישט אויסגעשלאָפענע און גאַנץ אָפט פאַרנעפּלטע אויגן פון „ברעטל״ צום „איבערברעטל״ און צוריק. —

און שנעל!

די טויטע (און טויט־געבוירענע!) רייטן שנעל!

ווער האָט צייט צו אַ סימפאָניע? די דראַמע מאַטערט אָפּ. די טראַ־

גערדיע — איינפאַך אַנטי־קולטורעל. דער מאָדערנער מענטש קאָן נישט ל י י ד ן.

און אָן ליידן איז אָן ערנסטער קונסט.

איז קאָנפעטי און טויט־אויפגעשטאָכענע זומער־פייגעלעך.

און קומט ווער און זאָגט:

— עס איז קיין ר ע כ ט ע קונסט, קיין ע כ ט ע, קיין לעבנס־פעיקע, עס איז שפּיל און צייט־פאַרטרייב! נישט פאַראַן קיין גרינער הימל, קיין פיאָלעטע בערן און געגנדז האָבן נישט מער ווי צוויי פיס...

אַז דאָס נוצלעכע מוז זיין שיין, דאָס שיינע מוז זיין ע ר ה א ב ן, ווייניקסטנס, וואָר זיין, זאָל זיין כאָטש לאָגיש אין זיך!

פארקרימט עס זיך, דאָס פארצויגענע בן־יחידל...

— „איר האָט נישט דאָס וואָרט! נאָר א קינסטלער, און אַזוינער ווי איך, קאָן זיין מיין ריכטער!”

איך טאָר נישט זאָגן: אַז די לעדער פּלאַצט און די שטיוול איז צו־ענג; איך בין קיין שוסטער נישט!

לאַכט מען; העגגען קומט נישט דערפאַר!

דער קינסטלער איז פריי; איך אויך. גיי איך אַוועק; קויף איך נ י ש ט די — ש ט י ו ו ל...

— — — — — — — — — — — — — — — — —

האָט זיך אָבער אין גריכנלאַנד געזאָלט אַזאַ מעשה טרעפן:

ספּאַרטע איז באַלאַגערט.

א גרויסע מחנה אַרום די מויערן.

און פון טאָג צו טאָג ווערט די לאַגע ערנסטער, קריטישער, געפער־לעכער —

שיקט ספּאַרטע קיין אַטען בעטן הילף...

שיקט אַטען קיין ספּאַרטע צו־הילף נישט מער ווי א י י ן מענטש און דערצו א לאָמען הויקער.

ווי הייסט?

דאָס האָט ספּאַרטע אויך געפרעגט!

גענאַפּט און געקריצט מיט די ציין.

האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן, אַז דער לאָמער הויקער איז פינדאַר...

דער פּאָעט, דער זינגער!

האָט זיך פינדאַר אין ספּאַרטע אין מיטן מאַרק געשטעלט און א

קריגס־ליד געזונגען! קלינגט אָפּ דאָס ליד אין אַלע הערצער; ווערן די הערצער די געפאַלענע אויפגעשוואָלן פון העלדנמוט...

זענען מיטאמאָל קינד־און־קייט העלדן געוואָרן. האָבן די אָפּהענ־טיקע געווער געכאַפּט, זענען די מידע אויף די מויערן ארויף און די בויגן געצויגן — און אָפּגעשטויסן איז געוואָרן דער פיינט...

פון ספּאַרטע צו־הילף איז פינדאַר געקומען!

וואָלטן ז י י אָבער אונדזערס א מאָדערנעם געשיקט?

— איי, בלימלעך וואקסן אויף די לאָנקעס, פאַראַן ווייַן אין שענק... אוועק מיטן גאנצן קלאַפּערגעצייג, מיט די חורבות —

„וואָס טויגן די מויערן?

„שיקט נאָך סאַפּיאָרן.

„זאָל נישט בלייבן א שטיין אויף א שטיין"...

די רעשט וואָלט אים שוין אין האַלדז געבליבן, אונטערן — שטריק!

— — — — — — — — — — — — — — — — —

שוין גלייכער די בטלנישע עצה!

אין חדר־אריין גייט, תהילים זאָגט, תורה לערנט...

שלעפּט צוריק דעם נעכטיקן טאָג...

— — — — — — — — — — — — — — — — —

איך האָב געהערט אמאָל ציטלינען אנדערש דרשענען!

— איר קענט שוין דאָס א ל ט ע נישט באהאַלטן, נעמט דאָס נייע בוך, הערט די נ י י ע נ ב י א י ם — נאָר אן אנדערן נאָמען האָבן זיי, „קינסטלער" רופן זיי זיך...

איך מיין, אז נישט ע ר און נישט די „גאָספּאָדע" א ל י י ן זענען שולדיק דערין, וואָס ער האָט אזוי פּלוצלינג זיין מיינונג געענדערט, זיין דרשה געטוישט.

ליינט מען אַלץ אין איין זאק אריין און מען שיט דערנאָך דעם אוצר אויס און מען זעט:

אביסל לייכטזיניקע פּליטערלעך, אביסל דאַר שבת־אויבס, טאנצנ־דיקע רויטע שאָטן, פלאַטערנדיקע גרינע געגנדן און אביסל... פאַלשע מטבעות, — כאַפּט אָן א שרעק... כאַפּט מען זיך ביים קאָפּ, ווייל מען צו די אַלטע ווערטן צוריק.

5.

# דער מערדער פון גאָט און רעליגיאָן

ציט אונדזער דאָן־קיכאָט — דער נביא פון נעכטיקן טאָג, מיט סאָנטשאָ־פּאַנטשאָ זיין דינער, מיטן באַלעבעסל, — דער אויספירער פון זיין וואָרט און געבאָט, אין דער וועלט אריין, מיט אירע טייוולאָנישע ווינט מילן מילחמה צו האלטן, די רעליגיאָן די יידישע צו רעטן, גאָטס נאָמען צו הייליקן, און —

פ א ר ש וו ע כ ן א ל ץ א ו ן פ א ר ד א ר ב ן.

פאַרן לעבנדיקן רעליגיעזן געפיל, וואָס ציט (וואָס זאָל, ווייניקסטנס, ציען) צום שענסטן, בעסטן און העכסטן, איז נישט געפערלעך דאָס „אפּיקורוסל", וואָס דאָס געפיל שטערט אים אמאָל ביים ג ע נ י ס ן, שטראָפט אמאָל נאָכן ז י נ ד י ק ן, ציט אמאָל פון א זייטן־וועג צוריק צום מענטשלעכן טראַקט... און ער ווערט בייז און אומגעדולדיק, און רייסט ארויס דאָס געפיל פון הארץ, וואַרפט עס אין א גרוב אריין און פאַרשיט, און שטעלט, צוליב זיכערקייט, א שטיין אויפן פרישן קבר און זעצט זיך, מעשה בריה, אויף דער מצבה אַרויף און שאַלט פראַלעריש אויס די בשורה דער וועלט:

— געשטאָרבן די רעליגיאָן!

איך האָב זיך אויך פון איר יאָך באַפרייט! — עסט, טרינקט, קושט און לאָזט אייך וווילגיין!

דער איז נישט געפערלעך:

די פילאָזאָפיע פון „היינט איז פורים, מאָרגן איז אויס!" איז צו ל י י כ ט ז י נ י ק, עס זאָל מיטציען מיט זיך א וועלט!

און אויך נישט דאָס קינדישע עם־האָרצל, וואָס זייגט די מילך פון ו ו י ס ן פון פלעשעלע ארויס; וואָס גלייבט יעדן בעלפער און יעדן ביכל און האלט זיך פריי פון יעדן גלויבן...

נישט דאָס שוואכע קעפל, וואָס ווערט באַרוישט פון דער קלענסטער ערפינדונג, פאַרשיכורט פון א מינדסטער נייער ב א ש ר י י ב ו נ ג פון א פיזישן אָדער כעמישן פּראָצעס, און לויפט, אָנגעפילט די געדערים מיט פרייד, אין גאַס, צו די מארק־לייט ארויס און רופט:

הערט, אויס מיטן אומנאַטירלעכן! אַלע טויערן האָבן זיך געעפנט אין אַלע פינצטערע ווינקעלעך איז ליכטיק געוואָרן. נישטאָ קיין מלאָכים

קיין שדים, קיין גאָט. אין ערגעץ נישט! גלייבט נישט דעם רב מיט דער רביצן!

לאָזט אים נאָר ווייטער לערנען! וועט ער טרעפן די זעלבע מויערן אַרום זיין וויסן, די זעלבע פאַרהאַמערטע טויערן; וועט ער אָנהייבן גליסטן צום ווייטערן וויסן, און דאָס פאַרגעפיל פון שפּעטערן וויסן וועט זיין זיין בענקשאַפט און זיין רעליגיאָן...

און נישט דער אין שווערן קאַמף פאַר ברויט און ליכט פאַרביטערטער אַרבעטער, וואָס ווערט עמפּערט, זעענדיק, אַז דער אָפיציעלער פאַרמיטלער צווישן גאָט און מענטש, דער פאַרטייטשער פון זיין וואָרט (ביי אונדז דער רב און דער בעל־דרשן און דער זאָגער אין קליינעם שילעכל), שטעלט זיך אויף דער זייט פון זיין באַצווינגער און פאַרהייליקט אין גאָטס נאָמען דעם רויב, און ערקלערט, לויט גאָטס תורה, דאָס עקזיסטירנדיקע פאַרברעכן פאַר גאָטס ווילן און פאַר אייביק, און אַסרט יעדן קאַמף קעגן אומרעכט, און מאַכט אים טריפה ווי חזיר — און, גלייבנדיק דעם פאַרמיטלער, ווערט ער, דער פאַרביטערטער, אין זיין עמפּערונג, צום פאַרביסנדסטן פיינט פון רעליגיאָן; מוז ער גאָט און זיין תורה אָפּרוימען פון זיין וועג צום זיג; און מאַכט, — אַלס ערשטע דעמאָנסטראַציע! — פון יום־כיפּור אַ יום־טוב — —

וועט ער זיגן, וועט ער אויפהאַלטן די קלויז און איר דינער, — וועט ער ווערן דאָס אייביקע, וועט דער בעל־דרשן דרשענען פאַר אים, וועט דער רב פּסקענען לויט זיין ווילן...

געפערלעך פאַר דער רעליגיאָן אין דער ווירקלעכקייט איז נאָר דער, וואָס שטעלט זי אָפּ; אַליין איינס, אויף וועלכן פּונקט עס איז פון וועג:

ביי דער תורה, ביי דער משנה, ביי דער גמרא, ביים חיי־אָדם... ביים מאָמענט פון אויפבליען, ביים מאָמענט פון אָפּפאַל...

דאָס לעבן שטעלט מען נישט אָפּ, עס גייט ווייטער, און וואָס עס האָט זיך אָפּגעשטעלט, ווערט פון לעבן פאַרלאָזט, הערט עס אויף צו לעבן!

און שטאַרב איך נישט צוזאַמען מיט מיין רעליגיאָן, טראָג איך זי ווייטער שוין נישט אַלס געזעץ פון לעבן! ווערט אַ פאַלשקייט דערפון! לעב איך אַנדערש און גלייב אַנדערש...

האָב איך פאַלשע מאָס און וואָג!

פון רעליגיעזן שטאַנדפּונקט איז גאָט אייביק און אומפאַרענדער־

לעך; דער מענטש אָבער אַנטוויקלט זיך, זיין פאָרשטעלונג פון גאָט פאַר־
ענדערט זיך — אַנטוויקלט זיך און וואַקסט...

שטעלט אָבער עמעץ אָפּ זיין גאָט און גייט װײַטער, ווערט
זיין אָפּגעשטעלטער גאָט קעגן אים אַליין אַלץ קלענער און קלענער, און
ווערט מיט דער צייט אַזוי קליין, אַז דער מענטש, וואָס וויל אים נישט
פאַרלירן, נייט אים, מיט דער צייט, א בייטעלע, לייגט אים אריין און
טראָגט אים אויפן האלדז ווי אַן אַמולעט, — ווי א קמיע, א שמירהלע.

פאַרלירט ער נאָך א צייט דעם גלויבן אין אַמולעטן, טראָגט ער
אים נאָך א געוויסע צייט אויס פּיעטיזם... ביז ער פאַרגעסט דאָס אַמאָ־
ליקע און וואַרפט אים אַוועק, אַלס אַן אומנוצלעך־נאַרישע זאַך.

און וואַקסט מיין פאָרשטעלונג פון גאָט אין מיר און גלייך
מיט מיר, ענדער איך אויך מיין שפּראַך, מיט וועלכער איך רייד מיט מיין
גאָט און די סימבאָלן, אין וועלכע מיין גלויבן גיסט זיך אויס...

דער אָפּשטעלער איז דער ווירקלעכער און איינציקער מערדער פון
גאָט און רעליגיאָן!

6.

# ווער איז שולדיק?

דער „חומש", וואָס איר האָט אין ארענדע גענומען, ווייסט נישט
פון קיין גלויבן; ער רעדט פון פאָרשן, וויסן און
קענען.

איר, אין זיין נאָמען, ציטערט פאַר פאָרשן, וויסן און קענען
און פאַרלאַנגט גלויבן!

און איר האָט רעכט.

ווייל דער „חומש", מיט אייערע אויגן באַטראַכט, נישט רעטראָ־
ספּעקטיוו געזען, נישט דעם לעבעדיקן זאָמען זוכנדיק, דעם בלייבט נישט
מער, ווי צו פאַרלאַנגען קרעדיט!

אייער חומש קאָן שוין נישט ווערן געלעבט, נאָר
געלערנט און געגלויבט.

דער חומש (נישט אייער חומש) רעדט פון לעבן.

לעבן הייסט: באַוועגן זיך, אַנטוויקלען, פּראָגרעסירן, דאָס ארומי־
קע ענדערן לויט ווילן און גייסט, איר הייסט שטיין!

שטייט איר, ווערט דער לעבעדיקער גאָט, לויט דער פאָרשטעלונג

פון איין היסטאָרישן מאָמענט אינעם צווייטן, אין א טויטן געץ פאַר־וואנדלט; און די פריערדיקע פאָרמען פון באציונגען צווישן מענטש און גאָט — צו געצנדינערײַ, און איר רופט עס „ידישקייט"!

לעבן איז באַוועגונג.

גאַנץ אָפט פאַרלירט מען דעם וועג און מען מוז אים צוריק־גיין זוכן.

גאַנץ אָפט מוז מען צוריקגיין און אויפהייבן דאָס פאַר־געסענע, פאַרלאָרענע — אַנישט קען מען ווייטער נישט גיין...

שטיין בלייבן טאָר מען קיינמאָל נישט!

פאַרשטיינערטע רודימענטן, — איבערבלייבענישן פון געוועזענעם און איבערגעקומע־נעם, מוזן, אויב זיי שטערן, אָפּגעראַמט ווערן פון וועג, — און איר וואונדערט אייך, וואָס אייערע קינדער, וואָס ווילן לעבן, טוען עס קעגן אייער ווילן!

אָפּגעלעגענע רואינען, חורבות פון אלטע שלעסער ווערן אויפגעהאַלטן אַלס היסטאָרישע צייכן, אָדער אויס ליטער פּיעטיזם, — וויינען אין זיי קאָן נאָר דער מענטש, וואָס אַנטלויפט פון ישוב, וואָס זאָגט זיך אָפּ פון לעבן, און איר קאָנט נישט פאַרשטיין, פאַרוואָס אייערע קינדער פאַרלאָזן אייערע חורבות און גייען פון אייך, אָבוואָל אומדי־רעקט, געטריבן, זוכן ליכט און לעבן אין פרעמדע הייזער.

נאָך טראַגי־קאָמישער איז דאָס, וואָס מיינענדיק, אַז איר רעטעט די שיל, דינט איר דעם קלויסטער!

דאָס האָט דאָך דער קלויסטער דאָס ידישקייט אָפּגעשטעלט, פון לעבן פאַרטריבן; פון וואַלד און פעלד און פון דער פרייער שטאָט פאַריאָגט, אין געטאָ פאַרשלאָסן און מיט מויערן אַרומגעצוימט... עס זאָל מיטן לעבן קיין מגע־ומשא נישט האָבן!

דאָס האָט דאָך דער קלויסטער אויסגעגראָבן דעם אָפּגרונט צווישן לעבן און יידישקייט; צווישן יידישקייט און וועלט; צווישן יידישקייט און קענען און ווימן...

דאָס האָט דאָך דער קלויסטער דאָס יידישקייט בארויבט פון ווילן, פון דער מעגלעכקייט זיך צו אנטוויקלען און פּראָגרע־סירן, ווייניקסטנס מיטן לעבן צוזאַמען!

דאָס האָט דאָך דער קלויסטער עס אָפּגעשוואַכט, אין דער פינצ־טערניש פאַרזעצט און דאָס אַנטשטעלטע, קראַנק געוואָרענע

יידישקייט, דאָס יידישקייט, וואָס מוז ציטערן פאַר אַ שטראַל ליכט פון דרויסן, פאַר אַ פרישן לופט־צוג פון דער פרייער וועלט, איבערגעלאָזט אַלס אַ צייכן פון גאָטס פלוך אויף זיין אַמאָליק געבענטשט פאָלק ישראל, אַלס אַ באַווייז פאַר דער געטלעכקייט פון נייעם טעסטאַמענט און דער אייביקער שטראָף פאַר אַפּלייקענען די נייע תורה —

און אַז איר, אַבוואָל די מויערן פון געטאָ זענען געפאַלן, טוט ווייטער דעם קלויסטערס ווילן און ערקלערט די ק אַ ר י ק אַ ט ו ר פון אַמאָליקן שטאָלצן גרויסן יידישקייט, וואָס וויל און מוז באַהערשן וועלט און לעבן, פאַר נאָרמאַל און עכט; דאָס געטאָ־יידישקייט צום ל ע ר נ ע ן און ג ל י י ב ן אַלס אַ סגולה אויף עולם־הבא, אָן אַ שום באַציונג צום לעבן — פאַר געטלעך און הייליק, —

מיינען אייערע קינדער, אַז איר זאָגט אמת, אַז דאָס איז דאָס ווירקלעכע יידישקייט און זענען מקיים, נישט ווייסנדיק דערפון, דעם פּסוק „ובחרת בחיים!" — „ווייל דאָס לעבן" און פאַרלאָזן אייך מיט אייער יידישקייט צוזאַמען!

— — — — — — — — — — — — — — — — —

און ווען האָט איר דאָס יידישקייט אָפּגעשטעלט? אינעם מאָמענט פון גרעסטן אָפּפאַל, פון טיפסטן זינקען!

„געגליכן צו דער ערד", „געגליכן צו שטערן"... האָט יעדעם געשלעכט זיין ערד און זיינע שטערן, האָט איר די ערד אין אייערע זעק געזאַמלט און די שטערן אויסגעלאָשן! וואָס האָט אייער יידישקייט פון רמב"ם, פון סעדיה־גאון און פון אנדערע אַזוינע?

האָט איר פון ירושה־פּרוכת אויסגעטעפּעט אַלע גאָלדענע פעדעם, וואָס זיי האָבן אַריינגעוועבט, — האָט איר אַלע פאַרבן, מיט וועלכע זייער קינסטלער־האַנט האָט עס פאַרצירט, אויסגעלאָשן און דערלאַנגט אַ גראָ און גראָב שטיק געוועב אייערע קינדער צו די ליפּן און הייסט זיי קושן אייער ריינקייט!

האָט איר פון אייער יידישקייט דעם לעבעדיקן גאָט פאַרטריבן, אויפן טראָן אָן אָפּגעשטאַנענעם, אַ נ ע כ ט י ק ן געזעצט; האָט איר פון געטלעכן געזעץ דעם ג י י ס ט פאַרטריבן און דאָס טויטע וואָרט געהייליקט; האָט איר פון אייער יידישקייט דאָס פאָלק פון זיין ערלעכער שיינקייט פאַרטריבן — עס קאָן נישט לערנען! און די פרוי מיט איר חן פאַריאָגט — נישט פאַר איר איז די תורה געשריבן! און פריער נאָך דעם, וואָס וויל וויסן און פאָרשן — דער גלויבן וואַקסט נאָר אין דער פינצטער...

האָט איר דעם גייסט פאַרטריבן, — און איר ווילט, אייער יידישקייט זאָל לעבן, בשעת ווען איר אליין לעבט לויט גאַנץ אַנדערע נאָרמען... צי האַנדלט איר און וואַנדלט לויטן יידישקייט? פאַרט איר נישט אַרום אויף באַנען, וואָס זענען געבויט אויף דער וויסנשאַפט, וואָס אייער יידישקייט פאַרלייקנט? קורירט איר אייך נישט לויט דער מעדיצין, וואָס איז אבסאָ־לוט קעגן אייער גלויבן, וואָס צעשטערט אים אויף יעדן שריט און טריט?

און ווילט נאָך נייטן אייערע קינדער, זיי זאָלן ווייטער ציען אייער פוילקייט, פאַלשקייט און טאָפּלקייט, און אַז זיי קאָנען נישט, און מוזן אייך און אייער יידישקייט פאַרלאָזן — ווער איז שולדיק?

און די קאָנסעקווענץ?

„דאָס יידישקייט קאָן נאָר רעטן די קלויז מיט אַ מנין בטלנים!”

## 7.

## דער פּראָם און די פעסטונג

איך וועל אייך נאָכדערציילן אַ מעשה פון גרויסן אינדישן נזיר.

אַמאָל — האָט ב ו ד אַ דערציילט — איז ביים ברעג פון טייך אַ וואַנדערער געגאַנגען.

אַ לאַנגן, שווערן וועג האָט ער געהאַט, און דער ברעג, אויף וועלכן ער איז געגאַנגען, איז אומרואיק געווען.

אין היילן האָבן זיך גזלנים געהאַלטן, אין וואַלד — ווילדע טירע געשלענדערט, אומעטום לאָקערט די געפאַר.

און אויף י ע נ ע ר זייט טייך איז רואיק און שטיל, יענער ברעג איז זיכערקייט — בודאַס איינציקער אידעאַל!

איז אָבער דער טייך אַ ברייטער געווען און אַ טיפער...

שטעלט זיך דער וואַנדערער אָפּ, האַקט אויס אַ פּאָר ביימלעך אין וואַלד, שלאָגט זיי צוזאַמען און מאַכט פון זיי אַ פּראָם, און שווימט אַרי־בער דעם טייך, און קומט צום רואיקן ברעג, וו זיכער וועט שוין זיין זיין וועג...

איז אָבער דער וואַנדערער נישט קלוג געווען און אַזוי געטאָן: אַריבערגעקומען, האָט ער געזאָגט צום פּראָם:

„פּראָם, טייערער פּראָם, דו האָסט מיך פון גזלנים געראַטעוועט, פון ווילדן טיר באַפרייט, נישט איבערגעענטפערט מיך דעם וואַסער פון טייך,

ד א נ ק ב א ר בין איך דיר, הייליק ביסטו מיר, מיין רעטער, נישט פארלאָזן וועל איך דיך!"...

און ער האָט דעם פּראָם אויף זיינע אַקסל גענומען און אויף דער טריקעניש געטראָגן...

זענט איר אים מקנא?

זענט איר מקנא דעם מענטש, וואָס האָט דעם פּראָם, וואָס ער האָט זיך געמאכט, איבער זיינע אַקסל געוואָרפן? וואָס האָט זיין רעטער־געדאנק אויף אייביק אין פּראָם פארהאָלצט?

און דערצו גייט איצט דער וועג באַרג־אַרויף! און שווער איז דער וועג, און איר האָט דעם פארשטאַנד, וואָס האָט דעם פּראָם ערפונדן, א ו נ ט ע ר ן פּראָם געוואָרפן...

„די קלויז מיטן מינין בטלנים!"

— — — — — — — — — — — — — — — — —

און „די קלויז מיטן מינין בטלנים" איז עס נאָר ה יי נ ט — דער פּראָם אויף דער טריקעניש.

אַמאָל, און נישט לאַנג אַזוי איז דער „אַמאָל", איז אייער יידישקייט א גרויסקייט, א שיינקייט, א העלדישקייט געווען!

א פ ע ס ט ו נ ג פ א ר ד ע ר י י ד י ש ע ר נ ש מ ה!

די בורג, וואָס האָט זיך, פון דער גאַנצער קלויסטער־וועלט באַלאַגערט, נישט אונטערגעגעבן!

מען האָט איר אַלע וועגן פון ברויט און וואַסער אָפּגעשניטן, אַרום אַלע וואַסער־קוואַלן פארפּעסט, אַלע פרוכט־ביימער אויסגעוואָרצלט — „יידישקייט" גיט זיך נישט אונטער!

פארהונגערט, פון דורשט פארחלשטע אויסגעמאַטערטע שאָטן פון מענטשן שיצן די מויערן, צווישן וועלכע די יידישע נשמה האָט זיך באַהאַלטן...

צ י י ט ו ו י י ל י ק באַהאַלטן, „עד יעבור זעם" — ביז דער צאָרן וועט אריבער...

עס האָט געהייסן:

גאָטס איינציקער נאָמען איז אויף דער וועלט נאָך נישט געהייליקט, אויף א קאָמפּראָמיס צווישן יידנטום און געצנטום באַשטייען מיר נישט. מיר וועלן וואַרטן!

עס האָט געהייסן:

משיח איז נאָך נ י ש ט געקומען, נישט אויסגעלייזט איז די־

וועלט. מיט זינד איז זי פׇארפלייצט, פׇארפלׇאסן מיט טרערן און מיט בלוט! נישט גׇאטס ווׇארט רעגירט, נישט זיין גערעכטיקייט... מיר וועלן ווארטן!

האָט איר אָבער פון דער צייטוויייליקער פעסטונג פון דער „עד־יעבור־זעמדיקער" בורג אן א י י ב י ק י י ט געמאכט, דאָס שוץ־מיטל צו צ י ל און צ ו ו ע ק! און אז די באלאגערונג האָט אָפּגעצויגן, אז די טיראנען האָבן אויפגעהערט אין די מויערן צו שלאָגן, אז ארום איז פריי און מען קען די טויערן עפענען און ארויסגיין און פראנק און פריי פאר דער וועלט דאָס פארבאָרגענע אנטפלעקן, דאָס באהאלטענע עפענען און פריידיקן גאָטס וואָרט פאר דער וועלט, האָט איר פאר דער וועלט נאָר איינאיינציק וואָרט:

— הייליק איז די פעסטונג.

ווער איז אייער גאָט? וואָס איז זיין רעכט און גערעכטיקייט? ווי אזוי דארף אויסזען די וועלט און דאָס לעבן אויף איר, זיי זאָלן זיין געט־לעך־ריין? ווי אזוי וואָלט איר אויסגעלייזט די וועלט?

שטייט איר און מורמלט: איזהו מקומן...

איר האָט דעם ת ו ך פארלאָרן און די וואלן פון פעסטונג פאר־הייליקט! די כ ו ו נ ה פארגעסן און אָטעמט ווייטער איין אין די לונ־גען די קראנקע, די פארשפארטע, פייכטע לופט פון קאזעמאט, גלייך ווײ־רעך פון הייליקטום!...

די נשמה איז אויסגעוועבט, — מיט טרוקענע ווערטער קען מען צו דער וועלט נישט קומען, — באהאלט איר אייך מיט אייער יידישקייט פאר דער וועלט!

און זאָל די וועלט, וואָס איר דארפט באצווינגען, אליין צו אייך קומען, אויף די קני פאלן און בעטן זיך: רעגיר! — וועט איר פון אייער קאזעמאט נישט ארויס, די פוילע קליידער פון לייב נישט אראָפּווארפן, דעם קאָפּ נישט צובייגן צו דער דערלאַנגטער קרוין...

איר וועט דאָך דער וועלט נישט זאָגן: לייג אוועק דיין אנטיסעפּטיק און ניץ אַש פון א פארברענטער קו!

לייג אוועק דיין מעדיצין און, ווערט א מגיפה, שטעל אויף א קר־פּערנע שלאַנג! ווארף אוועק דיין זיבן־פעלדער־סיסטעם און מאך שמיטה מיטאמאָל איבער דער גאנצער ערד! שטעלט א מיקדש מיט קרבנות און מיט ערד פון אונטער דער פאָדלאָגע פאר א סוטה?

איר האָט די נשמה געטייט, און מיטן טויטן גוף פון אמאָל געווע־

זענעם, גרויסן שטאָלצן יידישקייט קאָנט איר צו דער וועלט נישט קומען, באַהאַלט איר זיך פאַר דער וועלט!

און איז דאָס יונגע דור, וואָס האָט זיך איבערגעוואַלט פון קאַזאַ־מעט אַרויסגעריסן, צום לעבן, צו דער וועלט געקומען, האָט ער פאַר לעבן און וועלט קיין יידיש וואָרט נישט געהאַט! זענען די איניקלעך פון די שטאָלצע קעמפּער פאַרן יידישן אמת צו וועלט און לעבן אַלס בעטלער געקומען, לעכצנדיק צום פ ר ע מ ד ן וואָרט! געפּרווירענע און פאַר־שטאַרטע זענען זיי געקומען, און נאַקעטע... און פרעמדע קליידער אויס־געבעטלט האָבן זיי קוים, זייער שאַנד צו פאַרדעקן! און ביי פרעמדע אויוונס זיך אַן אָרט אויסגענאַרט, ביים פרעמדן פייער זיך צו דערוואַרע־מען! און מיט ברייט־געעפנטע מויל און אויערן פאַר פרעמדע וואָרהייטן!...

און איבער דער גאַנצער צייט איז דאָס ב ע ס ט ע, דאָס ש ע נ־ס ט ע, דאָס ש ט אַ ר ק ס ט ע, דאָס לעבנס־פעיקסטע פון אונדז אוועק! זענען ביי אונדז די שאָטן וואָס א טאָג פינצטערער און גֿעדיכטער געוואָרן און די לופט — פוילער און פוילער, צום דערשטיקן — —

אָבער נאָך ערגער איז געוואָרן, אַז אַ טייל פון זיי איז צוריקגעקומען — מיטן פרעמדן וואָרט!

אַ ברייטן וועג, וואָס פירט אָפּ פון יידישקייט, האָבן זיי געעפנט, א ברייטן און געפערלעכן וועג — דעם פ אַ ל ש ־ נ אַ צ י אָ נ אַ ל ן!

8.

## „כ כ ל ה ג ו י י ם"...

„רענעסאַנס!" א קליין, איינאיינציק וואָרט, אָן א צוגאָב, אָן תנאים פון אָ ר ט און צ י י ט... א קליין וואָרט און א זאָמען איז עס, פון וועלכן עס דאַרף אַרויסשפּראָצן א וו ע ל ט, אַ יי ד י ש ע וו ע ל ט...

און מעבטיק שטאָלץ איז דאָס וואָרט, און נ י ש ט נייַ; עס איז דאָס אַלטע פּראָפעטן־וואָרט! דאָס משיח־וואָרט!

אייביק זענען די אידעען, זיי טוישן נאָר, אין דער אַנטוויקלונג, די פאָרעם.

איז אָבער דאָס וואָרט אין זיין ר י י נ ק י י ט אויפסניי נאָך נישט געזאָגט געוואָרן...

ווען דער אָפּגעשוואַכטער קלויסטער האָט אָפּגעצויגן, ווען די מויערן פון געטאָ, וואָס איז געווען אונדזער תפיסה און פעסטונג צוזאַמען, זענען

געפאַלן, — איז דאָס יידישקייט צו־דערשלאָגן געווען, צו־שוואַך דערצו, — עס איז צ י י ט ו ו י י ל י ק אָן אָטעם געבליבן.

זוכט איינער דעם פּולס און געפינט נישט, אָדער טויבלעך איז ער און הערט אים נישט, מאַכט ער:

— עס זאָגט אָפּ, דאָס יידישקייט!

און א שאָד איז עס אים:

— אַמאָל אַזאַ נגידה געווען, דער וועלט א גאָט געשענקט!

און ער טרייסט זיך: א ירושה לאָזט עס, דאָס יידישקייט:

— א יחוס א גרויסן! אַן אייביק ג ע צ ו י ג ן  ו ו ע ק ס ל אויף כבוד פון דער וועלט!

און ענדיקט רעזיגנירט:

— אייביק לעבן קאָן מען נישט! די צייטן פון רעליגיאָן (און יידיש־קייט איז פאר אים נישט מער!) זענען איבערהויפּט פאַרביי... אפילו דער קלויסטער, דער שטאַרקערער, דער ייִנגערער פאַלט... דאַרף מען דעם „יידישקייט" זיין רעכט טאָן, פיינע תכריכים נייען, אויפן מיטאָלאָגישן בית־עלמין א בכבוד אָרט געפינען... „יאַווע" איז דאָך גרעסער פאַר יופּיטער!

האָט א צווייטער מער פּיעטיזם און ראָט:

— נישט באַערדיקן זאָל מען, נאָר באַלזאַמירן! זאָל עס, ווי עס איז, פאַרשטיינערט בלייבן — אויף אייביק! א היסטאָרישער מאָנומענט, פאַר אַלטערטומס־פאָרשער — אַן אייביקע פרייד!

הייסן הייסט עס:

— אָפּגעגאַנגען, אָפּגעדאַנקט האָט די יידישע נאַציאָן, שטעלט איר דאָס יידישקייט אירס אַלס מצבה אויפן קבר!...

ווילן אָבער נאָך אַנדערע נישט אָפּטרעטן...

נישט אַזוי לייכט שטאַרבט א נאַציאָן...

„בלוט איז קיין וואַסער נישט"!, עס האַלט דער נאַציאָנאַלער אינ־סטינקט.

עס ווערט אַמאָל פאַרטומלט, פון א שטיק שרייענדיק עולם־הזה אי־בערגעשריגן און ער פאַרשווייגט א ווײַלע, — וועקט ער זיך אָבער שפּע־טער נאָך שטאַרקער און שטראָפט נאָך העכער, נאָך געוואַלדיקער!

און ווו אַהין אָפּטרעטן?

נישט אָפּן זענען נאָך טירן און טויערן!...

דער גויישער מאָגן איז נישט אַזוי ברייט און נישט אַזוי געזונט, „יחידי־סגולה" — באַנקירן גרויסע, פּאָליטיקער, באַרימטע געלערנטע,

זינגער, וויאָלין־שפּילער... נעמט ער אויף און פאַרדייט נאָך ווי עס איז...
א ל ע פאַרדייען קאָן ער נישט...

און בלייבט דאָס „געזינדל״, ציט עס צוריק צו זיך, ווי א מאַג־נעט, לאָזט עס נישט רוען...

און שמדט מען זיך נישט צוליב קינדער און קינדס־קינדער, טראַכט מען אַזוי:

ג י י ן מ ו ז מ ע ן, ביים יידישקייט בלייבן קאָן מען נישט, דער שטראָם פון לעבן טראָגט, מוז עס מיטנעמען!

נאָר נישט אינגאַנצן!

עס איז אַזוי גרויס, אַזוי אומגעלומפּערט שווער און — אַזוי נישט שיין!

פאַרקלענערן מוז מען עס, שטאַרק פאַרקלענערן און פאַרצירן...

און אָפּעררירן לאָזט זיך עס.

מען שניידט אין טויטע פאָרמען, און עס גיט קיין טראָפּן בלוט, און מען הערט קיין קרעכץ!... אפשר ברומט ערגעץ א שכינה אין א חורבה — ווער הערט זי?

און ווי לייכט עס רייסן זיך די בלעטער פון סידור אויס! ווי שיין עס זעען אויס די ספרים אין ארכיוו! ווי פיין אָפּגערייניקט איז געוואָרן די יידישע שטוב, נעם און שטעל א יאָלקע, זי פּאַסט!

דאָס געבליבענע שטיקל יידישקייט וועט בלייבן אין שיל, פאַר־זאָרגן וועט זי — דער רב...

דער רב מוז אָבער אויסזען, ווי א מענטש... דעם פּאַסטאָרס טראַכט איז אַזוי שיין, מאַכט אים עפּעס אַזוינס... און די שול מוז ווערן סינאַגאָגע, מוז ווערן טעמפּל... יענץ איז א דלות, און דלות עקלט...

און אָן פּיוט, קרבנות און ארץ־ישראל איז דאָ געבעט, אפילו אויף דייטש איבערגעזעצט, גאָרנישט „שאָקינג״... עס איז „גאָטעס־דינסט״, וויי־ניקסטנס אויף איינמאָל אין יאָר...

אמת, עס ציט נישט, עס האָט עפּעס פאַרלאָרן פון דעם, וואָס האָט געצויגן, — וועט דער אָרגל ציען, א מיידל־כאָר וועט שלעפּן די יוגנט ביי די האָר... און דער שטיל־האַרציקער, נאָר אָ ר ע מ ע ר סיני־ניגון מוז געענדערט ווערן, עס מוז — שאַלן! ווי אין קירך!

און קאָן מען נישט שבת, וועט עס שאַלן זונטיק!

עפּעס מוז בלייבן!

און מען שניידט, ענדערט, פאַרפומירט — און טויט בלייבט טויט...

די אלטע האלטן זיך, ווי עס איז... אוים פיעטיזם... די יוגנט אנטלויפט — די רעפארם באנקראטירט...

קומט א „נייער" מענטש און מאכט א גוטע מינע צום שלעכטן שפיל, ער איז קעגן יעדער רעפארם:

— רירט נישט! די נשמה איז אוועק, די פארם איז געבליבן, די הויפט־זאך איז געבן די פארם!... דעם וויין טרינקט מען אוים, אדער ער ווערט אויסגעוועבט אליין, אייביק איז דאס פאס!

האלט זיך פעסט אן פאס, און גיסט אריין פרישן וויין! ליכט צו באקומען! וויינהענדלער פעלן נישט... עס טוישן זיך נאר די פירמען, אמאל איז געווען אריסטו, היינט — ספענסער, מארגן — ווייס איך ווער...

האלט זיך נאר אן פאס!...

זוכט נאר א פרייען און זיכערן קעלער, וווּ עס אנידערצושטעלן!

איז די „פאס־אידייע" אויך אידייע —

קומט אבער די צייט אויף אידייען, פאלן זיי פון דער מאדע ארוים.

די צוריקגעקומענע פון איראפע, צי פון דארט צוריקגעטריבענע, אדער אליין, אוים רחמנות צום ארעמען, געפלאגטן פאלק אדער אוים פיעטיזם און דערוועקטער בענקשאפט צוריקגעקומען, האבן אונדז די בשורה געבראכט:

— איר זענט א פאלק!

דאס האבן מיר אייגנטלעך לאנג געוווסט, קיין שפראך אין דער וועלט האט נישט אזוי פיל באצייכענונגען אויף ראסע און פאלק, ווי העברעאיש, ניי איז געווען נאר דער צוגאב!

„נישט מער!"

זיי האבן מער נישט געפילט און ביי די פרעמדע מער נישט געזען!

„א פאלק און נישט מער" — דא הייבט זיך אן די געפאר!

.9

# דער אונטערשייד.

קומט מען פון ערגעץ צוריק און מען קוקט אויף אונדזער יידישער טראדיציע מיט פרעמדע אויגן אדער, ווייניקסטנס, אויף פרעמדע ברילן, זעט מען עפעס אויסטערלישס.

קאן מען דאס אויסטערלישע נישט פארשטיין, זאגט מען

— נישט נאָרמאַל!

„ווו עס פעלט דער באגריף, ווערט געשאפן דאָס וואָרט!“

„נישט נאָרמאַל“ קאָן אָבער זיין אזוי אונטער, ווי איבער דער נאָרמע, נישט נאָרמאַל קאָן זיין שגעון און געניע.

נישט נאָרמאַל איז דאָס פארברעכריש - אטאוויסטישע און צוגלייך דאָס פּראָפעטיש - רעוואָלוציאָנערע.

אז „נישט נאָרמאַל“ האָט מען שטענדיק געוווסט:

עם לבדד ישכון — גוי אחד בארץ — חטיבה אחת בעולם... —

דארף אָבער דאָס „נישט נאָרמאַלע“ אָפּגעשאַצט ווערן...

אויף אַלעם, זיך אַליין נישט אויסגעשלאָסן, מוז מען קוקן מיט א פריי אָפן אויג. אַלץ מוז געשאַצט ווערן, אזוי דער מענטש, ווי די נאַציאָן, ווי ווייט מעגלעך איז, אָביעקטיוו.

ביים שאצן פארגלייכט מען, אָבער נישט כדי אויסצוגלייכן, אין א געשטעלט סדום-בעטל צופּאסן, נאָר כדי צו געפינען דאָס נישט-גלייכע, דאָס איינגנארטיקע.

אזוי, אייגנטלעך, טוט אויך דער איינצלנער מענטש.

וואָס העכער דער מענטש איז, אַלץ אָפטער פארטיפט ער זיך אין זיך אַליין, אַלץ באטראכט ער זיך אַליין, פרעגנדיק: צו וואָס? נאָך וואָס?

ער ווארפט זיך קיינעם, אויסער זיך, קיין אנדערן איינצלנעם מענטש נישט אונטער, ער זוכט ביי קיינעם נישט קיין רעכטפארטיקונג פאר זיין לעבן, קיין הסכמה אויף זיין עקזיסטענץ, ער וועט זיין רעזאָן ד'עטר נישט גרינדן אויף נוצלעכקייט פאר זיינסגלייכן אָדער אויף ענלעכקייט צו אים.

ער פארטיפט זיך אין זיך, ווייל ער וויל זיין זיך אין זיך געפינען, דאָס געפונענע פון מינדערווערטיקן רייניקן, דאָס מערווערטיקע פלעגן, אנטוויקלען, זיך די אנטוויקלונג פאר ציל און צוועק שטעלן, און דערפאר איז ער גרייט צו שטרייטן, צו קעמפן ביזן לעצטן טראָפּן בלוט, צו אָפּפערן זיין לעבן...

ביי דעם פּראָצעס קוקט אויף זיך דער העכערער מענטש פון נאָך א העכערן שטאנדפונקט: פון דער הויך, צו וועלכער ער מוז, לויט זיין נאטור, שטרעבן... פון זיין „איך“ אין ווייטסטן פונקט אויף זיין לעבנס-וועג.

דער אַזוי פאָרגעשטעלטער „איך“ איז זיין אימפעראַטיוו, זיין ריכטער.

ער איז נישט באַנקראָט, און די פאַרגאַנגענהייט גיט אים נאָר דאָס מאַטעריאַל צום זיך דערקענען. ער ליקווידירט זיין לעבן נישט, און זיין „איך" אין דער קעגנוואַרט איז נישט זיין ריכטער און שאַצער — זיין „איך" אין דער צוקונפט איז זיין שטרעבן און גלויבן, און דער רעכט־פאַרטיקער פון זיין לעבן...

דאָס זעלבע מיט פעלקער...

זוך איך מיין יידישקייט, זוך איך עס פאַר מיר, זוך איך עס אין דער צוקונפט, אויפן גרונט פון מאַטעריאַל אין דער שפּעפרישער פאַר־גאַנגענהייט...

די קעגנוואַרט, דאָס „געלערנטע חומש מיט רש"י" לאָז איך ארויס — דאָס איז אונדזער ד ע ק א ד א נ ס — אונדזער אָפּפאַל.

איז דער ריכטער פון איינצעלנעם מענטש זיין איבער־מענטש; און דער ריכטער פון דער נאַציאָן, נישט קיין אנדערע — נאָר די נאַציאָנאַלע צוקונפט — איר שטראָם, ווען ער פליסט אריין אין ים — אין דער פרייער מענטשהייט אריין...

פאַר דער נאַציאָנאַלער צוקונפט שטעל איך די א יי ג נ א ר ט פון מיין פאָלק (האָט ווער אַן „אתה", זיין „אתה בחרתנו!") און פרעג:

בין איך מ י נ ד ע ר ־ אָדער מערוווערטיק?

אז נישט גליך, דאָס וויים איך. —

— — — — — — — — — — — — — — — — —

מיין פאַרגאַנגענהייט דערמאָנט:

וועסט נישט דינען קיין אַנדערע געטער, נאָר דיין איינציקן גאָט.

אין מיט פון דיין לאַנד, אין ירושלים, וועסטו זיין טעמפּל שטעלן.

דריי מאָל אין יאָר וועסטו צום טעמפּל קומען, פאַר גאָט זיך באַווייזן, אים דיין אָפּפער געגענען, אים דאַנקען, בעטן און דינען...

איין פאָלק, איין לאַנד, איין טעמפּל, איין געזעץ, איין גאָט...

און אַלץ ווערט פאָרמירט צוזאַמען, אין איין אָטעם...

ערגעץ אנדערש טאָר קיין טעמפּל נישט זיין און קיין מיזבח. ערגעץ אַנדערש, ווען אויך דעם איינציקן גאָט, טאָר קיין קרבן נישט ווערן גע־נענט, קיין ווייריך אויף דער פאַן גערויכערט, — דאָס ווערט באַשטראָפט מיט — טויט!

און דאָך איז פאַר א ל ע דער טעמפּל...

מעג קומען דער פ ר ע מ ד ע ר און ב ע ט ן , גאָט וועט צוליגן זיין אויער, און זיין אָפּפער באַווילקן, און ווער עס וועט רופן דעם נאָמען

פון איינציקן גאָט, דער איז זיין קינד... און פון ציון גייט ארוים דאָס געזעץ פאר פעלקער...

די נאציאָנאלע — וועלט - אידייע!

האָבן עס אנדערע פעלקער?

האָבן דייטשן, פראנצויזן, ענגלענדער, רוסן און אנדערע אייראָ־פּעאישע פעלקער א נאציאָנאלע וועלט־אָנשויאונג, א נאציאָנאלע רעליגיאָן? אָדער נאציאָנאלע וועלט־אידעאַלן?

פאראן „דייטשע פילאָזאָפיע", דאָס הייסט: פילאָזאָפישע ביכער, געשריבן פאר דייטשן אויף דייטש... קיין דייטש־פילאָזאָפישע אידייע איז נישט פאראן.

פאראן פ ר א נ צ ו י ז י ש ע אידעאַלן פאר און צוליב דער פראנ־צויזישער נאציאָן: גרוים זאָל זיין פראנקרייך און צעשפּרייט, און גערימט, באָדן זאָל זי זיך אין גלאנץ...

פאראן אידעאַלן פאר ענגלאנד: איך די פאבריק, די גאנצע וועלט מיין מארק!

און אזוי אלע... אלע...

„קריסטן" זענען זיי...

האָט זיי דאָך דאָס קריסטנטום נישט פאריניקט. זיי האָבן זייער קריסטנטום נישט באשאפן; מען האָט עס זיי אָנגעוואָרפן מיט געוואלט, אָדער זיי האָבן עס גערנוויליק אָנגענומען. עס איז נישט ארויסגעשפּרונגען פון זייערע געהירן, נישט ארויסגעשפּראָצט פון זייער געבליט...

דאָס זענען פעלקער פון קלויסטער באצווונגענע...

שווימט דאָס פרעמדע ארום פון אויבן און קומט נישט אין תוך פון דער נשמה אריין... האָט עס מיטן ווירקלעכן לעבן קיין מגע־ומשא נישט: עס ווערט אוים סאָציאלע דערשיינונג. עס ווערט „גלויבן"... עס ווערט א שליסל אויפצועפענען דעם הימל נאָכן טויט, נישט צו באצווינגען דאָס לעבן, עס איז „מלכות השמים", נישט ערד און נישט לעבן אויף דער ערד; עס פארלייקנט ארבעט און אנטוויקלונג...

עס איז ג ל ו י ב ן, נ י ש ט ו ו י ל ן; ע ס א י ז א ָ פּ ז א ָ ג ן ז י ך, א ָ פּ ש י י ד ן, א ו ו ע ק ג י י ן; אויסלייזן זיך פון לעבן נישט פארן לעבן...

טראָגט מען עס אויבן, א י ב ע ר ן לעבן, ווי א מאנטל; אינעם לעבן, א ו נ ט ע ר ן מאָנטל רעגירט דאָס ר ו י מ י ש ע רעכט, די ג ר י כ י ש ע קונסט, די אייראָפּעאישע ט ע כ נ י ק . . .

פיר פארשידנארטיקע קוועלן פון רעכט — די פינפטע איז די נ אַ צ י אָ נ א ל י ט ע ט וואָס הייליקט שוין אַלע פאַרברעכן קעגן אנ־דערע אַלס — פּאַטריאָטיזם...

און דעריבער ווײַל זיך אַן אייראָפּעאישע נאַציאָן ווירקלעך באַפרייען, מוז זי זיך צו אַלעם ערשטן באַפרייען פון אינטערנאַציאָנאַלן קלויסטער... ווײַל זי פּראָגרעסירן אין ל ע ב ן, מוז זי זיך אָפּזאָגן פון הימל, פון רע־ליגיאָן...

מיר — אַ פאָלק אָן באַזיץ, אָן אַן איינהייטלעכער שפּראַך, מיט אַ דראַנג נאָך קולטור און נאָך אָן קולטור, מיר — אַלס „נאַציאָן און נישט מער”, זענען מיר ג אָ ר נ י ש ט!

און ווי לײַכט איז פון גאָרנישט אָוועקצוגיין!...

10.

# נ אָ ך ו ו ע ג ן.

נישט קיין אַקאַדעמישער שטרייט ווערט צווישן אונדז און אַנדערע געפירט.

נאָר אַן איבערפלעכלעכער מענטש זעט נישט דעם צוזאַמענהאַנג צווישן קולטור־מאָמענטן און וועלט־אָנשויאונג.

די וועלט, מיט יידישע אויגן געזען, איז אַן אָרגאַניש צוזאַמענגע־בונדענע, אָרגאַניזירטע און דעריבער מאָראַליש פאַראַנטוואָרטלעכע וועלט.

די וועלט, מיט היידנישע אויגן געזען, איז אַן עפּילעפּטיק, צעוואָר־פענע, באַהאַלטענע און אָפענע קרעפטן, וואָס פאַלן קיין געזעץ נישט אונטער, און וועלכע מען קאָן דעריבער קיין מאָראַלישע פאָדערונגען נישט שטעלן.

אויפן וועג פון היידנטום צו יידישקייט ווערט אינטעגרירט גענעראַ־ליזירט... קומט מען צו געטער און האַלבע געטער. ווערט די וועלט אַ שלאַכט־פעלד צווישן ז יי, הייסט דער שטאַרקסטער, דער זיגערישער — יופּיטער, אַ דעה אָבער האָבן אַלע, אַלע מישן זיך אַריין, איז יעדער גאָט אין זײַן צײַט אָדער אויף זײַן אָרט, אין זײַן טעמפּל אָדער אין זײַן טאָג — געזעץ און אימפּעראַטיוו.

איז, ווייטער און נענטער צום יידנטום קומענדיק, דאָס געצנטום אַ ו י ס ע ר ל ע ך געפאַלן, די געטער־סימבאָלן, אין האָלץ געשניצט, אין שטיין אויסגעהאַקט, אויף ווענט און לײַוונט געמאָלט — זענען צעשטערט

און צעשטויבט געוואָרן, — פון הונדערטער אימפּעראַטיוון ווערט ד אָ ך געפירט די וועלט... צו קיין אײנהייט איז אויסער דעם יידנטום קיין אײנ־ציקע נאַציאָנאַלע וועלט־אָנשויאונג נישט געקומען...

קיינער ווארפט זיך דעם א יי נ צ י ק ן נישט אונטער.

זענען זיי אלע קענגן דעם יידישן — פּ ר אָ וו י נ צ י א ל י ז מ ע ן, היימיש, אויף אייגן געברויך, געבאַקענע פּ י ל אָ ז אָ פ י ע ן ... קאָן זיך די העכערע א י ד יי ע דער נידעריקער נישט אונטערגעבן, דאָס העכערע בלוט אינסטינקטיוו מיטן נידעריקערן נישט מישן...

איז דאָס געשריי רענעסאַנס!

לאָזט מיך פריי ריידן מיין וואָרט, פריי ארבעטן און קולטור־ווערטן באַשאפן לויט מיין וועלט־אָנשויאונג, איך האָב אייך אמאָל אזוי פיל גע־געבן, לאָזט מיך נאָך אמאָל געבן. — —

און נישט אויף א באשטימט אָרט ווערט דער שטרייט געפירט. מיר האָבן שוין לאנג די נאַציאָנאַלע קינדער־וויג פאַרלאָזט; גערן אָדער נישט גערן, א וועלט־פאָלק געוואָרן, נישט באַגרענעצט איז דער קאמף, א וועלט־קאמף איז ער!

און נישט מיט דעם אָדער יענעם פאָלק פירן מיר אים, און נישט מיט א קאַאַליציע פון אייניקע פעלקער, יידן און גוים שטייען זיך אקעגן, יידיש בלוט און גוייש בלוט...

קאָן זיך דאָס יידישע בלוט, וואָס איז אין דער רעליגיעזער פאָרעם מ אָ נ אָ ט ע א י ס ט י ש, אין דער פילאָזאָפישער מ אָ נ י ס ט י ש, מיט אנדער בלוט נישט מישן; קאָן א העכערע וועלט־אָנשויאונג דער נידע־ריקער זיך נישט אונטערגעבן, מוז זי שטרייטן אום דאָס רעכט, איר איי־גענע וועלט־קולטור צו שאפן. — —

קומען די אין דער פרעמד געלערנטע און האָבן לייכטע עצות; לייכטע, ווייל אויבערפלעכלעכע...

האָט מען אונדז איבער א לאנגע צייט דאָס מויל פארמאכט, די הענט געבונדן, נישט ריידן געלאָזט, נישט ארבעטן. ראט מען אונדז: גיי און בעטל... אסימיליר זיך, הייסט עס, נאָך וואָס א באַזונדער ווערקשטעל?

האָב איך מיין אָפּשאצן פון שלעכט און גוט, ראָט מען מיר: שאָץ איבער די ווערטן!

שטרייט איך פאר מיין אמת — לאכט מען אויף מיין „מיסיע״ —

אמגעפערלעכסטן אָבער זענען: א י ב ע ר ג ע א יי ל ט ע צ ו ־ ז אָ ג ן און א י ב ע ר ג ע ט ר י ב ע נ ע ר פּ ע ס י מ י ז ם ...

דיין היים איז אָפן, מאָרגן גיב איך זי דיר!

און אז דער מאָרגן איז געקומען און די היים האָט זיך נישט געעפנט — זענען מאַנכע אַנטלאָפן פון אונדז, מער קיין האָפענונג אויף רעטונג נישט געהאַט...

אָדער:

וואָס איר מאַכט אין דער פ ר ע מ ד , איז געבויט אויפן וואַסער, געבויט אויף זאַמד, דאָס טראָגט אַוועק דער ווינט...

ווערט מען אָפּהענטיק, זוכט מען פרעמדע קולטורן, פרעמדע גיטער און שטעלט יענער א באַדינג: זיי מודה, אז משיח איז געקומען, טראַכט מען:

דער קלוגערער טרעט אָפּ...

# ניִשט, יאָ ווײַלן, און ווּעמען?

## (פאָרוואַל-רעדע)


ען האָט דאָ פיל גערעדט אין די בלעטער — פיל געשריבן וועגן דער יידיש־וואַרשעווער וואַל־טראַגעדיע; פאַר מיר, איך זאָג אייך פאָרויס, איז די גאַנצע וואַל־קאַמפּאַניע, וואָס ווערט גע־פירט פון דער זייט, אין רעזידענץ פון באַשניטענעם פוילן — א טראַגי־קאָמעדיע, וואָס גרענעצט מיט פאַרס...

אונדזער וואַל־קאַמפּאַניע, וואָס מאַכט אונדז, מיכלומרשט, אזא היים בלוט, און ריירט ביי די פוילישע אוזורפּאַטישע רעדל־פירער די גאַל — ווערט געפירט, פון איין זייט, פון די, וואָס גלויבן נישט אין וואָס עס איז פאַר מעגלעכקייט פון א יידיש לעבן אין דער דיאַספּאָרא און פון זייט — פון אַזעלכע, וואָס גלויבן נישט אין איר אייגן יידיש רעכט אויף לעבן ביכלל, וואָס זוכן דעם טיטל אויף רעכט צו לעבן אין פרעמדן בוזעם־טאַש... וואָס האָבן גאָרנישט אין זיך, נאָר אַלץ א ו י ס ע ר ז י ך , — אויסער דעם פאָלק, וואָס זיי ווילן פאַרטרעטן, און — פיליַיכט אַן איבעריקער „פער"; טרעטן איז איבערגענוג...

אין זאל זענען דאָך פאַראַן נ אָ ך א מנין וואַל־מענער — די אַלטע קאָנסערוואַטאָרן... דער עק פון אסימילאַטאָרישן בלאָנזשענדיקן קאָמעט, אירע געהאָרזאַמע דינער, וואָס קריכן איר אונטער די נעגל... און הייסט זי, שפּייען אויף דער דומע — שפּייען זיי און טרעפן זייערע אייגענע ווייסע בערד... יידישע לעבנס־פראַגן אין דומע וועלן באַרירט ווערן: פון „טשערטאַ אָסיעדלאָסטי" ביז אפּער־פעלד איז א געווג ברייט און ווייט פעלד פאַר שוואַרצרייטעריי פון שוואַרצע לייט. פון אונדזער זייט, אויב באָיקאָטירן די דומע, וועט גאַנץ רוסלאַנד קיין וואָרט פון טריבונע נישט הערן, אָבער אז די אסימילאַציע הייסט באָיקאָטירן, רופן די ווייסע בערד: באָיקאָט! באָיקאָט! פון גער פון דער פראַנציסקאַנער!

אַט ווער עס האָט ביז אהער די וואַל־קאמפּאניע געפירט, דער ייד, דער איינפאכער ייד, וואָס בויט שטילערהייט, מיט העלדישער איינגעש־פּארטקייט, מיט אָפּפער פון פלייש און בלוט, א יידיש לעבן דאָ, אין דעם טייל דיאספּאָרא, וואָס פילט: „איך לעב, האָב איך רעכט", און קעמפט פאר זיין רעכט — דער איז נאָך, ליידער, נישט אָרגאַניזירט, דער איז נאָך צעוואָרפן, ווי זאמד אויף דער גרענעץ פון פּאָליטישן פאָר־וואסער...

וואָלט זיך זיין שטימע געהערט, וואָלט דער ייד אָרגאַניזירט געווען, וואָלט צו קיין פארס, צו קיין טראַגיקאָמעדיע נישט געקומען: באַקומען א מערהייט, אין פּאָליטיק איז „מערהייט" — רעכט, אויב דיין רעכט, ווייל פון דיר דעם שענצטן, דעם בעסטן, דעם קרעפטיקסטן... האָבן אָבער געפירט דאָס רעדל מענטשן, וואָס האָבן דעם גלויבן אָן יידיש־לעבן פאַר־לוירן, אַלץ איינס, צי זיי ווילן דעריבער טרינקען אין פרעמדן וואסער, אָדער אַוועק, ערגעץ אַנדערש בויען — האָט געמוזט קומען צו דער טראַגיקאָ־מעדיע, צום פארס!

שטייען זיך — אָ! דאָס גרויסאַרטיקע בילד! — שטייען זיך אקעגן צוויי פעלקער: א פאָלק פון האַנאָרנע שלאַכטע, וואָס אונטער איר איז היינט טויב־שטום און בלינד געמאַכט! — און פון דער אנדערער זייט מיר, דאָס אזוי גערופענע קרעמער־פאָלק און פירן שטרייט וועגן די וואַלן. גייט דאָס קרעמער־פאָלק און זאָגט זיך אָפּ, דעמיטיק, די ערד קושנ־דיק פון אַלעם גוטן און פארלאַנגט, אַז מתנה לעשיו, זיין וואַלרעכט.... נאַריש, אָבער נישט קרעמעריש, געשענקט פון הויך־מוטיקן פּאָליטיש־נאַ־רישן הארץ, נישט פארקויפט, נישט פארשאַכערט... איז דער האָ־נאָרנע שלאַכציץ, וואָס האנדלט מיט זיין רעכט אין ווין, בערלין, און פאַר־שאַכערט עס אין פּעטערבורג, ווי דער נידעריקסטער „האנדל־האנדל" און טרעט, נישט ווילנדיק מיט אונדז האנדלען, אונדזער דערלאַנגטע מתנה מיט די פיס...

אזוי האָט מען אונדז געפירט און צוגעפירט צום פארס...

איך בין אָבער נישט אהערגעקומען צו מאַכן א סעצעסיע. וואָס גע־שען איז געשען; צו שפּעט צו צעטרענען דאָס געוועבטע און אָנהייבן אויפסניי... ווי פעלערהאַפּט די ארבעט זאָל נישט זיין, געפירט מוז ווערן — ווייטער... „פון איינמאָל געשעענעם — א קייט אויפן האלדז", און נישט קיין גאָלדענע, מוזן מיר זי ווייטער טראָגן; פון איינמאָל געשעענעם קען גאָט אליין קיין קוצו של ייד נישט ענדערן... אָבער נישט דער איז פאר־

בלאַנדזשעט, וואָס איז אויף אַ ווײַלע אראָפּ פון רעכטן וועג, נאָר דער, וואָס דערזעט עס, און וויל נישט צוריקערן...

אלזאָ דער אויסגאנגס־פּונקט — דאָס געשעענע!

מען האָט זיך ציוניסטיש ־ אסימילאטאָריש ־ קאָנסערוואטיוויסטיש אָפּגעזאָגט אין אונדזער נאָמען, אין אײַנפאכן יידס נאָמען פונעם רעכט צו ווײַלן אַ יידישן קאנדידאט. אונדזער, אוים פורן גאָלדיקן הומאניזם, ערלעך גוטער פרײַנט — שוויענטאָכאָווסקי, לאָזט אונדז גריסן פון הויכן פּוילישן פּארנאס אראָפּ, ווו ער דונערט אלס יופּיטער, פרײַנטלעך גריסן; עס איז פון אונדזער זײַט, זאָגט ער, פײַן און איידל! דאנקען מיר אַ ו נ ט ן פארן דאנק פון דער ה יי ך , פארפאלן — אָפּגעזאָגט זיך! ווײַלט נאָר נישט קיין תלין פאר אונדז און מיר זענען צופרידן.

האָט אָבער די קרעמערן אין בערלין, ווין און פּעטערבורג און די האָנאָרנע שלאכטע אין דער היים, אויף אונדזער מתנה דעם פּוס געשטעלט, אָן שפּאָרן און טרעט אונדזער גוטהארציקע מתנה — „מיט אייך רעדט מען נישט, מיר וועלן ווײַלן ווען עס וועט אונדז געפעלן, און אז אונדז געפעלט גראָד, צו דער איצטיקער מזלדיקער שעה, דער תלין, מוזט איר אים מיטוויילן...”

ווערט נישט גוט, צו אלעם ערשטן דער אסימילאציע... חתונה געהאט — און ווען ווען מיט דער לינקער האנט — און שוין געוויר געוואָרן, אז דער מאן איז אַ שלעגער... שרייט זי: אבסטינענציע... קען מאן פון דער לינקער האנט ארויסטרעטן וויל זי נישט, איבערבײַזערן אים קען זי נישט, קען קיין הויך וואָרט קיינמאָל נישט ריידן, — דאָס צנועהדיקע קעבס־ווײַבעלע... אלזאָ בעט זי אייך רחמים: דערצערנט אים נישט, (שטילער־הייט: דער גזלן!) שווייגט — (און הויך, ער זאָל הערן:) אבסטינענציע...

און אָט קענען דער נידערטרעכטיקער מאדאם — אבסטינענציע וויל איך ארויסטרעטן; קענען אָפּהאלטן אייך פון די וואלן... וואָס פארא זיסע ריידעלעך מיר האָבן פון די וואָל־טריבונען פון די אבסטינענטינס זײַט נישט געהערט, וואָס פאר אַ שטרוי עס איז איבער צייט נישט געדראָשן און איבערגעדראָשן געוואָרן, — דער זים־שטרויענער אינהאלט לאָזט זיך צופירן צו איין וואָרט: „פּאָגראָם”! מען שרעקט אונדז מיט פּאָגראָמען, דעריבער האלט אייך אָפּ, לאָזט ווערן אייער תלין אייער פּאָליטישן שונא... און שרעקיקע פעלן נישט...

אָבער, מײַנע הערן, נישט נאָר אין וואל־צייט צו דער דומע שרעקט מען אונדז מיט דעם אלטן, גוט אויסגעפּרוווטן געווער... מען האָט זיך

מיט דעם זעלבן געווער אויך ביי אונדזערע היימישע, קהלישע וואַלן באַנוצט; די זעלבע הענט! נישט נאָר איצט, ווען עס גייט וועגן „קרוין־פּוילן", וועגן דעם פּראַנט, — ווי די פּוילישע צייטונגען באַצייכענען עס, — ווי אַזוי עס דאַרף אויסזען די פּוילישע סטשעכע, די פּוילישע פּאַטער־לאַנדס־שטוב... דאָס זעלבע האָב'מיר געהערט ערשט נישט לאַנג, און פון די זעלבע געדוננענע מיילער, אויך ווען עס איז געגאַנגען וועגן אונדזער היימיש קהליש ווינקעלע, ווי עס זאָל אויסזען... ביז אַהין גייט די צענזור פון האַנאַרנע שלאַכטע, ביז אַהין די טכוירשאַפט פון אונדזערע — זייערע דינער... דער געשטרענגער צענזאָר וויל אויך וויסן, ווער עס וועט זיין דער גבאי אין אונדזער קהל־שטוב, ווער עס וועט אונדזער אָרעמע שפּייזן (אימשטיינס געזאָגט!) אונדזערע מתים באַגראָבן (דאָס — על צד היותר טוב!) און א רוף: „קלייבט אונדזערע משרתים. א'נישט..." האָבן זיך א טרייסל געטון אונדזערע באַנקיר־בייכלעך, די געלט־בייטלען א קלינג געטון: באָם! און — געוויילט געוואָרן, ווי איר ווייסט...

מוז דעריבער צום אַלעם ערשטן אַפּגעוואָרפן ווערן די שרעק. שרעק איז א שלעכטער יועץ. מען מוז קלאָר מאַכן די פּאָליטיש־סאָציאַלע לאַגע. וועט מען אונדז שלאָגן?

איך ווייס נישט. דער „קוריער וואַרשאַווסקי" פאַרזיכערט, אַז עס פעלן אים די אינסטינקטן צום שלאָגן. די לינקע זאָגן, זיי לאָזן נישט שלאָגן. דער רעוויראָווי זאָגט: מען וועט נישט שלאָגן!

נאָר אויב שלאָגן, רבותים, שלאָגט מען דעם געבוירענעם, וואָס לאָזט זיך שלאָגן...

די ריטער־צייט און איר מאָראַל, די צייט פון דאָן־קיכאָטס, איז פאַרביי. מען שלאָגט לינגנדיקע און נאָר ליגנדיקע — אָבער אַנטיסעמיטיזם, דער פיינער, וואָס שמייסט נישט, ער נעמט דעם ביסן צו פון מויל!

און דעריבער זאָגט מען: רייצט נישט! דאָס פּוילישע פאָלק איז אדרבא ואדרבא, לעבט און לאָזט לעבן! גיט אייך אונטער, האָט איר אַלע פּריויהייטן, די גאַנצע פולע גלייכבאַרעכטיקונג, לאָז נאָר דער אַנטיסע־מיטיזם שלאָפן, וועקט אים נישט.

איך האָב פיינט דאָס וואָרט „אַנטיסעמיטיזם" — עס איז א גראָבער ליגן. נישטאָ קיין אַנטיסעמיטן. סעמיטן — טערקן און אַראַבער — זענען קענען אונדז גלייך מיט די אַריער, גיבן אונדז אַזוי פיל מאַנדאַטן, ווי זיי!

איך קאָן אויך נישט לידן דעם שקר פון טובות אוים לויטער גוט־האַרציקייט, כל־זמן דער אַנטיסעמיטיזם שלאָפט...

לעבן איז נישט לעבן לאזן!

מען גיט נישט. אין לעבן מוז מען נעמען. אין לעבן מוז מען פאר אליץ באצאלן. מען גיט אמאל, נאר פרעמדס. גיט א קעניג „רעכט", „גלייט־בריוו", „גראמאטעס" אויפן חשבון פון אדל. גיט דער אדל רעכט און גראמאטעס אויפן חשבון פון דער שטאטישער באפעל־קערונג. — וואלט די ליבעראלע בורזשואזיע געגעבן רעכט אויף ארבעט אין פאבריק, — ליידער, קוים איז אויפגעשטאנען די פאבריק, האט זי שוין די בורזשואזיע וויי ניק וואס צו זאגן! ניין, ליבע צוהערערס, אייגנס גיט מען נישט. אייגנס איז א קאנקורענץ־זאך!

האט רעגירט דאס דארף, האט מען אונדז געדארפט פאר דער שטאט. געלט האט מען געברויכט, האנדל און געווערב האט געפעלט! א קליין ביסל פויליש פאלק האט געקאנט שמייסן און דער רוב — אונטער די ריטער ארבעטן אין פעלד מיט א הילצערנעם אקער!

קאנען ביידע נישט באשאפן קיין מיטלשטאנד, קיין האנדל און קיין געווערב, האט מען פרעמדע גערופן. בייטשן אויך אונדז! מיר זענען געקומען מער. קיין היים נישט געהאט!

היינט שפרייזט דאס דארף מיטן קליין־אדל און פויערן אין שטאט אריין, מיר דאקעגן אין דארף אריין קאנען נישט; דערפאר האט שוין דאס געזעץ געזארגט. איז אן איינזייטיקע קאנקורענץ; עס ווערט ענג! ווי גוט דער פאליאק זאל נישט זיין, דעם ביסן פון מויל רייסן מוז ער!

יא וויילן, נישט וויילן. די עקאנאמיש שוואכע פון אונדז מוזן און וועלן אפטרעטן, מוזן עמיגרירן; די עקאנאמיש שטארקערע, גאר שטארקע האבן מיר נישט, וועלן זיך מוזן ארגאניזירן, פארטיידיקן און מיט דער יידישער איינגעשפארטקייט איבערלעבן און זיגן!

דאס, און מער קיין נייעס איז נישט געשען. רעדט נישט פון אנטיסעמיטיזם!

האט זיך געענדערט די באציאונג, איז דאס פאלק אנדערש געווארן, די פוילישע פרעסע אויף דער גאנצער ליניע איז קעגן אונדז, — איז עס נישט קיין פראגע, פון ליבשאפט און פון האס, פון ליבשאפט און נקמה! — מען האט אונדז גאנץ באשטימט ליבער, וויי ניקסטנס ווייניקער פיינט, ווי דעם „זשיד ניעווערני" אמאל, אין די עקאנאמיש בעסטע צייטן, געענדערט האט זיך אט וואס:

כל־זמן א פאליאק האט געהייסן צער האבן, וויינען אויפן גלות פון דער פוילישער שכינה, פראטעסטירן (אין דער היים שטיל, אין אויסלאנד

הויך) קעגן אונטערדריקונג, האָט מען אונדז זייער גערנוויליק דערלויבט דעם טיטל פּאָליאק.

יידעלע, קלאָג! שריי מיט! האָסט אויך אויערן אין אייראָפּע, און וואָס שאדט עס? זאָג קינות אויף אונדזער גלות אויך!

הייסט אָבער אַ פּאָליאַק אַזוינער, וואָס האנדלט און וואנדלט און ביפּרט אַזוינער, וואָס דאַרף זיך פּאַרען ביי דער קאַסע פון דער זעלבסט־פאַרוואַלטונג, איז „פּויליש" נישט נאָר טרערן און קרעכצן, נאָר אויך מאַכן הוצאה והכנסה אויפן קהלישן חשבון אין שטעטל, — ברידערלעך, טרעט אָפּ! איר זענט דאָך זרע אברהם, יצחק ויעקב, מאַכט קיין קונצן נישט.

דאָס איז דער קלאָרער אמת, דער אָפענער איין־און־דרייסיק.

און די אסימילאַציע ווייסט נאָר איר שפּרוך:

— ניע דראַזניץ! שווייגט, נוצט אייער רעכט נישט אויס. לייגט אייך, ווי די לעמעלעך, אַ געשמאַק זאַך. מען וויל געקוילעט ווערן, ווי כפּרות אין דער שטילער נאַכט.

מען פאַרציילט, אין פּעטערבורג, אין אַ רעסטאָראַן, האָבן זיך גע־טראָפן אינספּעקטאָרן פון שולן, וואָס זענען געקומען „באַמיען" זיך צו פאַרבעסערן זייער לאַגע מיט גרעסער געהאַלט און „טשינעס".

זיצט מען, טרינקט מען און מען רעכנט אויס זכיות... נאַטירלעך: דער טיטל אויף זכיות זענען מיר! דער האָט פעסט אָפּגעהיט די נאָרמע. דער צווייטער האָט זי נאָך פאַרקלענערט. דער דריטער, נאָך מער בריה, אַ צירקולאַר פון מיניסטער באַקומען, צוצונעמען אַ יידן — און נישט גענומען: וואָ!

שטייט אויף נאָך איינער:

נישט אַזוי האָט ער כשר פאַרדינט אַ „וולאַדימיר", צי אַן „אַננאַ" אָדער ח"י גדולים הוספה. ער האָט גאָר אין שול קיין יידן נישט. דאָס האָט מען פּאַראים געטון. ער האָט אַ דערפינדונג געמאַכט: אַ מאַשין צום שמייסן. מען דאַרף נישט צולייגן קיין הענט.

אונדזער אסימילאַציע האָט אַ גרעסערע דערפינדונג געמאַכט, זי האָט זיך אַליין אָפּגעשמיסן!

„מיר זענען פּאָליאַקן! און ווען אַלע פּאָליאַקן זאָלן עס לייקענען — מיר פילן, מיר זענען און — אבסטינענציע: מיר יידן ווילן נישט"!

נאָר פאַרוואָס האָט זי גענאַרט, דעם אמת נישט געזאָגט? מיר לעבן נישט אַזוי נאָענט מיט דער „שליאַכטע", מיר לעבן אונדזער אָפּגעזונדערט יידיש לעבן, מיר האָבן געקאָנט אַ טעות האָבן, אָבער זיי? אַזוי נאָענט, אַזוי

קנעפל בקנעפל, אזוי פיל אין דער מישפחה! ביי איין טיש, אָפט אין איין בעט — זיי האָבן דאָך שטענדיק דעם אמת געהערט — פארוואָס האָבן זיי געשוויגן, נישט אויסגעזאָגט דעם סוד, אז די גאָלדענע צייט פון ט ו ב ו ת און ל י ב ש א פ ט איז אוועק? אז יענע ווילן עסן? פארוואָס האָבן זיי אונדז נאָך געוואָלט איינריידן, אז שולדיק זענען ציוניסטן, ליטוואקעס און יאצקאן, — א'נישט — א גן־עדן! פארוואָס האָבן זיי אונדז נישט דערציילט דעם אמת, אז די שליאכטעס זענען קרעמערס געוואָרן.

מיר קענען מיט מענטשן, וואָס פארהוילן דעם אמת, ביפרט מיט אזוינע, וואָס שמייסן זיך אליין, נישט גיין. אפילו נישט שווייגן מיט זיי צוזאמען! מיר דארפן ווילן, קעמפן דארפן מיר — מיר זענען דאָ און קעמפן דאָ!

קוכארזשעווסקי שפאצירט איבער ווארשע, מיר — אויך! ארבעטן ארבעטן מיר נישט ווייניקער פאר אים.

ער וויל ווארשע אָפּשטעלן אויף סקארנא און סטאשיץ, וואָס זייערע שאָטן באגעגענען אים אויפן שפאציר. מיר טוען פארקערט, מיר מאכן ווארשע באַוועגלעך, טרייבן זי ווייט אוועק פון די שאָטן, מיר מאכן אפילו די שווערע הייזער ב א ו ו ע ג ל ע ך, סחורה מיד ליד. און געווערב און האנדל און אינדוסטריע האָבן אונדז פיל, זייער פיל צו פארדאנקען...

קוכארזשעווסקי טרעפט אויף זיין שפאציר פלעצער, ווו דאָס אלטע האָט געגלאנצט מיט טויזנט חן, ווו סטאשיץ האָט אונדז געהאלטן פאר היישעריקן און סקארנא פאר פארשאָלטענע. מיר טרעטן אויף די זעלבע פלעצער — נעמלעך אויף די, פון וועלכע מען האָט אונדז געטריבן, און ווו מען האָט אונדזערע זיידעס און באָבעס געשמיסן, און די „טומולט־פלעצער", און די ראָגאטקעס מיטן „טאָג־צעטל". נאָר ווען קוכארזשעווסקי וויל די שאָטן רופן צ ו ר י ק , טרייבן מיר ווארשע — אַלץ ווייטער, און אויף נייע וועגן.

און אויב קוכארזשעווסקי האָט געהערט, ווי א ייד פרעגט אויף דער אלטער שטאָט:

— ווי טייער איז אן אייל ערד?

האָב איך געהערט גויים פרעגן:

— ווו איז דאָ א קאבארעט? ווו א פריילעך הייזל?

— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

איר מוזט, איר וועט ווילן! — —

---

# די פראַגע



ארוואָס איז די „פראוודא“ בייז?

ווייל „נישט דאָס האָט געמיינט וויעלאָפּאָלסקי!“

מיר זענען שטענדיק אָפּהענגיק פון נישט־יידישן ווילן, ביפרט פון ווילן פון א שררה „וויעלאָפּאָלסקי“, דעם סימבאָל פון פוילישן ליבע־ראַליזם, וואָס האָט אונדז צוגענומען אַלע פּריווילעגיעס, וואָס מיר האָבן זיך אויסגערעדט ביים אריינוואנדערן אין לאַנד, וואָס האָט צעשטערט אונדזער רעכט, וואָס מען האָט אונדז צוגעזאָגט, אויף אויטאָנאָמיע, אויף זעלבסטשטענדיקע קהילות, בתי־דינים, וועדים און וועדי־ארצות, מבטל גע־ווען אונדזער שפּראַך, צוגענומען די רעכטלעכע קראַפט פון אקטן און קאָנטראַקטן און אַלערליי אָפּמאַכונגען אויף יידיש, און פאַר דאָס א גרויסע מתנה אונדז געשענקט: א פּאַפּירענע גלייכבארעכטיקונג, אויסצוצאָלן ראַטעסווייז און מיט א תנאי — מיר זאָלן ווערן דאָס, וואָס מיר זענען נישט, קענען נישט און ווילן נישט זיין!

איבער דער פּאַפּירענער בריק האָט אָנגעהויבן אריבערצוגיין די יידיש־דייטשע אינטעליגענץ על־פּי נוסח בערלין, אבי ארויס פון מקום און צעשפּרייטן זיך איבער אַלע גאַסן, און מיט דער האָפענונג: מיט דער צייט געניסן דעם גאַנצן גוייִשן עולם־הבא...

זיי האָבן געזאָלט צופירן די רעשט: דאָס „פּעבל“ — די „פינצטערע מאַסע“ און דעמאָלט — —

דער „דעמאָלט“ איז אָבער נישט געקומען!

דאָס פּעבל האָט איר געזונטן אינסטינקט; די „פינצטערע מאַסע“ איר געפיל, וואָס לאָזט זיך נישט אזוי לייכט גענאַרן.

„נישט פון דיין האָניק — האָט דער יידישער עולם געטראַכט — און נישט פון דיין ביס!“ און נישט געוואָלט ארויס פון שול און חדרים, וואַר־טנדיק, מיטן גאַנצן אָפּטימיזם פון דער יידישער ראַסע, אויף בעסערע צייטן, אויף משיחס צייטן, ווען דאָס יידישע פאָלק וועט זיך נישט וואַלגערן

אונטער פרעמדע, נאַטאַבענע, פאַרמאַכטע פענצטער, און באַגגיגן זיך מיטן אויסגעשטראַלטן ליכט. אייגן ליכט וויל דאָס פאָלק...

וואָס דאָס פאָלק, דאָס יידישע, האָט געטראַכט, האָט דער פוילישער רעדל־פירער נישט געוווּסט. און דער דאָלמעטשער, דער יידיש־פאַרפּוי־לישטער אינטעליגענט, האָט געהייסן וואַרטן; עס וועט קומען, האָט ער פאַרזיכערט, די צייט, זי מוז קומען, און מיר וועלן אייך צופירן יידן אָן יידישקייט, יידן אָן יידישע אינטערעסן; יידן, וואָס וועלן פאַרלייקענען זייערע ברידער פון דער גאַנצער וועלט, אוועקוואַרפן זייערע 3000־יעריקע קולטור און קומען צו אייך און בעטן ביי אייך שוץ, „פּראַוועס" און ליכט...

האָט דער פוילישער ליבעראַליזם געוואַרט, געדולדיק געוואַרט —

פלוצלינג הייבט אָן די פינצטערע מאַסע צו שימערירן, עס באַווייזן זיך צווישן איר אייגענע ליכטלעך! פלוצלינג הייבט אָן דער שטומער פעבל צו ריידן און רעדט נישט פויליש און זאָגט נישט דאָס, וואָס דער יידישער אַסימילירטער אינטעליגענט האָט אין איר נאָמען געזאָגט.

פאַרקערט: די שטומע פינצטערע מאַסע לעבט אויף, באַקומט און זאָגט אַרויס איר אייגענעם ווילן! די יידישע מינדערהייט וויל זיך דער פוילישער מערהייט נישט אונטערגעבן, זיך צוליב איר נישט פאַרניכטן, לחלוטין נישט!

ווערט מען בייז!

דאָס איז דאָס צאָרניקע פנים, צו אונדז געווענדט: מען וויל אָבער דעם „שונא" שפּאַלטן, די „געפאַר" קלענער מאַכן, — מען מוז די מינ־דערהייט טיילן; שמייכלט מען צו דער אַסימילירטער אינטעליגענץ; וועט מען זיך מיט זיי ענגער פאַרבינדן...

וואָס איז ווערט דער צאָרן, וואָס איז ווערט דער שמייכל?

זייער ווייניק.

אויב אונדזער מזל וועגט זיך, ליגט אין איין שאָל דער אַלטער פּאַ־ליאַק מיט זיין יחוס, זיינע פאָרורטיילן, זיין עגאָאיסטישער פּאָליאַק...

און אין דער צווייטער — דער נ יי ע ר פּאָליאַק, וואָס האָט אונדז אין די פרייע צייטן זייער פיל צוגעזאָגט און, נישט מיטן אייגענעם ווילן, פאַרשווויגן געוואָרן...

וועט ער האַלטן וואָרט?

ווער ווייסט. אַלע, וואָס גייען קעמפן, זוכן אונדזער שותפות. רופן: בראַטשיאַ! מיר גלויבן, און צאָלן די בלוטיקסטע קאָסטן פון יעדן באַפריי־

אונגס־פּראָצעס, און דערנאָך, אז די געשיכטע גיט ארויס דעם פּסק, ווערן מיר גאָרנישט אָדער זייער, זייער ווייניק דערמאָנט צום גוטן...

אָרעמע און שוואכע פעלקער ציען מיט די בלויזע הענט קאשטאנעס פון פייער ארויס; קומט צום עסן, איז געגוג מיילער אָן זיי...

נאָר אזוי, צי אזוי, דער מיטל־מענטש, דאָס דור, וואָס שטייט צווישן אלטן און נייעם, דער ליבעראליזם פון שוויענטאָכאָווסקי און פון זיינע תלמידים אין דער „פּראַוודאַ", — די האָבן ווייניק וואָס צו זאָגן. פון מענטשן, וואָס האָבן נאָר קנאקנדיקע פראזן, פון מענטשן, וואָס בויען נישט און צעשטערן נישט, וואָס ווילן און קאָנען נישט ענדערן די באַדינגונגען פון לעבן, און רעכענען צו היילן די שווערסטע ווונדן מיט אָפּשפּרעכן — הענגען מיר נישט אָפּ...

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

און ווען יאָ, קענט איר שוויענטאָכאָווסקין צופרידנשטעלן?

אמת, ער איז אַ גוטער, שוויענטאָכאָווסקי. ער האָט רחמנות אויף חווה רובין, וואָס איז געקומען אין זיין לאַנד אריין זוכן ברויט... און לאָזט אַ טרער אויף איר קבר, ווען איר קאָנקורענט, זיין ברודער, דער ברויטטרעגער, האָט זי געטויט...

און פונדעסטוועגן יידן ביכלל האָט ער נישט ליב. דער פילאָזאָפישער קאָפּ פארלאנגט עס, אָבער דעם יידישן ריח פארטראָגן קאָן ער נישט. הלמאי ער קאָן נישט פאָרן מיט פויערן אין איין קופּע! אַלץ דער ריח!

אָן אנדערער האָפּט, אז עס וועט קומען די צייט, און דער יידישער קנאָבל וועט פארביטן ווערן אויף אַ רויז פון די פּוילישע ספּעקטן — שוויענטאָכאָווסקי אָבער איז אַ חכם אויך; געלערנט פיזיק אין לייפּציקער אוניווערזיטעט, און ווייסט, אז אַ געוויסע מאָס וואסער קאָן צעלאָזן אין זיך נאָר אַ באשטימטע מאָס זאלץ, וואָס מער — בלייבט זאלץ, און דאָס פּוילישע פאָלק וועט די גאנצע יידישע מאסע נישט פארדייען...

גלויבט איר אים, און ווילט אים צוליב טון, און איר דערמאָנט אייך, אז איר האָט ערגעץ אמאָל אַ היים געהאט, ווו איר וואָלט געמעגט בלייבן זאלץ און נישט פארזאלצן פרעמדע וואסערן, און איר ווילט אייך רירן פון אָרט.

שפּרינגט שוויענטאָכאָווסקי אויף, די אויגן בליצן:

— ער וועט נישט לאָזן באהאנדלען זיין פאָטערלאנד אלס אַ גאסטהויז צום איבערנעכטיקן. פּוילן איז קיין אכסניה נישט!

זאָגט איר:

— שוויענטאָכאָווסקי־לעב, אז דו ווילסט, וועלן מיר בלייבן, אָבער ווייל מיר זענען א סך זאלץ און דו האָסט ווייניק וואסער, וועלן מיר בלייבן זאלץ...

גיט ער א געשריי, ווי א לייב:

— שטשורעס!

ווערן מיר עכברים...

איז נאָך ווייניק, קומען זיינע תלמידים און זאָגן:

— איר האָט דאָס רעכט אויף אייגנארטיק לעבן; אמת. יעדעס פאָלק האָט עס, אָבער מיר פאָליאקן וועלן אייך מוזן ארויסשטופּן פון לאנד, ווי די בעמען שטופּן ארויס די דייטשן, אָדער באַקעמפן, ווי מיר באַקעמפן די רוטענער אין גאליציען...

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

אז די אלטע ניאניע האָט פאר אונדז קיין זיכרון און קיין יושר נישט, און אפילו קיין וואָר וואָרט נישט!

אין די פרייע טעג האָט מען פארלאנגט דאָס רעכט פאר די פּוילישע מינאָריטעטן אין דער גאנצער אימפעריע אויף אן אייגנארטיקן לעבן; אויף אונדז אין פּוילן איז דער דין נישט חל. „אויסער יידן"...

און דארף מען, ווערן מיר געגליכנט צו די דייטשן אין בעמען; איי וואָס, די דייטשן זענען בעמען באַפאלן, בארויבט, באַצוואונגען, צעשטערט די בעמישע קולטור, פארניכטעט די בעמישע שפּראך; און מיר זענען גע־קומען מיטן פּוילישן ווילן לויט קאָנטראקט, וועלכן די „פּראַוודא" וויל נישט האלטן... דער אמת, הייסט עס, איז אן אנדערער; אָבער אמת איז אויך אויסער יידן!

וואָס נאָך?

מען פארוויינערט אונדז דאָס, וואָס די „פּראַוודא" הייסט געבן די רוטענער, פארוואָס באַקעמפן?

וואָס שאדט א ליגן?

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

ניין, נישט מיט דער „פּראַוודא" וועלן מיר זיך רעכענען.

מיר זאָגן און מיר וועלן אייביק זאָגן דער פּוילישער געזעלשאַפט אָפנהארציק און ערלעך:

מיר, די יידישע מינדערהייט, און איר, די פּוילישע מערהייט, האָבן די זעלבע לאָקאלע פּאָליטיש־עקאָנאָמישע אינטערעסן.

אייערע מיטהעלפער ווילן מיר זיין; מער ווי פריינט. אונדז ביידע האָט איין מזל צו איין טאטשקע צוגעשמידט, זאָלן מיר זי צו־זאמען פירן...

„צרות בינדן ענג צוזאמען", זאָגט אַר־זשעשקאָוואס מענדל דאנציקער, און זאָגט אמת...

ווילט איר אָבער אונדזער מיטארבעט נישט, איז אייער זאך. איר וועט אונדז ארויסשטופן, מיר וועלן זיך ווערן: ווערן מיט דער גאנצער קראפט פון אונדזער ראסן־איינגעשפארטקייט.

צו דעם זענען מיר גרייט.

און אויב איר וועט, נישט דורך אונדזער שולד און קעגן אונדזער ווילן, אויפשטעלן אויפן וועג צווישן אייך און אונדז א שלאבאן, איז נאָר די פראגע:

אויף וועלכער זייט פון שלאבאן וועלן זיך געפינען די פּאָליאקן פון משהם גלויבן...

מיר האָפן: זיי וועלן צוריקומען.

בלוט איז קיין וואסער נישט!

---

# אונדזער „אַנטראַג"

„בלוט איז קיין וואסער נישט"; יידיש בלוט ג ע ו ו י ס נישט!

און איר טוט אייערם און באַמת אייך, דאָס יידישע בלוט זאָל קיין סעקונדע נישט רוען, זאָל באַשטענדיק זידן, ווי דעם נביא זכריהס בלוט אין בית־המקדש.

אייערע „פּאָליטיקער" די קורצזיכטיקע, פּאָליטיש־לייכטזיניקע מאָמענט־מענטשעלעך, פארשאכערן אונדז אין פעטערבורג פאר א שמייכל פון א שווארץ־מאהניק, פאר א פאלשן צוזאָג פון אן אָקטיאבריסט — איר רייסט טאָג־טעגלעך די פעדים, מיט וועלכע מיר זענען צוזאמענגעבונדן, איר האלט אין איין בויען די מויער צווישן אייך און אונדז, איר באשאפט אונדז בייזוויליק אנדערע לאָקאלע, עקאָנאָמיש ־ פּאָליטישע אינטערעסן... אייערע גייסטלעכע הייליקן אלע קאָאָפּעראטיוון, נישט אלס געוויינלעכע עקאָנאָמישע אַנשטאלטן, נאָר אלס קריגס־פּאָזיציעס קעגן אונדז — קעגן אינערלעכן פיינט...

אייערע אונטערטעניקע פון משהס „גלויבן" זענען טויב, אָדער מאַכן זיך נישט הערן; זיי זענען בלינד און זעען נישט, אָדער מאַכן זיך נישט זעענדיק, ווי איר טרייבט אונדז און באַיקאָטירט... מיר אָבער הערן און זעען...

און וואָס טוען אייערע בעסטע, אייערע קלאָרע, ריינע, פרייע דענקער? זיי עלטערן זיך!

זיי זענען נאָר תלמידים פון אויסלענדישע תורות געווען; אויף דער עלטער ווערט דער זיכרון אָ פּ ג ע ש וו א כ ט !

„וואקסן וואקסט דאָס געהירן פון אונטן ארויף; צעשטערט ווערט עס פון אויבן אראָפּ"; א פיזיאָלאָגישער כלל — הייבט אָן דער זיכרון מטושטש צו ווערן, פארגעסט מען פריער דאָס ש פּ ע ט ע ר ע , דערנאָך ערשט, וואָס פריער אָון פריער אין דער צייט. אַלטע מענטשן ווערן קינדיש; עס דאכט זיך, זיי מאַכן דעם וועג צוריק; זיי גייען צוריק פון קבר ־ ראַנד צו דער וויג.

האָט איר פריידענקער, וואָס ווערן פון טאָג צו טאָג צוריקגעצויגן ביז צום מיטלאַלטער און ווערן מיט זיינע, וואָס אמאָל דיקערע שאָטן ארומגעשטריקט... זיי עלטערן זיך, ווערן גרוי און גרויער; אָבער וואָס ווייטער זיי ווערן פון דרויסן, אַלץ שוואַרצער ווערן זיי אינעווייניק.

אייער שוויענטאָכאָווסקי עלטערט זיך! ער פארגעסט! און פארגעסט ער דאָס משל מיטן זאַלץ־וואסער, באשאפט ער זיך אן אנדער משל, א משל מיט א פויגל אין א מאָגן...

„מעגסט זיין, יידעלע, א שפּילפויגל, נאָר קום ביסטו אין מיין מאָגן, מוז איך דיך פארדייען!"

דערפילט ער א ביין, וואָס לאָזט זיך נישט פארדייען, שרייט ער:

— עכבר!

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

ער פארגעסט!

פארגעסט ער זיינע אייגענע דרשות אין די פרייע טעג, אין דער פּיל־הארמאָניע, וועגן דעם רעכט פון דער יידישער מינאָריטעט, פארגעסט ער דעם פּאָזיטיוויזם פון ענגלאנד, די קנאקעדיקע פראזן פון דער דייטשער דראנג־פּעריאָדע, אפילו די לייפּציקער קורסן! ס'פאלט פון אים אראָפּ א הויט, ביז ס'בלייבט אן אלט קליין שליאכציצל, וואָס האָט ערגעץ דאָס בייטשל פארלאָרן, נאָר א מויל האָט ער נאָך, שרייט עס:

— עכבר!

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

אמת, געמיינט האָט ער נאָר ליטוואַקעס. אָבער „כל ישראל חברים" איז נישט קיין וואָרט אין סידור. עס איז פארבאָרגן אין יידישן הארץ, עס שטעקט אינעם יידישן בלוט... טיילט אונדז נישט!

גענוג, אז די גרענעצן פון אייערע רויב־רעגירן שניידן דורך אונדזער לייב; גענוג, אז דער עולם־הזה מיט זיינע ברויט־פראגן שפּאלטן אונדז אויף קלאסן און פּארטייען, — רירט אייך מיט אייערע הענט נישט צו.

איר, וואָס דארפט וויסן, וואָס עס הייסט צעשניטן און צעבראָקלט צו ווערן, איר, וואָס ווייסט, אז ווען מען שניידט א לעבעדיק פאָלק, רינט הארציק בלוט!

און פון אייביק אָן טיילט איר אונדז:

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

צו אלעם ערשטן האָט איר אונדז געטיילט אויף זכרים און נקבות! עס איז א שאנד, מען מוז עס אָבער מודה זיין, אז נאָך היינט, אין די

פרומע הייזער, ביי די אייניקלעך פון אייערע פאכטארעס, פאקטוירים און וויינהענדלער, ווערן די קינדער דערצויגן צום געפעלן: יינגלעך — זיין ליבן נאָמען און מיידלעך — דעם פּריץ!

„כל הבת תחיון!" פּרעהס אַלטע פּאָליטיק!...

און פון די זכרים ווייטער, פלעגט זיך יעדעס פּריצל אויסקלייבן פאר זיך, פאר א הויז און לייב־מענטש אַ יידעלע א הדר — א מאָשעקל — —

אַלע יידן — גנבים. זיין איינאיינציקער מאָשעק איז די ערלעכקייט אליין. געטריי, ווי א הונט! ער דערלאַנגט אים אַמאָל מיטן אראפּניק, „בלוט איז דאָך קיין וואסער נישט" און אַז עס שטייגט אין פּנים, דערלאַנגט מען; דערויף איז מען א פּריצל!

דערנאָך, און דערהויפּט אין עסטרייכישן גאַליציען, ווו אייערע הענט זענען פרייער, טיילט איר זיך אויס פון גאַנצן כלל ישראל, וואָס איר האָט אריינגעוואָרפן אין תהום פון אָרעמקייט, פון שרעקלעכער נויט, — ערשטנס, קינדער פון די וויגן, צום אָפּשמדן... יידישע טעכטער, וואָס מען האָט דערצויגן אייך צו געפעלן — צום זעלבן צוועק: דער נדן וועט נאָכקומען! און אַלטע לייט, שכיב־מרעס אונטער כלאָראָפאָרם, וואָס איר זענט מכניס, פאר גרויס רחמנות אונטער די פליגל פון אייער שכינה, צו־זאמען מיטן פארמעגן...

און דאָ — דאָס יידישע „גרויס־קאַפּיטאַל" — די רערלעך, דורך וועלכע עס פליסט אַרויס דאָס יידישע געלט אין די טאַשן פון דער באַנקראָ־טירטער שליאכטע אריין!

און אייער ליכטיקסטער שוויענטאָכאָווסקי נעמט אַלע צו, און טיילט נאָר אויס — די ליטוואַקעס!

די גרים: די פּ ו י ל יש ע יידן, וואָס זענען צוריקגעקומען, פון אַלע זייטן געטריבן, געיאָגט און געפּלאָגט און זענען אויפסניי אין דער אַלטער היים גרים געוואָרן!

„ואהבת את הגר"!

דאָס איז דאָס אַלטע טעסטאַמענט! דאָס בינדט אייך נישט!

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

און טיילט איר א ו נ ד ז, טיילן מיר א יי ך.

און מיר טיילן אייך אויף אַלט, צום פּוילן, צום פּאַרטיליקט ווערן, אָן אונדזער שאָדן און אָן שאָדן פון פּוילישן פאָלק, און י ו נ ג — צום לעבן און צום פרייען שאַפן... צוזאמען מיט אונדז!

און גיין האַנט אָן האַנט מיט אייער יונגוואַרג, וועלן מיר אַזוי לאַנג, ווי לאַנג זיי וועלן יונג זיין, — ביז זיי וועלן נישט אַלט ווערן!

אונדזער אַנטראַג צו דער וועלט-געשיכטע איז דער ייִנגסטער, דער לעצטער —

מיר וועלן שטענדיק גיין מיט די ייִנגסטע, —

מיר האָבן די ערשטע געפּריידיקט גערעכטיקייט, באַקומען וועלן מיר זי די לעצטע!

אויסגעלייזט וועלן מיר ווערן צו אַלער לעצט!

דאָס ווייסן מיר. —

# שאלות־תשובות



רום מיר, הער איך, מורמלט:

— פארשארף נישט די באציאונגען!

— האק אפּ די שארפע שפּיצן פון דיינע רייד, זיי פארוואונדן די פרעמדע אויערן.

און געבעטן הער איך:

— זאָל זיין שטיל!

ווער מורמלט? ווער בעט?

דאָס „יידישקייט" פון פריערדיקן דור.

דאָס „יידישקייט" מיט די אויסגעלאָשענע אויגן, אָן א פונק פון יידישן שטאָלץ, פון יידישער זעלבסטשעצונג...

אש און שטויב האָט מען פון אונדז געמאכט, קוים פון אונדז האָבן שוין אונדזערע אייגענע הענט געמאכט!

— מיר ווילן נישט בעסער זיין פאר אלע!

— אוים „אתה בחרתנו"!

— ככל הגויים!

דאָס זענען אונדזערע יוגנט־געשרייען; פון דער יוגנט, וואָס איז פון דער פרעמד געקומען און תיכף געזעצט זיך, פאר אונדז פּראָגראמען צו מאכן!

— כי־כי־כי! לאכט א יידישער שרייבער: די יאפּאנער וועלן אָנעמען די יידישע רעליגיע, עסן קוגל!

— ווייל — רימט א יידישער רעדאקטאָר — א כרעסטאָמאטיע פאר יידן — ווייל, קיין וואָרט פון משיח־אידעען...

אָט דאָס שפּלדיקע „יידישקייט" ציטערט!

דאָס „יידישקייט" מיט די איינגעפאלענע באקן, וואָס מען האלט

אין איין קנייפּן, די פאַרב זאָל שטיין, זאָל מען אויסזען חדוההדיק, זאָל מען זען, ווי גוט מיר לעבן, ווי מענטשלעך מיר ווערן באהאַנדלט!

דאָס „יידישקייט" מיטן איינגעשרומפּענעם האַרץ, ווו אונטערן אַש פון פאַרברענטע האָפענונגען אויף ליבעראַליזם, אויף פרעמדע משיחן, איז שוין נישטאָ קיין יידישער פונק, קיין צייכן פון „פּינטעלע ייד", נאָר אַ שטיק שרעק, אַ שטיק טויב־שטומער פּחד. — —

אָט, דאָס „יידישקייט" וויל, עס זאָל זיין שטיל!

„וועקט נישט! דערמאָנט נישט דעם שטן!"

אפילו דער אַסימילירטער ייד, דער, וואָס האָט זיך שוין באַפרייט פון אַלעם, פון קוגל אום שבת, ביז „יזכור" אום יום־כיפּור, פון „דריידל" ביז מצות אויף פּסח; דער אפילו, וואָס קריסטלט שוין מיט יאָלקעס —

דער קען זיך אויך פון דער איינגעוואָרצלטער אַלט־פּוילן־שרעק נישט באַפרייען.

און געמורמלט ווערט, און געבעטן:

— שווייג, האָב רחמנות שווייג!

מיר האָבן רחמנות, ווירקלעך רחמנות — אויף א יי ד ! אויף א יי ד, וואָס פאַרגייט אין שרעק, וואָס ווילט, מען זאָל אייך ווערגן נאַכט אויף נאַכט אין דער שטילער פינצטערקייט, איידער צו קעמפן אין שיינעם העלן טאָג, קעגן דער פרייער זון און — זיגן!

מיר מוזן זיגן!

ווייל מיט אונדז איז אַלץ, וואָס איז יונג און בליט; קעגן אונדז אַלץ, וואָס איז אַלט, פויל און פילט זיך מיט קברים־ערד!

— — — — — — — — — — — — — — — — —

— וואָס איז אַלט? וואָס איז יונג?

אַלט איז דאָס, וואָס פאַרכט זיך פאַר דער פרייער אַרבעט, און מאַכט זיין פאָטערלאַנד, זיך אַליין פאַר אַ פעסטונג, פאַר אַנדערע — פאַר אַ תפיסה מיט צוכט־אַרבעט!

אַלט איז דאָס, וואָס קען נישט און וויל נישט קאָנקורירן מיט אַר־בעט ביים פאַרמערן דאָס פאַרמעגן פון לאַנד און פאָלק, און וויל בעסער לעבן פון מאָנאָפּאָלן, פּריווילעגיעס און — פון דער פויסט.

דער אַלטער און פוילער, וואָס אַרבעט נישט, מוז הערשן, מוז באַצ־וויינגען, מוז רייטן אויף עמעצנס רוקן; און די תאווה דערצו ווערט אַלץ

שטאַרקער און שטאַרקער, וואָס מער ער ווערט באַריטן און באַצווינגען פון אַנדערע...

יונג איז — — —

נאָר דער יונגער וועט אַליין רעדן פאַר זיך; מיר וועלן הערן.

אונדז איז איצט נענטער די פראַגע:

—ווער איז דער „ליטוואַק"? —

ווער איז דער ליטוואַק, אויף וועלכן עס האָט זיך, און אַזוי מיט־אַמאָל, אויסגעגאָסן דער שוואַרץ־רויכיקער גרימצאָרן פון אַלט־פּוילן און פון אונדזערע לייט — אַלט־פּוילנס משרתים?

ווער איז דאָס „ליטוואַקל", וואָס מען האַלט אין איין שמירן פון אינעווייניק און אויסנווייניק מיט פּעך און מען פירט צום שייטערהויפן צום פאַרברענען „למען ישמעו וייראו" — עס זאָל זיך מער נישט גליסטן!

דאָס ליטוואַקל איז, ערשטנס, ווי געזאָגט, א „גר" און, ווי געזאָגט, איז „ואהבת את הגר" א פּסוק אין אַלטן טעסטאַמענט...

אמת, אין נייעם טעסטאַמענט געפינען זיך אויך „דערלאַנגט מען דיר אין באַק, שטעל אויף די צווייטע" —

נאָר אויף וואָס איז פאַראַן „פּאָליטיק"? און דער פּאָליטישער שאַכער־מאַכער פאַרטייטשט:

הני מילי, ווען איז דאָס געזאָגט געוואָרן, אַז יענער איז שטאַרקער; ביסטו אָבער שטאַרקער, דערלאַנג דו פריער, זאָל יענער זיין מחויב אויפצושטעלן די צווייטע באַק!

און וועמען איז נאָך אַזוי לייכט צו פּאַטשן, ווי א „גר"?

ביפרט אַז דאָס ליטוואַקל איז באמת שולדיק, באמת זינדיק.

מיט טויזנט וואַסערן וועט איר נישט אָפּוואַשן די פלעקן פון זיין נשמה, מיטן כלי־כתיבה פון אקדמות נישט אויפשרייבן זיין גאַנצן על־חטא!

געקומען פון אַלדי־שוואַרצע יאָר: פון מאָסקווע, פּסקאָוו, סיביר; אַזוי לאַנג געפאָרן מיט דער באַן, אויף דער באַנק, צי אונטער דער באַנק און אויפן וועג נישט אויסגעלערנט זיך פּויליש, און קומט אַריין: זדראַסטיע!

און דאָ זייענדיק, און קיין פּויליש נאָך נישט קענענדיק, וויל ער נישט רעדן מיט די פינגער אויף שטום־לשון. און איידער ער ציט זיך איבער פון גענשאַ אויף נאַלעווקעס, פון דאָרט אויף לעשנאָ, אויף קאָצעבו, פון קאָצעבו אין די אַלעען אַריין — רעדט ער אַלץ אין איינעם, ווי ער

האָט ד אָ ר ט גערעדט, דאָרט פון וואַנען ער איז געקומען און ווו ער האָט מקיים געווען אַלע דינים פון אַסימילאַציע...

איז נאָך ווייניק, טרעפט זיך אַזאַ מעשה:

אַ „ליטוואַקל" קומט, וויל אויסטאָן יענע הויט, וואָס ער האָט דאָרט געטראָגן, און אָנטון די הויט, וואָס ער דאַרף דאָ טראָגן, און ביני־לביני, צווישן איין הויט און דער צווייטער, דערפילט ער זיך פריי. גיט ער פּלוצ־לינג אַ קלער: אפשר ג אָ ר אָן אַ פרעמדער הויט? און פּרוווט און גיט אַ רעד אַ יידיש וואָרט, און דערפילט אין זיך אַ קלאַפּ פון אַ יידיש האַרץ...

און — „אַ גאַסט אויף אַ ווײַלע זעט אויף אַ מײַלע"; ווער עס קומט פּלוצלינג אַריין בשעת אַ פאַרבלענדעניש, אַ טאַשן־שפּיל, זעט בחוש, אַז עס איז אַ פאַרבלענדעניש, אַ טאַשן־שפּיל, און נישט קיין האָר מער.

און ער איז ווייניק פּאָליטיש־קלוג, מאָלט די צונג אמת און אמת: זאָגט ער אײַך, אײַך אַלט־פּוילן:

— איר האָט נאָר ליבעראַלע פראַזן געהאַט. זיי האָבן אײַך נישט געקאָסט. איר האָט זוכה געווען, און אײַער מלאכה איז געטון געוואָרן דורך פרעמדע הענט!

— ווו זענען יידישע דאָקטוירים אין פּאָגאָטאָוויע? וויפל אַרבעטן אין די אַלגעמיינע שפּיטעלער? וויפל יידישע אָנגעשטעלטע האָט איר אין די בשותפותדיקע קרעדיט־אַנשטאַלטן? האָט איר כאָטש איין ייד אַ קאָנט־ראָלער, אין טראַמוויי אָדער אַ פירער פון וואָגן?

— און באַרימט אײַך נישט, אַלט־פּוילן, מיט דעם, וואָס איר מאַכט קיין פּאָגראָמען נישט...

אין אײַער מענאַזשעריע פעלן קיין חיות נישט, נאָר דער שליסל, די שטייגן צו עפענען איז נישט אין אײַער האַנט — — —

און צו אונדז מאַכט ער:

— עס איז אַ פאַרבלענדעניש!

עס איז נאָר אַ שוואַרצע קונץ!

איר מיינט, איר האָט נייע מענטשן, באַנקירן, אַדוואָקאַטן, דאָקטוי־רים — אַלדאָס גוטס!

קוקט אײַך בעסער צו; דאָס זענען מאַסקעס!

דאָס זענען די אַלטע יידעלעך־משרתים, יידעלעך־מאָשעקלעך, יידע־לעך לעק־הינט בײַם פּריצס שטיוול... נאָר פּ אַ ר ש ט ע ל ט ע, מיט „פּשעפּראַשאַם"!

און נאָך, און נאָך...

און גלאַט אַ ייד איז ער דאָך, דאָס „ליטוואַקל"! און אַ ייד, נישט פאַר אייך געדאַכט, וואָס שמעקט מיט „עיברי"... אַ ייד, אפשר וואָס האָט, אויך נישט פאַר אייך געדאַכט, זיך מקריב געווען פאַר זיין יידישקייט: די פּרנסה פאַרלוירן, נע־ונד געוואָרן...

און מיר, היימישע, האַלטן מיט ביי דער העצע:

— ער, דאָס ליטוואַקל, פּירט אָפּ דעם פּוילישן דונער פון אונדזערע קעפּ!

אָבער נענוג — — —

וואָס טראַכט איר וועגן קאַטאָוויץ?

# ליבעראל

„אשר קרא בדרך".

אויפן וועג קיין קאטאָוויץ האָט מיך אָפּגעשטעלט דער פּאַן סטאַר־ציעווסקי — א פּוילישער שריפטשטעלער, וואָס האָט ארויסגעגעבן א בוך וועגן פּוילישע אָנגעלעגנהייטן...

איך מוז קאטאָוויץ דערווייל אָפּלייגן. — פּאַן סטאַרציעווסקי באַהאנדלט די יידישע פראגע אויף א נייעם אופן לויט א נייעם סיסטעם — מיר מוזן הערן!

ביפרט אז דאָס נייע סיסטעם פון ה' סטאַרציעווסקי ווערט ציטירט אין „קוריער פּאָראַנני" מיט גרויס צופרידנהייט, און מיר רעכענען, אז עפּעס רעכטערס פון אים, קען אויך אונטערשרייבן דאָס פּראָגראַם מיט ביידע הענט.

צו פארענטפערן די יידישע פראגע, זאָגט פּאַן סטאַרציעווסקי, איז מען ביז אהער געגאַנגען אויף צוויי וועגן. איין וועג האָט אויסגעטראָטן די אַסימילאַציע, דעם צווייטן — דער אַנטיסעמיטיזם.

ביידע וועגן, זאָגט פּאַן סטאַרציעווסקי, זענען פאַלש...

דאָס יידישע פאָלק לאָזט זיך נישט אַסימילירן, דאָס איז א פאַקט! דאָס יידישע פאָלק איז א פאַקט, נישט צום פארלייקענען!

דאָס אַנטיסעמיטישע סיסטעם איז אָבער דאָקעגן ז יי ע ר נישט ב א ק וו ע ם.

ארויסטרעטן קעגן א נאַציאָנאַליטעט מיט דער פויסט; זאָגן: די מאַכט איז פארן רעכט! קען נאָר א ביסמארק — א פאָרשטייער פון א שטאַרק פאָלק, וואָס וויל און רייסט שטענדיק דעם ביסן פון דער פרעמדער קעל ארויס, ווייסנדיק, אז ער דאַרף קיינמאָל נישט רעדן פון יושר, מענטשלעכקייט און ליבעראַליזם... ער האָט הענט נעמט ער!

אנדערש איז אָבער מיט א שוואַכן, ווען ער טרעט ארויס קעגן א נאָך שוואַכערן...

דאָ ווערט די לאַגע עטוואָס קאָמיש...

מען וויל אונטערדריקן די יידישע מינדערהייט אין פוילן, בשעת מען פארלאנגט פרייע רעכט פאר פוילישע מינדערהייטן אין גער־מאניען, ווי אין דער רוסישער אימפעריע... איז עס נישט ענלעך צו דער לאגיק פון ווילדן מענטש, וואס גלייבט, אז ווען ער גנבעט יענעמס ווייב איז גוט, און אז יענער גנבעט זיין ווייב איז שלעכט?...

טענהן, אז יידן זענען מינדערוועדטיק, אז זיי זענען א נידעריקערע ראסע, איז געפערלעך, ווייל דיזעלבע טענות האט דער דייטש קעגן פויז־נער פאליאק...

על כן.

„מוזן מיר, זאגט סטארציעווסקי, געבן די יידן דאס רעכט, זיך צו באטראכטן אלס א באזונדער פאלק, וואס איז מיט אונדז נישט סאלידאר, גאנץ אפט קעגן אונדז פיינטלעך"...

ווי איר זעט, גיט אונדז דער פאן סטארטשעווסקי מער רעכט אלס מיר פארלאנגען... מיר האבן קיינמאל נישט פארלאנגט קיין רעכט אויף פיינטלעכקייט קעגן פאליאקן, מיר האבן קיינמאל נישט באשאפן קיין לאגע, צוליב וועלכער עס זאל מוזן פלאצן די סאלידאריטעט צווישן אונדז און דער פוילישער מערהייט.

דאס איז אן איינפאכער שקר.

אבער נישט וועגן אן אפענעם שקר גייט עס.

עס גייט וועגן א חכמה!...

פאן סטארטשעווסקי האט געפונען א מיטל, צו זיין קעגן אונדז אי ערלעך, אי מענטשלעך — די קאדעטן זאלן קיין טענות נישט האבן! — און דאך זאלן די יידעלעך באקומען א פייג!

די שטעטישע זעלבסט־פארוואלטונג איז א פיינער לעקעך... אין מאנכע שטעט זענען יידן א מערהייט, וועלן זיי אריינבייסן... טרייבן פון טיש איז נישט מענטשלעך... על־כן?

מוז מען אזוי מאכן, אז צום טיש זאל מען צולאזן, נאר קיין ביסן זאל צום יידישן מויל נישט צוקומען...

און עס איז אזוי איינפאך:

מען דארף נאר צורעכענען צו יעדער שטאט די געגנט ארום, וועלן די יידעלעך אין ערגעץ די מערהייט נישט האבן!

ווי די שעפסן וועלן זיי ליגן געבונדן!

די געגנט ארום איז אויך פאראינטערעסירט, די שטעט זאלן אנט־וויקלען זיך און בליען, זאלן זיי א דעה האבן, זאלן זיי ווילן!

קיין אמעריקע האָט דער פאַן סטארטשעווסקי נישט אנטדעקט; קיין פּולווער נישט געפונען. מיט אויסשניידן די וואַל־קרייזן אין לאַנד ווערט איבעראַל געשווינדלט. דערמיט פּארקלענערט דייטשלאַנד די שטימען פון דער סאָציאַל־דעמאָקראטיע; באַשאַפט עסטרייך א קינסטלעכע דייטשע אויבערהאַנט און מען אונטערדריקט אין גאַליציע אַזוי אונדז, אַזוי די רוטענער...

דאָס נייע באַשטייט נאָר דערין, וואָס דער דאָרפסמאַן, נישט צאָלנ־דיק קיין שטייער אויף דער שטאָט, וועט דאָך האָבן דאָס רעכט ארויפצו־לייגן שטייער...

אָן בושה, אָבער ליבעראַל.

---

איז אָבע אונדזער פאָלק צו אַלט, עס זאָל זיך לאָזן כאַפּן, ווי א נארישער פויגל אין דער ליבעראַלער נעץ אריין.

און נאָכאמאָל מוזן מיר דערקלערן דער פּוילישער געזעלשאַפט, דער יונג־פּוילישער געזעלשאַפט, וואָס איז נישט קראנק אויף הערש־זוכט, וואָס וויל נישט לעבן אויף דער פּויסט, נישט געניסן פון מאָנאָפּאָלן און פּריווילעגיען:

— עס איז דאָ — זאָגן מיר איר — אין לאַנד א פרייער פּלאַץ פאַר אייך און פאַר אונדז און גענוג ארבעט פאַר אייערע און אונדזערע הענט.

און ארבעטן ווילן מיר מיט אייך האַנט־אָן־האַנט; און ס אָ ל י־ד אַ ר אין אַלע לאָקאַלע, עקאָנאָמיש־פּאָליטישע אינטערעסן — —

אָבער מיר ווילן ארבעטן פריי, אויף אונדזער אייגענעם חשבון, און ווילן דורכוים געניסן די גאַנצע פרוכט פון אונדזער ארבעט — —

מיר וועלן זיך קיינמאָל פּיינטלעך, ווי פאַן סטארטשעווסקי מיינט, נישט טרעפן, אויב איר וועט אונדז נישט שמעלן. און קיינמאָל נישט פּראָ־וואָצירט, ביי פרעמדע קעגן אייך קיין הילף נישט זוכן...

---

# „עמא פזיזא״...



רייע און שטארקע (אזוי נאציאָנען, ווי איינצלנע מענטשן!) ט ו ע ן ז י י ע ר ו ו י ל ן.

ווערט ענג אין דעם, וואָס עס עקזיסטירט, באקומען מען פאָרשטעלונגען פון בעסערע פאָרמען; באקומט מען נייע געדאנקען, אידעען, אָדער (אויף א ווייטערער טעמע — ) אידעאלן — שטעלט מען זיך צו דער ארבעט, די געדאנקען, ווי דער העברעער זאָגט, מוציא זיין מן הכוח אל הפועל, — שטעלט מען זיך ב ו י ע ן.

ווערן געדאנקען און אידעען פארקערפערט אין מאטעריעלע שווערע קולטור־ווערטן. בויט מען שטעט, בריקן, באנען, שיפן, בערזן, קאַשארן, טעאטער און קונסט־געביידן...

שטערט א ש כ ן, ווערט געבויט מיט מסירת־נפש, מיט דער קעלניע אין איין האנט און מיטן שווערד אין דער צווייטער — ווערן שוין ט ע מ פ ל ע ן געבויט, מיט פארגאָסענעם בלוט געהייליקטע...

דאָס ג ע ש ע ע נ ע, דאָס פארקערפערטע, דאָס באצייכנט דעם כאראקטער און דעם ווילן פון פאָלק, — דאָס איז די קריסטאליזירטע פאָרעם פון זיין דענקען און טראכטן...

נישט אייביק אָבער רוט אינעם געבויטן טעמפל די שכינה פון פאָלק, עס ווערט איר מיט דער צייט ענג.

אידעען אנטוויקלען און ענדערן זיך. מען מוז פאריכטן, אָדער א ו י פ ס נ י י און א נ ד ע ר ש בויען; נייע אינסטיטוטן מוזן באשאפן ווערן. גייט עס נישט אזוי לייכט.

די א ל ט ע שטייען אויפן וועג, די מאטעריעל־שווער און פעסטגעוואָרענע געדאנקען — שטערן.

די שכינה פארלאנגט א נייעם טעמפל, און דער אלטער שטייט אויפן וועג, ווערט זיך מיט דער גאנצער פעסטקייט און פוילקייט פון זיין שטיינערנער מאסע... מוז מען צוליינגן הענט, שטרייטן און פריער צעשטערן.

מען מוז איינוואַרפן, מען מוז רייסן אַ שטיין נאָך אַ שטיין, אַ ציגל נאָך אַ ציגל, ביז דער פּלאַץ וועט באַפרייט ווערן פאַרן נייעם טעמפּל...

און דער פאַרלאַנג פון דער שכינה אַנטפּלעקט זיך נישט דעם גאַנצן פאָלק מיטאַמאָל. דער רוח־הקודש קומט פריער צו יחידי־סגולה! — און די פּוילע, די קנעכט פון אַלטן, פון דער געוווינהייט, שיצן די טעמפּלען, פון וועלכע די שכינה האָט זיך שוין אָפּגעטון קעגן די יחידי־סגולה. און די נ יי ע, די יונגע, די אויסדערוויילטע מוזן באַלאַגערן, מיט מסירת־נפש קעמפן, רייסן ציגל נאָך ציגל, שטיינער נאָך שטיינער און דערנאָך ערשט צוטרעטן צום נייעם בוי.

דאָס פאַרלאַנגט צייט, דאָס קאָסט לעבן! דערביי פאַרגייען דורות...

מיר האַלטן ערשט ביים אויסקעמפן זיך דאָס רעכט אויף אַרבעט. מיר זענען נאָך ווייט פון בויען. מיר האָבן נאָך נישט קיין פרייע הענט, קיין אייגן מאַטעריאַל און קיין פרייען פּלאַץ, וווּ צו פאַרקערפּערן אונדזע־רע אידעען.

פליען ביי אונדז אַרום הויכע, געפליגלטע, נאַר נאַקעטע, אָפט אין פאַרשוואַרצט פּאַפּיר פאַרקליידעטע, געדאַנקען; נישט געמויערטע, נישט געבויטע, נישט איינגעוואָרצלטע אין דער ערד.

ברענען זיי די אידעען דורך אין געהירן און ווערן פאַרלאָשן, און נייע בליצן אויף און לעשן זיך... און זיי טוישן זיך, ווי בילדער אין קאַ־לײדאָסקאָפּ, קומען זיי און פאַרשווינדן ווי די שאָטן; בייטן זיך ווי היץ און קעלט ביים פיבער, ווי גליסטונגען ביי פרויען אין די חדשים...

ביי פרייע און שטאַרקע פעלקער אַנטוויקלען זיך, ביי דער אַרבעט, ווילן און כאַראַקטער... ביים דורכברענען פון געדאַנקען ווי נאַפט־באַגאַ־סענע שטרויעלעך אין געהירן, מערן זיך און פרוכפּערן נאַר ש ט י ־מ ו נ ג ע ן, מאָמענט־אידעאַלן און פאַרשווינדן באַלד.

דאָס איז דער סוד פון עמא פזיזא, פון צאַפּלדיקן עמא פזיזא; דאָס איז אונדזער אומפּרוכטבאַרער אַנאַרכיזם, אונדזער געלויף, געיעג און לופט־כאַפּעניש.

און ווי דאָס פאָלק, אַזוי זיינע פירער, אַזוי זיין פּרעסע...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אין דער צייט פון די וואַלן צו דער וואַרשעווער „גמינע" האָט די פּרעסע געשטיצט דעם נאַציאָנאַלן (לעז: ציוניסטישן) וואַל־קאָמיטעט. און לויט זיין דירעקטיווע, געלעכצט צו שולן און מיקוואות, פאַרלאַנגט דורכ־אויס אַ מרא־דאתרא — אַ גייסטלעכע שטאַרקע אויבערהאַנט. איין גע־

וואלד־געשריי: מען דארף א רב! און איין טענה: מיר מוזן דאָס קאָנסער־וואטיווע יידישקייט באפרייען פון אסימילאטאָרישן יאָך. „דאָס קאָנסער־וואטיווע איז דאָך דאָס עצם יידישקייט, דער חוט־השדרה"...

און פּלוצלינג, נאָך די נישט־געראָטענע וואלן, אז די קאָנסערוואַ־טיווע פּארטיי האָט זיך מיישב געווען און דעם ווילן באקומען, זיך אליין, מיט אייגענע הענט צו באפרייען, א פּארטיי ווערן, און א וועלט־פּארטיי, האָט זיך די שטימונג אינגאנצן געענדערט.

א שרעק איז דורך דער מחנה:

—שווארצע קראָען, ראָבן פליען!

און א פּאפּירענע פּויסט איז געמאכט געוואָרן:

— מיר קענען אייך!

— — — — — — — — — — — — — — — — —

און ווי לייכט עס ווערט געמישפּט!

גרייטע שלאַג־ווערטער, סענטענצן, שאבלאָנען — פון פרעמדן אוצר ארויס!

— — — — — — — — — — — — — — — — —

איך מוז מיך אליין ציטירן:

— די (אזוי גערופענע) פינצטערע מאסע איז (צום אסימילאטאָרישן שרעק) געוואָרן א טרייב־הויז פון אייגענער אינטעליגענץ, וואָס איז א פלייש פון איר פלייש און א ביין פון איר ביין, און דער דרך־ארץ פאר פרעמדן, פון דרויסנדיקן אינטעליגענט, ווערט לעבערלעבער פון טאָג צו טאָג.

דאָס איז אמת.

אמת איז אָבער אויך, אז די היימישע אינטעליגענץ שפּראָצט ערשט, און שפּראָצן שפּראָצט זי אומבאהאָלפן פּאמעלעך, אָן ליכט און טוי, אָן הילף פון געשיקטע גערטנער, צווישן אלערליי דערנער...

מיר האָבן קיין שולן נישט, מיר האָבן קיין וויסנשאפטלעכע ליטער־ראטור נישט, מיר האָבן קיין ממשותדיקע מיטל דעם וווקס אונטערצו־טרייבן...

באווייזט זיך דאָ און דאָרט און בליצט אויף צווישן די געדיכטע אָוונט־שאָטן א גלי־ווערעמל, און נאָך איינס, און נאָך איינס.

און שוואך זענען זיי און צעוואָרפן, און דעם פּלאַץ פון אסימילירטן אינטעליגענט האָט דערווייל פארנומען דער „בעל־תשובה", דער צוריק־געשטויסענער און ווען אויך דער גערנווויליק צוריקגעקומענער... מיט

וועלכן איך מוז אזוי אַפּט קעמפן ווי מען מוז קעמפן מיט יעדן סוראָגאַט, מיט יעדעם נאָכמאַכן, און אומפּרוכטבאַר קאָפּירן. און דאָך פּירט דער אינטעליגענט דערוייל דאָס רעדל און דאָס גרויסע וואָרט. און דער קוקט אויף אונדז מיט פרעמדע אויגן, אויף פרעמדע ברילן פון דער הייך פון דער אייראָפּעאישער קולטור אַראָפּ. און זעט, נאַטירלעך, אַ סך ווייניקער, אַלס דער „מיט אָפענע אויגן פאַלנדיקער” פרעמדער נביא, וואָס האָט געקוקט אויף די געצעלטן יעקבס פון „במתי מואב” אַראָפּ...

יענער האָט „מה טובו” געזאָגט, דעם „עם לבדד ישכון” געבענטשט, פאַרן „בגויים לא יתחשב” דרך ארץ און ערפורכט געהאַט, ווי פאַר אַן איבער־פאָלק, פאַר אַ פאָלק, וואָס איז די נאָרמע איבערגעוואַקסן, פון דורכשניטלעכן ווייטער אוועק — —

דער משכיל פון דער צווייטער סעריע אָבער קוקט און פאַרקרימט זיך:

— נישט נאָרמאַל!

נישט אזוי קאָכט מען נאַציאָנאַלע לאָקשן לויט אַטאַ בויערס רע־צעפּט! דערלאַנגט אַ טאָפּ — אַ פּאָטערלאַנד; גיסט אָן זודנדיק וואַסער פון עקאָנאָמישע אינטערעסן, זאַלצט מיט שפּראַך, פעפערט מיט פּאָליציי... און אזוי ווייטער...

און הערט ער וועגן אַ צוזאַמענפאָר פון קאָנסערוואַטיסטן, דער־מאָנט ער זיך: אהא: קלעריקאַלן, יעזואיטן...

מאַכט ער אַ פאַפירענע פויסט:

— מיר קענען אייך!

— קראָען! ראָבן שוואַרצע!

אָבער געגנוג שאַבלאָנען.

דאָס אייגנאַרטיקע לעבן איז אַ סומע פון אייגנאַרטיקע דערשיינונגען, די מוזן אויסגעפאָרשט ווערן...

און דערפון — ווייטער. —

---

# בלאָף



יץ איך מיר און לעז — א כינעזישן לינקן...
די היימישע זענען פון דער מאָדע ארויס!
לעז איך (נאַטירלעך: אין דער איבערזעצונג).

— „וואָס נידעריקער עס פאלט א פאָלק, אלץ דרייסטער און העכער הייבן זיך די לערע קעפּ פון זיינע אוזורפּאַטישע פארזאָרגער!

— וואָס דערשלאָגענער און שטילער עס ווערט א פאָלק, אלץ שרייענדיקער און לארמענדיקער ווערן, אויף שרויפן פון עזות און חוצפה, געשמירטע מיט רכילות און לשון־הרע, — די מיילער פון די רעדל־פירער, וואָס באַשען זיך אויפן חשבון פון די געשווירענע שאָף".

און —

— „וואָס אָרעמער, דארער און מאָגערער עס ווערט א פאָלק, אלץ געוויקסיקער און פעטער ווערן זיינע נישט געבעטענע אפּוטרופּסים, וואָס לעבן פון זיין חרפה, און פיטערן זיך מיט זיין שאנד..."

דערמאָן איך מיר אָן דער נאַראָדאָווער „דעמאָקראַציע", און — דער „קאָנצענטראַציע"...

טראַכט איך, קלעפּן זיך מיר די אויגן צו, חלומט זיך מיר — — —
נישט פון רוחות אליין ליידט א שרייבער; נישט מינדער פון חלומות.
חלומט זיך מיר א בלאָף:

די קאָנצענטראַציע וואַקסט, וואַקסט און וואַקסט, ביז זי איז אומגלויבלעך דיק און פעט, און הויך געוואָרן. שטעלט זי זיך, מיט א רייטבייטשל אין דער האַנט, אויף דער קראַקאָווער פאָרשטאָט, מיטן רוקן צו מיצקעוויטשן, ער זאָל נישט ז ש ע נ י ר ן!

שטייט זי אַזוי, פאַרשטעלנדיק מיצקעוויטשן, קומען צו איר פון נאַלעווקעס און דזיקא גאַסן, פאָרשטייער פון די „סעמיטישע" ווײַלער. בוקן זיי זיך זיבן מאָל און ווילן איר דערלאַנגען א מגילה, מאָראַליש־פּאָליטיש פארפאַסט!

און חלום בינדן זיך אזוינע ווערטער אויך!

מאכט די נאַראָדאָווקע מיט עכט־פּריציש ביטול אוועק מיט דער האנט, און וויזט מיטן רייט־בייטשל צו די פּיס:

— צו די פיס, יידעלע, קריך צו! אויף אלע פיר!

גלייכן זיך אונדזערע פארשטייער אוים, און רופן, די גאנצע קראַקאָווער פאָרשטאָט זאָל הערן:

— אונדזערע הענט זענען ריין! אונדזער ווילן פריי!

און קערן זיך אָפּ, און מארשירן צוריק אין קראשינסקים גאָרטן אריין, ווו מען וואַרט אויף זיי...

על נהרות בבל — טפו, ווי עס מישט זיך אוים אין א חלום! — ארום וואסערל אין קראשינסקים גאָרטן שטייען די ווײלער, רואיק הערן זיי אוים דעם „ענטפער", וואָס מען האָט זיי געברענגט, הייבן די הענט אויף צו די וואָלקן און שווערן, טאקע ווי אמאָל ביי די טייכן פון בבל:

— זאָלן אונדז דארן די הענט, אויב מיר וועלן נישט ווארפן קיין שווארצע רעשלעך קוכארזשעווסקין, און פארשווארצט זאָלן ווערן אונדזערע פּנימער, אויב מיר וועלן נישט געבן דעם אונדזעריקן קיין ווייסע!

אָפּגעשוואָרן, גייען זיי, ליתר תוקף ועוז, אויף אן אסיפה, אונטערצושרייבן די שבועה —

זיי רירן זיך נאָר פון אָרט, שפּרינגט שטילערהייט אפער, פון אונטער א באנק ביים וואסערל, ווו ער האָט אלץ אונטערגעהערט, אין בלאָטיקע קליידער און א צענויפגעדרייטן צילינדער — דער קאפּלמייסטער פון דער אסימילאטאָרישער קאצן־מוזיק, לויפט, שפּרינגט אויפן בערגל פון גאָרטן ארויף, כאפּט ארוים א קליגנענדיקן בייטל פון טאש, און רופט, די אָפּגייער זאָלן הערן, איבער די אייזערנע שטאכעטן ארוים:

— פינף טויזנט רובל פאר איין אָפּטריניקע שטים; דרייסיק טויזנט פאר זעקס!

און קלינגט מיטן בייטל אין דער לופט.

דערהערן עטלעכע, צוליב די לאַנגע רעק הינטערשטעליקע און שטעלן זיך אָפּ.

דער בייטל קלינגט און זיי זאָגן:

— שלעכטע צייטן, פּראָטעסטן! —

— דער גראָשן איז כשר!

— הלמאי זכה־בגורל־געלט!

— מיר שפּייען אויף דער...1)
און גייען צוריק, און פאַרשווונדן צוזאַמען מיטן קאַפּעל־מייסטער.
און —
קוכאַרזשעווסקי פּאָרט!
כאַפּ איך מיך אויף: בלאָף!
נישט מען גיט פון יענער זייט, נישט די זייט וועט נעמען...
דרימל איך ווייטער איין, חלומט זיך מיר: „ווייטער בלאָף"!
קוכאַרזשעווסקי פּאָרט: די גאַנצע קאָנצענטראַציע, ווי איין מענטש באַגלייט.

ששון ושימחה אויפן פּעטערבורגער וואָקזאַל; געקושערייען און שאַמפּאַניער, ווי וואַסער. און קלינגענדיקע טאָסטן:
— קאָכיימי שען!
— ניעך זשיע מאַרקאָוו, אונדזער שטאָלץ אין די ווייסע האַנטשו.
— ניעך זשיע נאַראָדאָווא דעמאָקראַציא, קאָנצענטראַציא...
— ניעך זשיע ענגאַאיזם נאַראָדאָווי!
— ניעך זשיע! — קרייעט אריין א הענדל.
איך דערקען די שטימע.
דאָס איז די שטימע פון איינציק מעגלעכן ייד, וואָס האָט געהאַט, האָט און וועט שטענדיק האָבן — — צוטרויען.

און — צוטרויען פאַר צוטרויען. און ליבע און באַוווּנדערונג. זיין נאָמען קלינגט אין אַלע וואַרשעווער גאַסן, איבער דער גאַנצער לענג פון דער ווייסל. זיין לויב זינגט דער זאַמד־שלעפּער אויפן שיפל, און ביים אָנ־לאָדן, און ערשט דערנאָך אין הויף ביים צעטראָגן די זעקלעך. קומט א קאַטערינקע — באַגלייט זי דאָס ליד מיט א ברען! דאָס ליד זינגט אויך דער פּריזירער ביים מאַניקירן, און דאָס פּרעס־מיידל ביי מאַטילדען, ווען זי פּרעסט אייער קראַגן און מאַנזשעטן. באַקומט איר זיי מיט פלעקן, — ווייסט, דאָס זענען טרערן פון ליבשאַפט צום איינציקן ייד מיט צוטרויען.

א י ם האָט מען איינגעלאַדן; ע ר איז געקומען! ער זיצט צווישן עולם, א מחותן צווישן מחותנים.

מען פאַרגעסט אים אָפּטמאָל אָנצוגיסן, — זופּט ער פּאַמעלעך, עס זאָל נישט פעלן! פאַרגעסט מען זיך מיט אים אָנצושטויסן, שפּרינגט ער אליין מיטן האַלב לערן בעכער אויפן טיש אַרויף און וויל רופן:

---

1) אומלעזבאַר.

— קאָכיימי־שען!

און קוקט זיך אום, זוכט מיט די אויגן, מיט וועמען זיך אָנצושלאָגן, מיט וועמען זיך צו קושן, — לאָזן זיך, ווו ער וואַרפט זיין בליק, די אויגן אַראָפּ, און די וואָנצן הויבן זיך שפּיציק אויף, ווי די שפּיזן! ווערט אים דער מוטערס מילך געוונען, אַנטלויפט אים די נשמה אין שפּיץ־קנעבל אריין, שלאָגט דאָס הארץ — שרעק! דרייט זיך די צונג איבער. שרייט ער אוים:

— לחיים!

א געלעכטער! א קאַסקאַדע געלעכטער.

פאר דאָס — אויף די נאַלעווקעס — חשך.

גרימצאָרניק ברוינע פּנימער גייען ארום... אויגן פ י נ צ ט ע ר ע .

דער עולם ברומט: פאַרקויפט! פאַראַטן!

עמעץ רופט אוים:

— א טויט די פאַרעטער!

אן אנדערער:

— נעמט שטריק, גייט בינדט זיי און ברענגט זיי אהער! מישפּטן זאָל — די גאַס.

און די באַרימטע גמינא־וואָל־פּאַטשער צעלויפן זיך, קומען צוריק און ברענגען אויף די שטריק נישט מער.

— ווי פינף!

— דער זעקסטער, — ראַפּאָרטירן זיי, — איז, ווי מיר האָבן נאָר אָנגעקלונגען, געפאַלן א טויטער!

ברילט דער עולם:

— כן יאבדו!

און מען נעמט די פינף פאַרעטער... און מען הענגט זיי אויף אויף פינף לאַמטערן.

לעשן זיי זיך אוים, די פינף, פאַר דער צייט.

זיי שעמען זיך צו זיין תליות פאַר אזעלכע לייט!

הוידען זיי זיך, וויגן זיך אויף די שטאַנגען פון אויסגעלאָשענע לאַמטערן.

דער עולם ארום — שטיל...

וועקט מיך די שטילקייט, כאַפּ איך מיך אויף, דרימל צוריק איין און עס חלומט זיך „נאָך מער בלאָף!”

אין „נאָוואַ גאַזעטאַ” איז א באַל.

דאָס לאָקאל — אילומינירט.

אין די פענצטער — טראַנספּעראַנטן!

אויף די זייטיקע: „ניעך זשיע נאַראָדאָווא קאָנצענטראַציאַ" און „ניעך זשיע אסימילאַציאַ!"; די צווייטע וויל זיך עפּעס נישט ברענען!

אינדערמיט: קוכאַרזשעווסקי אויפן פערד!

אזוי רייט ער, ווי דער הייליקער יערזשי, — קיין פּעטערבורג!

אויפן וועג, רייט ער איבער א ליטוואַק, מיט דער שפּיז אין דער לינקער האַנט שטעכט ער דורך א ציוניסט, אין סאַמע מגן־דוד, וואָס ער טראָגט אויפן האַרץ. אין דער צווייטער האַנט א פאָן: שלאַכטאַ, צי מאָן און וואָג!

און אינעווייניק ווימלט פון געסט. דאָס זענען די אהין נישט געבעטענע; מאַכן זיי זיך זייער יום־טוב אַפּאַרט.

א גרויסער יום־טוב!

נעשט דערלאָזט צו ליקוי־חמה! די יידישע לבנה זאָל פאַרשטעלן די פוילישע זון!

א חורבה וואָלט געוואָרן: וויפל געמישטע מישפּחות וואָלטן זיך צעפאַלן ווי זאַמד! וויפל געלט־שרענק וואָלטן לער געוואָרן!...

און — מיט דאַמען געקומען.

און געקומען איז דער גאַנצער שטאַב פון „איזראַעליטאַ", די „נאָווא גאַזעטאַס" שוועסטער. אן עלטערע, א שוואַכערע, קוים זי אָטעמט ערשט נישט לאַנג אויפגעשטאַנען פון דער הינער־פּלעט. פון זשידאָווסקי אָרגאַן אויף דער לעש — קיינער נישט געקומען. גיי געטרוי א ליטוואַק געהייסן דרוקן וואָל־אויפרופן, זאָגט ער: לאַוו! אַרויס די יידישע מערהייט האָבן זיי געטאַנצט! פאַר דאָס. —

עטלעכע קאַפּאָטקעלעך פון הייליקן גרזשיבאָוו!...

מען פאַרגעסט זיי אָנצוגיסן. אַלץ איינס! זיי גיסן סיי־ווי־סיי אין בוזעם אַריין; יין נסך! מען פאַרגעסט זיך מיט זיי אָנצושלאָגן. בע! פּאַ דאָס בליצט צו פון צייט צו צייט א ליבער דאַמען־שמייכל; ווערעמלעך קריכן איבערן לייב! גייט דורך איינע און רירט, נישט גערנווילִיק, אָן מיט דער בלויזער האַנט, — א היץ גייט דורך די ביינער!

ווערט התלהבות, ווערט אחדות, גרילט מען מיט:

— נאַ פּאָהיבעל ציוניסטאָוו!

— נאַ פּאָהיבעל ליטוואַקאָוו!

— ניעך זשיע אסימילאַציאַ!

און עס ווערט בגילופין; פאַלן פלוצלינג שליחים אריין:

— מורד געווען במלכות פוילן.

— געכאַפּט און אויף גאַס־לאַמטערן אויפגעהאנגען פינף פאַטריאָטן!

כאַפּן זיך אַלע אויף פון די שטולן, אויסער איינעם, וואָס איז שוין לאַנג אונטערן טיש געלעגן. שפּרינגען זיי אויף. שמעטערן די כוסות צו דער ערד, כאַפּן פון די רעדאַקציע־טישן: פּענעס, שנייד־מעסער, שערן... דאַמען — די נאָדלען פון די היט די טאָפּלטע — פון די האָר ארויס...

צעפּ פאַלן צו דער ערד, הייבט מען זיי אויף אָנשטאָט בייטשלעך... און מען לויפט —

— ווו אהין?

— אויף די נאַלעווקעס.

— נאָכוואָס?

— די געהאַנגענע אָפּצושניידן!

— די טויטע באַגראָבן אין דער הויפּט־אַלייע אויפן קהלישן חשבון!

— די לעבעדיקע דערמאָרטערן! און דער עיקר:

— זיך נוקם זיין אָן די נאַלעווקעס!

לויפן זיי, קומען זיי. ווערן זיי באַגעגנט. קומט באַלד אָן די גיכע הילף. פירט מען די צעשלאָגענע אסימילאַציע אָפּ:

ווּעמען אויפן הייליקן אָרט, צו די פאַמיליען־גריבער, ווּעמען אין פּראָזעקטאָריום, ווּעמען אין שפּיטאָל אריין...

די גיכע הילף פאָרט צוריק, דאָס אויטאָ פייפט, די טראָמפּייט בלאָזט. און אויפן פּעטערבורגער וואָקזאַל רוישט!

מען קלינגט, עס פייפט. דער צוג רירט. קוכאַרזשעווסקי — אָפּ. הונדערטער טיכער געוויט. די זייגער — די קאָנצענטראַציע גייט צוריק.

ויבא הפליט — קומט אָן אַנטרינענער פון די נאַלעווקעס, און פאַר־ציילט, וואָס עס איז געשען.

פלאַמט דער גרימצאָרן אויף; לויפט מען זיך נוקם זיין. ווי שאַמ־פּאַניער וועט זיך גיסן בלוט!

יונגע לייט רופן:

— נישט אויף אַלע גיסט אייער גערעכטן צאָרן אויס!

זיי בעטן זיך:

— חסידישע טעכטער לאָזט געמאַך! קעמען זיך אזוי פיין! די פיינסטע פּאַרפומעס, און בלאַסע אזוינע... און אַלע לעזן פּשיבישעווסקי

און זשעראָמסקי, און אַלע זענען פאַרליבט אין אָסטערוואָ... און אויגן האָבן זיי, ווי די גאַזעלן, און אַזוינע ברעמען לאַנגע, און אַזוינע שאָטנס אונטער די אויגן...

הערט מען זיי נישט.

— האָט רחמנות — קרייעט דאָס הענדל, — אויף קינדער אין די וויגן! זיי האָבן נאָך צוטרויען! פון זיי וועלן פּאַטריאָטן וואַקסן, פּאַטריאָטן ווי איך!

הערט מען נישט —

דער צאָרן פּלאַקערט!

אין אַ צייט אַרום:

איבער די גרינגע חורבות פון די נאַלעווקעס יאָגט זיך דמאָווסקי וסיעתו נאָך העזה...

כאַפּ איך מיך אויף: בלאָף.

בלאָף שבבלאָף!

און דרימל ווייטער איין, און עס חלומט זיך ווייטער בלאָף, „בלאָף מיט פּליאַקעם"!

אויפן גאַניק פון ראָטהויז זענען פיר מאַן אַרויס. דריי בלאָזן טראָמפּייט, דער פערטער רופט אויס:

— קוכאַרזשעווסקי — אָ, מען האָט פאַרטיליקט די מייז — האָט געפּועלט פאַר די רעשט יידן אין וואַרשע — גלייכבאַרעכטיקונג. זאָלן זיי קומען און דאַנקען!

קומען זיי... די פיר:

דער איינציק־מעגלעכער ייד מיטן צוטרויען.

דער ייד פון אונטערן טיש.

דער קאַפּעלמייסטער פון דער קאַצן־מוזיק, וואָס איז ניצול געוואָרן על־פּי נס; וואָס עס איז, ווי שטענדיק, דערביי נישט געווען.

און —

דער פּליט, וואָס איז אַנטרינען געוואָרן פון די נאַלעווקעס און איז געקומען אָנזאָגן אויפן פּעטערבורגער וואָקזאַל... די מפּלה!

בוקן זיי זיך, די פיר!

דאַנקען, זיי!

דער פּוילישער עולם אַרום קוקט אויף זיי און ברומט מיט פאַרגעניגן:

— די לעצטע... און מיט לויב!

די בעסטע!

און די פיר צדיקים, וואס האבן דעם ליטווישן סדום נישט אפגע־ראטעוועט, רירן זיך פון ארט און שטעלן זיך אפ.

— ווו אהין גייט מען?

אין טעאטער אריין? פארמאכט! פיר מאל אין יאר עפנט מען עס, גייט: „אבראנא ציענסטאכאווי"...

אין פילהארמאניא! געשלאסן! אמאל אין א יאר שפילט מען נאסקאווסקי...

אין א קאנדיטעריי? פארהאמערט! באנקראט!

הערזע אויך!

די קונסט־אויסשטעלונג וויל מען איבערמאכן אויף א צירק!

און דאך גיין ערגעץ מוז מען!

מען מוז באגיסן די גלייכבארעכטיקונג... פרעגט מען:

— ווער האט געלט?

זוכן אלע פיר אין די טאשן - לער! מען דרייט זיי איבער — לייוונט!

קרייט דאס הענדל:

— קומט אויף דער לעש. צוטרויען פאר צוטרויען; איך האב קרעדיט אין „סלאוויאנקא"...

גארקיכן זענען געבליבן!

גייט מען.

אויף דער לעש שטעלט מען זיך אפ ביי א הויז.

דאס הענדל קרייעט ווייטער:

—א היסטאריש הויז!

ביי יענע דריי: דריי מינעס — דריי פראגע־צייכן.

קרייעט דאס הענדל:

— געוויס!

און דערקלערט:

דא איז אונדזער זשארגאנישע צייטונג געווען! גלייך מיט אלע אונ־טערגעגאנגען... אויף גאנץ ווארשע איין „צוויי גראשנדיקע" געבליבן... ווער לעזט? מיר פיר לעזן!

— איז דא געווען די רעדאקציע... אין שטוב אויף דער וואנט שטארט נאך א שווארצער פלעק!

— פון וואס?

— פון טינט! א מיאוסע מעשה געשען: מיר הייסן אפדרוקן א

פּאַרוואַל־פּראָקלאַמאַציע, דער רעדאַקטאָר, אַ ליטוואַק, זאָגט: ניין! בעטלען וועט ער גיין, און דרוקן וועט ער נישט לאָזן!

כאַפּט אונדזער אומפאַרגעסלעכער דאָקטאָר...

ער שטאַמלט, לאָזט אַראָפּ דעם קאָפּ פאַרשעמט און זיפצט:

— דעם נאָמען פאַרגעסן! פון אַ צייט צערינען מיר די געהירן...

— און ג ע ט ו ן וואָס האָט ער?

— ווי לוטער אין זיין צייט! דעם טינטער געכאַפּט, צום רעדאַקטאָרס קאָפּ געוואָרפן, געטראָפן — דער וואַנט!

עס ווערט איינשטימיק באַשטעטיקט:

— אַ היסטאָריש הויז!

—אַ היסטאָרישער פלעק!

— מען וועט דעם יידישן לוטער אייביק נישט פאַרגעסן!

און מען רירט און מען גייט אין סלאַוויאַנקע אריין עסן ב י ל י ק, אויף ק ר ע ד י ט פאַר צוטרויען — פליאַקעס!

# נאָך דער מילחמה



ויפן פעלד, ווו עס האָט ערשט נישט לאנג אזוי גערוישט און געפילדערט, איז שטיל געוואָרן...

די „שלושה שאוחזין מטלית" — אַלע דריי פּאַרטייען, וואָס האָבן מיט אזא געוואַלדיקן מסירת-נפש מילחמה געהאַלטן וועגן דער ממשלה אין שטוב פון גרעסטן יידישן קהל אין אייראָפּע און געשריען מיכלומרשט „כולו שלי" און געמיינט וואָס מער צו פאַרכאַפּן, זענען אָפּגעטראָטן. און אַלע דריי — נישט זייער צופרידן.

די זיגער, אין אָנהייב שיכור פון ניצחון, האָבן אָפּמאַרשירט, מיט זאנג און קלאַנג, טראָמפּייטן - געשמעטער און הורא-געשרייען צום געצעלט פון גרויסן פעלד-מאַרשאַל, צו זען זיין שמייכל, וואָס זיי האָבן כשר פאַר־דינט, צו הערן זיין לויב און צו לאָבן זיך מיט זיין געשמאַקן כיבוד...

אָבער נישט לאנג האָט געדויערט דער רויש, און נאָכן רויש קומען שווערע געדאנקען: געזיגט, אָבער אויף ווי לאנג? געזיגט, אָבער די פאָן פאַרביטן, א פרעמדע געטראָגן: נישט „אסימילאַציע" איז געווען אויף איר אויסגעשטיקט, נאָר „פּאָסטעמפּ" (פּראָגרעס)... און די „פינצטערע" מאסע איז געוואָרן א טרייב-הויז פון אייגענער אינטעליגענץ. און די היימישע אינטעליגענץ, דאָס פלייש פון איר פלייש, דער ביין פון איר ביין מערט און פרוכפּערט זיך, און דער דרך-ארץ פאַרן פרעמדן פּאָסטעמפּ פאַלט פון טאָג צו טאָג...

דער מאָנאָפּאָל אויף פרייזיניקייט ווערט פון טאָג צו טאָג לעכערלע־כער. אום צו בלייבן ביים כבוד פון פּאָסטעמפּ, איז שוין ווייניק צו זיצן אויף אייביקע שטולן... מען מוז עפּעס טון, מען מוז ארבעטן. און די טראַ־געדיע איז, אַז קוים וויל מען טון, קוים וויל מען אַרבעטן, מוז מען טון־און ארבעטן באַזונדער, יידן פאַר יידן. די „פּוילישע קולטור" וויל בפירוש נישט קיין פיליע אויף די נאַלעווקעס... און שטעלט מען יידן קעגן יידן, וויל מען ריידן מיט דער מאסע, ווייטער א קללה — מוז מען ריידן יידיש!

און יידיש ריידן נאָר ליטוואקעס, אזוי האָט מען ערשט נעכטן געגלויבט, געוואָלט גלויבן...

און ווו איז תורה אָן קמח? און די מאסע איז הונגעריק... מען מוז ארבעטן עקאָנאָמיש, הייבן דעם וווילשטאנד, קרעפטיקן די ארבעט, אָר־גאניזירן...

דאָס איז נאָך געפערלעכער — באזונדער אָרגאניזירן?

יענע ווילן קיין שותפות נישט, — באשאפן אן עקאָנאָמישן געטאָ?...

אויף דער קעלניע געבליבן, די לייצן אין די הענט, אבער פירן דעם וואָגן אויפן זעלבן זאמד פון צוזאָגן אין מידבר פון וויסטע חלומות און מיראזשן, איז אומעגלעך —

ווען מען נישט מוזן אראָפּ אויפן שונאס וועג?

— — — — — — — — — — — — — — — — —

די מיטהעלפער זענען באלד צו דער שימחה נישט געקומען. באזונ־דער און גאנץ שטיל אָפּגעטראָטן — אין דער שינאה צום פרעמדן ליטוואק און אין דער הערשאַפט איבער קהל, גייט מען האנט אָן האנט, איז „יחדיו", וואשט איין האנט די צווייטע צוליב דעם שטילן „יחלוקו": נעם דיר, דייטשל, די אלגעמיינע פּאָליטיק, דאָס אָפּקלאַפּן די שוועלן פון די פריצים און גענעראלן לטובת הכלל; נעם דיר, דייטשל, אלס צולייג דאָס „בית־עלמין" מיט די מצבות; מיר לאָז כשרות, — מיר לאָז דעם רב מיטן מלמד; און אָסור, אויב מיר וועלן צולאָזן אביסל דיקדוק, א ניצוץ פון א ליטוואק... אָבער מיט די כלים מישט מען זיך נישט, צוזאמען אויף שימחות גייט מען נישט...

און די א מ ת ע זיגער, די, וואָס האָבן צוגעהאָלפן און דעם בעסטן ביין באקומען, אמערסט אויסגעקאשפּערט, — פרייען זיך באזונדער און פרייען זיך אויך נישט נאָר אינגאנצן. אביסל קאלאמוטנע אויפן הארץ... אביסל נישט ריין דאָס געוויסן, אביסל באשפּיגן די באָרד... געבראָכן דאָס וואָרט... א שרעק פאר מאָרגן, א בושה פאר היינט... דערצו — א דין־תורה מיט ליטוואקעס!

און וואָס ערגער איז: טאָמער איז עס אמת?

וואָס וועט זיין, אז דער „פּאָסטעמפּ" וועט נישט בלייבן קיין הויל וואָרט, קיין צוזאָג אין דער וועלט אריין; נישט נאָר א מאסקע, צו פאר־דעקן די חרפּה פון דער אסימילאציע, נאָר א ווירקלעכער, אמתער, ערנסטער וואָס וועט ווירקלעך א ר ב ע ט ן ? וואָס וועט זיין מיטן „יחלוקו?"

און וועט עס געשען, וועט מען זיך ווירקלעך נעמען צו דער ארבעט,

ווירקלעך זיך געגעגען צו דער מאסע, ווירקלעך און ערנסט פארנעמען זיך מיט איר געברויך, מיט דער דערציאונג פון יונגן דור — וועט דען נישט דאָס דייטשל געפערלעכער זיין פארן ציוניסטישן ליטוואק? די צילן וועלן זיין די זעלבע אויב נישט ערגערע, און די אויספירונג קרעפטיקער, זי־כערער; געוויינט צו הערשן, צו רעגירן, אויסצופירן... און געלט, און אינ־טעליגענץ, ווי האָלץ!

---

און די באַזיגטע, די אָפּגעגאַרטע, זענען נאָך שטילער אוועקגעגאַנ־גען; אַ חשבון הנפש מאַכן, אונטערצופירן די אונטערשטע שורה...

און זיי טומלען זיך אויף שטילע אסיפות:

— פונוואַנען איז געקומען די מפּלה?

האָט מען נישט אויסגעזאָגט קריג צו דער רעכטער צייט? איז נאָך דאָס יידישע וואָרשע ווייניק יידיש? איז די יידישע פּרעסע, וואָס האָט גע־שטיצט מיט איר אומגעהויער־גרויסער לעזער־מאַסע, נאָך נישט גענוג שטאַרק קעגן אַ — באַנקיר?

און — האָבן מיר נישט געאַרבעט מיט גענוג מסירת־נפש? האָבן מיר ווייניק די קעלן אויסגעריסן שרייענדיק: הידד! אַהער און „נידער" אַהין?

האָבן מיר נישט זיבן און מער מאָל אַרומגערינגלט די מויערן פון אַסימילאַטאָרישן „יריחו" און געשמעטערט אויף די גרעסטע טראָמפּייטן,

— פאַרוואָס זענען זיי, די מויערן, נישט איינגעפאַלן? —

און אין האַרץ הייבן אָן צו פּיקן ספקות:

— אפשר איז אונדזער נאַציאָנאַל־געפיל נישט גענוג יידיש, נישט גענוג פאָלקסטימלעך און אונדזער ד ע מ אָ ק ר אַ ט י ז ם נישט גאַנץ און גאַנץ אמת?...

— אפשר פעלן אונדז מענטשן?

— אפשר איז היינט אין די טרוקענע צייטן, אין צייטן אָן ניסים און אָן כישוף, אַרומרינגלען אַ פעסטונג, בלאָזנדיק אויף טראָמפּייטן, ווייניק?

מען דאַרף אויך עפּעס טון, אויף מויערן קלעטערן, מויערן ברעכן; קענען מויערן און טורמען בויען, און פון זייער הויך די פעסטונג באַשיסן?

— וואָס האָבן מיר געבויט?

וואָס האָבן מיר געטון דאָ, אויפן אָרט, פאַר די, וואָס מיר ווילן פירן? מיט וואָס האָבן מיר זיי באַוויזן, אַז זיי דאַרפן דעם טויער שפּאַלטן און אַרויסטראָגן אונדז די גאָלדענע שליסל?

האָבן מיר עפּעס געטון פאַר דער יידישער דערציאונג, כאָטש איין

יידיש קינדער־ביכל ארויסגעגעבן? האָבן מיר פאַרן פאָלק (נישט פאַר זיך) איין אויסגאַבע געגרינדעט? דאַרף מען ווירקלעך דערצו אַ שטול אין קהל־שטוב?

האָבן מיר געהאָלפן ביי דער שווערער געבורט פון דער יידישער ליטעראַטור פאַרן פאָלק, און לאָזן מיר נישט די קימפּעטאָרן פון יידישער קונסט אין אירע שווערע וויעען אָן הילף?

האָבן מיר עפּעס פאַרן יידישן טעאַטער געטון?

„נידער מיט דער אסימילאַציע" — גוט, עס שרייט זיך פיין, אָבער וואָס האָבן מיר באַשאַפן קעגן איר, אין אונדזער גייסט, נאָך אַמאָל גערעדט: דאָ, אויפן אָרט, פאַרן פאָלק?

און פאַרן „געגריוויטן" שוסטער, וואָס האָבן מיר געטון? און פאַר אַלע אַנדערע, וואָס פאַלן ווי פליגן פון קאָנקורענץ פון יענער זייט... כאָטש איין אַנקעטע געמאַכט? אויסגעפאָרשט דעם תחום?

— — — — — — — — — — — — — — — — —

אויפן שלאַכט־פעלד איז שטיל, און אין דער שטילקייט איז געזעסן די פּוילישע „פּראַוודאַ", די אַלטע ניאַניע פון „פּאָסטעמפּ" ביכלל און יידישן אין כלל, און געטראַכט, און באַטראַכט זיך, אַז דער ניצחון אירער איז אַן אויסגעבלאָזן איי, אַן אויסגערונענער בליץ־טראָפּן, פון וועלכן עס וועט זיך שוין קיין רעכט־אַסימילירט נישט אויספּיקן...

און די אַלטע ניאַניע האָט, וואָס עלטער, שאַרפערע אויגן, שוין נישט, ווי אין דער יוגנט פאַרלאָפענע, פאַרטערונקענע און זעט: דער יידיש־פּוילישער „פּאָסטעמפּ" איז באַנקראָט... די רבנישע קמיע, וואָס מען האָט אים אויפן האַלדז אָנגעהאָנגען, דער אָפּגעשפּראָכענער בוימל, מיט וועלכן מען האָט זיין מאָגער לייב געשמירט — האָבן נישט געהאָלפן, — ער דאַרט...

און שאַרפע אויערן האָט זי די אַלטע ניאַניע... נישט ווי יונגערהייט מיט נאַרעשע פלירט־קאָמפּלימענטן פון אייראָפּעאישע פּאָליטיקער, פיש אין טריבן וואַסער כאַפּנדיק — פאַרטומלט, הערט זי, ווי אַ ניי גרעזל שפּראָצט אויפן פּוילישן פעלד, שפּראָצט און וואַקסט, אַ יידיש גרעזל, אַ גרעזל פון אַ יידיש־אייגנאַרטיק לעבן אויף פּוילישער ערד... דער פּראָצעס פון פעלקער־באַפרייאונג הייבט זיך אָן דאָ אויך... עהע!

— און וועלן מיר טון — פרעגט די פּראַוודאַ — מיר פּאָליאַקן? אמתע, עכטע?

אַ פראַגע...

אָבער ווער, אייגנטלעך, פרעגט? ווער איז די „פּראַוודאַ"?

———

# די „פּראַוודאַ"



י פוילישע „פראוודא" איז א ראדיקאל־פריייזיניק וואָכנבלאַט. איר באַשעפער און פירער, ביז פאר דער לעצטער צייט, איז אלעקסאנדער שוויענטאָכאָווסקי. איינער פון די טיכטיקסטע קעפּ און פרייזיניקסטע מענטשן אין פוילן.

זיין ארבעט איז אין פוילישן לעבן נישט געבליבן אָן א טיפן אָפּ־קלאנג; ארום זיין פאַן האט זיך געזאמלט דאָס ערלעכסטע און קליגסטע פון פוילישן פאָלק; זיינע שריפטן און זיין אָרגאן די „פראוודא" וועלן פאר־נעמען דעם ווירטיקסטן פלאץ אין דער געשיכטע פון דער באפרייאונג פון פוילישן געדאנק.

און באוויזן האָבן זיי זיך אין געפערלעכסטן מאָמענט פון ליידן און שאנד, אָפּגעשוואכטקייט פון אומזיסט פארגאָסענעם בלוט און שטומער פארצווייפלונג.

נישט פארצווייפלט האָט נאָר דער גרויסער פוילישער אדל. דער מאגנאט, וואָס האָט מיט זיין נארישער פּאָליטיק, אונטערטעניקייט צו די יעזואיטן און פריוואטע עגאָאיסטישע אינטריגן צו דער גרויסער מפּלה גע־ברענגט, פוילן אויף שטיקער צעשניטן און די שטיקער צווישן מלוכות פארטיילט. ער איינער האָט ווייטער פּאָליטיקירט, ווייטער גרויסע, הויכע פּאָליטיק געפירט, געחלומט אלץ פון גרויסן פּאָטערלאנד, פון אלטן גרויסן „פוילן פון ים צום ים" און אָפּגעקלאָפּט די שוועלן פון גרויסע קרובים און גרויסע הויפן, מען זאָל זיך, צוליב גערעכטיקייט, פאר פוילן מיען. אין זכות פון אמאָל געראטעוועטן ווין, — און אין זכות „פון אונדזערע שיינע פרויען און טעכטער!"...

און אנדערע?

דאָס קליינע פריצל, אויב מען האָט ביי אים קיין „פּאָוסטאניעץ" נישט געפונען און דאָס גוט נישט קאָנפיסקירט, דאָס קליינע פריצל איז אין דאָרף געבליבן, אין זיין הויף געזעסן. געאקערט און געזייט, מיט דער הילף

פון עקאָנאָמס קאַנטשיק, מיט פויערישע הענט און אליין מיטן גלח פּרע־פּעראַנס אָדער טערטל־מערטל געשפּילט. די ליטעראַטור זיינע איז געווען דער קאַלענדאר, וואָס ער פלעגט טוישן פון יאָר צו יאָר, נישט אינגאַנצן אויפגעשניטן און נישט דאָס גאַנצע אויפגעשניטענע דורכשטודירט. אויפן אָרט פון א ציימונג האָבן געדינט דער פאַכטער און דער קרעטשמער — די יידישע פאַנטאָפּל־פּאָסט...

און איז אמאָל געפאַלן אויפן האַרץ א טרויער, איז פאַראַן אונגער־וויין ביים שענקער און דער היימישער אַלטפראַנקישער בעכער פון „קאָ־ביימי־שען"! — און זענען אמאָל שווערע געדאַנקען געקומען, און דאָס האַרץ האָט נאָך טרייסט געלעכצט, האָט מען דעם גלח עקסטרא גערופן, און ער האָט הימל־שפּייז דערלאַנגט... ער, וואָס האָט פריער נאָך אונטערטעניק געמאַכט פוילן צו רוים, אויסגעקוילעט אַלע דיסידענטן, אַלע אפּיקורסים, אַלע פרייערע קעפּ און די רעשט אונטערן פּאַפּסטס פּאַנטאָפעלע געוואָרפן...

דער פּויער — ביי ביידע פאַרקנעכט!

און פוילן האָט געפוילט, אָן א האָפענונג, אָן א געדאַנק, אָן ארבעט אין די הענט. —

דעמאָלט איז שווינטאָכאָווסקי געקומען, דעמאָלט האָט זיך די „פּראַוודא" באַוויזן. דעמאָלט איז געשטעלט געוואָרן דאָס פּראָגראַם: ארבעט!

ארבעט ביי די פונדאַמענטן, ארבעט טיף אין די שיכטן פון פאָלק: אויפלעבן מוז דאָס פאָלק.

אום אויפצולעבן, פריי אויפצואָטעמען, מוז עס באַפרייט ווערן פון אונטערגעוואָרפנקייט דעם פריץ, פון אַבערגלויבישער איבערגעבנקייט דעם גלח, און פון פּוסטע חלומות פון גרויסן אָדל.

עס איז קיין צייט נישט געווען קיין נייע קולטור־ווערטן צו באַשאַפן, האָט פון אייראָפּעאישן קולטור־אוצר אידייען און אידעאַלן געבּרענגט. ווייניק האָט אויפגעזאַמלט דייטשלאַנד געווער קעגן יחוס און אַבערגלויבן אין דעם דראַנג־פּעריאָד? ווייניק קלינגענדיקע ווערטער האָט באַשאַפן די פראַנצויזישע רעוואָלוציע?

און ווייניק פּאָזיטיוויזם האָט געגעבן ענגלאַנד?

שווינטאָכאָווסקי פּריידיקט, אָבער דאָס דאָרף הערט נישט, דער פּויער לעזט נישט, דער גלח שילט, דער קליינער פּריץ זאָגט נאָך: אָמן! —

הערן הערט די שטאָט!

ווער איז די שטאָט?

פּריצימלעך, וואָס האָבן די גיטער פאַרלוירן, אין שטאָט אריין, פּרנסה זוכן געקומען און — יידן מיט א קליינער צאָל אינטעליגענץ...

זיי האָט שוויענטאָכאָווסקי גענומען; זיי האָבן זיין שטארק וואָרט דערהערט און ארום זיין פאָן זייערע קרעפטן געזאַמלט.

און דער יונגער פריץ האָט שוויענטאָכאָווסקין געהערט און זיך צו דער ארבעט גענומען, צום געווערב, צו מאָס און וואָג; צו דער ארבעט, וואָס ער האָט ערשט נישט לאנג פאר א שאנד געהאלטן...

און דער יידישער אינטעליגענט, וואָס מענדעלזאָן פון בערלין האָט פון דער פינצטערער מאַסע ארויסגעצויגן און פאר א „מענטש" געמאכט, האָט פאר שוויענטאָכאָווסקים וואָרט אָפענע אויערן און הארץ געהאט. און אויפן אָרט פון פרעמדער, — זיך צו היימישער בילדונג גענומען. מענדעלזאָנען אויף שוויענטאָכאָווסקין פארטוישט, ישעיה און ירמיה אויף מיצקעוויטשן, דוד און שלומה אויף קאזימירן און באטאָרי פארביטן — היימישע פּוילישע מלכים! און מאנכע, מיט דער צייט — דאָס סידורל — אויף מאָדליטווניק...

עס איז צוגעגאנגען לייכט, זייער לייכט; אומעטום פירט די פרעמדע קולטור ביז צו פרעמדער רעליגיאָן, דאָ איז דער וועג גלאטער געווען...

פּוילן איז אויך שוין נישט קיין פאָלק, וואָס שטיצט זיין נאציאָנאַליטעט אויף באַגנעטן; אויך נישט קיין פאָלק, וואָס לעבט פון דער פויסט, וואָס דריקט אונטער אנדערע פעלקער...

רוטענער האָבן נאָך אפילו נישט געקרעכצט, ליטווער קיין מויל נישט געעפנט...

און פּוילן איז אויך א פאָלק, וואָס האָפט אויף בעסערע צייטן, וואָס װאַרט אויף משיחן, וואָס אפּעלירט צום אייראָפּעאישן געוויסן, וואָס פאַרלאַנגט גערעכטיקייט, וואָס מאטערט צעווייטיקט אונטער א פרעמדן יאָך.

ווי ענלעך!...

און די שול פון שוויענטאָכאָווסקין איז פול געוואָרן פון יידישע שילער, און דער אָרגאַן די „פּראַוודא" — מיט יידישע העלפער און מיטארבעטער...

דאָס איז געווען די צייט פון גלאַנץ און אין איינוועגס, דער העכסטער פונקט פון אסימילאציע.

— — — — — — — — — — — — — — — — —

צייטן בייטן זיך.

אז מען האָט, לויט שוויענטאָכאָווסקיס רעצעפּט, זיך אָפּגעזאָגט פון חלומות, פון האָפענונגען אויפן גרויסן אדל און שיינע באַציאונגען אין די גרויסע הייף; אז מ'האָט אויך פארלאָרן דעם גלויבן אינעם יושר און ערלעכקייט פון אייראָפּע און איר פּאָליטיק — אז מען האָט אוועקגעלייגט די קאָפּ־ און הארץ־ארבעט אין דער פרייער לופט און גענומען זיך צו רע־אַלער ממשותדיקער האנט־ארבעט, צום אָרגאַניזירן זיך אויפן פעלד פון רעאלע פאָלקס־אינטערעסן — האָט שוויענטאָכאָווסקי און זיין „פּראַוודא", שוין פון זיינע שילער געפירט, זייער גרויסן גלאַנץ פארלאָרן...

די שטאָט איז אנדערש געוואָרן...

צום געוועזענעם פּריץ, וואָס האָט געזוכט זיין ברויט צווישן די שטעטישע מויערן, איז צוגעקומען דער פּויער, וועלכן עס האָט, נאָך ירושות און צעטיילן, ערד פארפעלט. צום געווערב און צום פאבריק־ארבעט איז צוגעשטאנען דער ייד; פון שענק, וואָס מען האָט ביי אים צוגענומען, פון קראָם און געוועלב, וואָס האָבן אים שוין נישט דערנערט, און פון דאָרף און פון דער „פּרעמד", פון וואנען מען האָט זיי געטריבן...

אַנדערע אינטערעסן פארלאנגען אנדערע ענטפערן; א נייער קנויל פון נאַציאָנאַלע און עקאָנאָמישע אויפגאבן, — אַנדערע פינגער מוזן זיי פאנאנדערקלייבן...

און אַנדערע אידעאַלן האָבן פּלוצלינג אויפגעבליט, און אַנדערע שטימען האָבן זיך דערהערט...

גאַנץ אַנדערע — — —

נייע צייטן — נייע פייגל...

טרעטן אָבער די אַלטע צייטן נישט לייכט אָפּ — ווערט א רעאקציע. דער וואָגן ווערט צוריקגעשלעפּט מיט געוואלד.

די נייע פייגל מיט די נייע לידער זענען זיך צעפלויגן... די נייע מענטשן מיט נ יי ע ר ארבעט זענען אָפּהענטיק געוואָרן.

שטיל! און אין דער טויטער שטילקייט דערהערט זיך די ציטערדיקע שטימע פון דער געעלטערטער נ י א נ י ע פון פּוילישן אַמאָליקן שטאָלצן פּרייען געטראנק —

— וואָס וועל'מיר טון מיט דער נייער שפּראָצונג אויף דער פּוילישער ערד, — מיט דער יידישער נאַציאָנאַליטעט?

מאַכט זי א בייז אויג צו אונדז, נאַציאָנאַל־יידן, און ענטפערט:

— מיר ווערן אייך ארויסשטופּן פון לאנד, ווי בעמען שטופּן ארויס די דייטשן; באַקעמפן, ווי מיר באַקעמפן (אין גאליציען) די רוטענער — און צעשמייכלט זיך צו די אסימילירטע יידן.

— „פאַר דאָס — זאָגט זי זיי צו — וועלן מיר זיך ענגער פארבינדן מיט אייך, מיט די פּאָליאקן פון משהס גלויבן...״

וואָס איז ווערט דער „פּראוודאַס״ צאָרן פאַר אונדז און איר שמייכל פאַרן פוילנטום פון משהס גלויבן?

פון דעם אַן אנדערש מאָל...

# איז עס אמת?


יץ איך מיר אין מיין ווינקעלע און קלויב שטילן נחת.
גובר געווען!

דאָס וואַרשעווער יידישקייט האָט עקזאַמען באַלייגט.

דאָס יידישע וואַרשע האָט צוויסן געטון וועמען מען דאַרף:

אז די, וואָס האַלטן נאָר צ ו פ ע ל י ק די לייצן אין האַנט, זענען פּאָרט נישט אירע מנהיגים.

אז דאָס יידישע וואַרשע זאָגט זיך פאַר קיין פאַל נישט אָפּ פון איר בלוטיק - מענטשלעכן רעכט.

אז דאָס קליינע ביסל יידעלעך, וואָס האָבן זיך אָפּגעטיילט פון דער עדה, און ביי דער ערשטער קרייציקונג פון די פּוילישע אינטערעסן, לויט ווי דמאָווסקי און קוכאַרזשעווסקי פאַרשטייען זיי, מיט די יידישע אינטער־רעסן, — מיט די אַלגעמיין פּרייזיניק מענטשלעכע. —

אז דאָס קליינע בינטל יידעלעך, וואָס איז באַלד פאַרציטערט געוואָרן, געקרעכצט שטילערהייט: אוי לי מייצרי — פאַר מיין ביסל יידישקייט, וואָס טליעט נאָך אין איר, וואוי לי מיוצרי — פאַרן פּריץ, וואָס האָט מיר באַ־שאַפן, פאַר אַ לייט געמאַכט, אין פאָדערהויז צו זיך אַריינגעלאָזט און אויף דער וואַרשעווער כנסת־ישראל רייטנדיק געזעצט און איז „אָפּגעשטאַנען".

אז דאָס קליינע ביסל יידעלעך האַלט דאָס יידישע וואַרשע פאַר טכוירן, פאַר האָזן־פלייש און איז זיי מבטל כעפרא דארעא.

און אז דאָס גאָר קלענערע ביסל פון קליינעם ביסל, וואָס האָט אין זיך מיט אַמאָל גובר געווען דאָס יהדות, אָפּגעטון די בושה און איז געגאַנגען ווילן קוכאַרזשעווסקין — —

אז דאָס קליינע ביסל איז אין די אויגן פון יידישן וואַרשע — פאַרעטער! — — — — — — — — — — — — — — — —

קיין פּעטערבורג פון וואַרשע, — טראַכט איך מיט נחת, וועט פאָרן אַ ייד.

די „מנחה" לעישוו" איז נישט אָנגענומען געוואָרן. דאָס נאַרישקייט וואָס מיר זענען באַגאַנגען, האָט קיין שלעכטע רעזולטאַטן נ י ש ט געהאַט.

מיליוקאָווס איינרעדעניש, אז סוף־כל־סוף וועט זיך געפינען אין דער צאָל פון די פּוילישע ווײלער כאָטש איין פּ ר אָ ג ר ע ס י ו ו ע ר , וואָס וועט פאַרשטיין, אז עס איז אבסאָלוט אומעגלעך צו פאַרלאַנגען פון א פאָלק, עס זאָל אקצעפּטירן און באַפּולמעכטיקן זיינע פיינט אויף זיין פּאַ־היבעל, און וועט אונדז פאַרבינדלעך מאַכן דאָס געגעבענע וואָרט, —

מיליוקאָווס איינרעדעניש, טראַכט איך, איז נ א ר י ש ! אין פּעטערבורג ווייסט מען נישט, ווער עס הערשט היינט אין פּוילישן ווארשע; אין וועמענס הענט עס איז היינט אריינגעפאַלן די פּויליש־געזעלשאַפטלעכע מיינונג, וואָס פאַר א פאַרביסן־שווארצע עס פירן דאָס רעדל.

קיין פּראָגרעסיווער מ ע נ ט ש וועט זיך צווישן די פּוילישע אויס־געוויילטע נישט געפינען!

פּאָרן — טאַנץ איך איבער דער שטוב — וועט א ייד.

— ווער?

איך שטעל מיך נישט אָפּ. מיר איז דערוויילי אַלץ איינס ווער, איך קאָן דאָס מערסטע יידישע ווײלער נישט; און וואָס איז דער אונטערשייד, ווער עס וועט זיך מוסר נפש זיין און גיין אויף פּיין און לייד, אויף חרפּות און בזיונות, אויף אויסהערן בילבולים און לשון־הרע?

אָבער א ייד פּאָרט, א ייד!

— — — — — — — — — — — — — — — — —

האָבן אָבער מענטשן נאָר מיט מענטשן צו טון, און שרייבער — מיט רוחות אויך; מיט רוחות, וואָס זיי אליין באַשאַפן!

צווישן טאָג און נאַכט. איך זיץ אין מיין שטיל ווינקעלע און קלויב, ווי געזאָגט, נחת, שיילט זיך מיר פון דער קעגנאיבערדיקער וואנט ארויס דער ב ד ח ן ; א ר ו ח , וואָס איך אליין האָב באַשאַפן — דער בדחן פון „ביינאַכט אויפן אלטן מארק", שיילט זיך בולט אויס און לאַכט מיר אין די אויגן אריין:

— כי—כי—כי! כי—כי—כי!

און הייזעריק פּייפט ער:

— א ייד וועט נישט פּאָרן, נישט פּאָרן!

און רייסט זיך באַלד אינגאַנצן אָפּ פון דער וואנט און הויבט אָן ארומצוטאַנצן אין שטוב, און רייסט פון זיך די ברייטע און לאַנגע שלאָף־מיץ פון קאָפּ אראָפּ, און פּאָכעט מיט איר אין דער לופט:

— נישט פאָרן! נישט פאָרן!

און קומט צו נענטער צו מיר צום טיש, און שטרעקט אויס די פלאכע לינקע האַנט און טייט אויף איר מיט דער רעכטער:

— אָט דאָ וועט מיר האָר אויפוואַקסן!

איך שטוין:

— משוגע, מטורף?!

— דאָס מזל — זאָגט ער — האָט אייך אַ בלינדע שקאַפּע צוגעפירט, אַ בלינדע צופעליקע מערהייט. נאַר ארויפשפּרינגען און רייטן וועט איר נישט! בעזעם־רייטער, פּרינציפּן־רייטער, — דאָס זענט איר, אָבער נישט מער!

דער צאָרן נעמט מיר דאָס לשון אָפּ און ער רעדט ווייטער:

אַ בינטל שטרוי האָט איר אָנגעצונדן! האָט עס אויסגעפלאַמט, אויסגעברענט, און וואַרשעווער גאַס איז נאָך אַ רויך! שטיקט איר אייך אין רויך!

און נאָך אַ ווײַלע:

— הערסט?

און איך הער אַ קלאַנג פון גאַס.

— דאָס — זאָגט ער — האָבן אונטערגעשיקטע שקצימלעך אויסגעהאַקט אַ יידישע שויב! ח״י גדולים אַ שויב! אָט נאָך איינע אויסגעהאַקט. נאָך איינע!

קיין ערנסטע פּאָגראָמען וועט מען דאָ נישט מאַכן. אָבער עטלעכע שויבן האַקן, איבערשרעקן, אדרבא!... און ביי יעדער געהאַקטער שויב ווערט ביי אַ יידישן ווײַלער דאָס האַרץ פּאַרציטערט!

— פאַרוואָס?

—הערסט דאָך, ח״י גדולים אַ שויב! ח״י גדולים איז געלט! ווייסט, וואָס געלט איז טייטש? ווייסט וואָס געלט באַטייט? מיינסט, אַז אַלע ווײַלער וועלן מפקיר זיין ח״י גדולים געלט?

— נאַר! — שפּרינג איך אויף מיט שוים אין מויל, — אזוי רעדט מען פון קדושימס אייניקלעך? פון מזרע נהרגים ונטבעים ונשרפים על־קידוש־השם?

גרינזט ער:

— אַמאָל איז געווען! און ווײַל אַמאָל איז געווען, איז הײַנט נישטאָ! די גרויסע, די הויכע, די שטאַרקע זענען אומגעקומען על קידוש־השם: דערטרונקען געוואָרן אין אַלע ימים, אין אַלע טייכן און וואַסערן; געהרגעט

געווארן אויף אלע מערק, אויף אלע וועגן, אין אלע גאסן; פארברענט גע־ווארן אויף אלע פייערן, און געבליבן זענען — האזן, טכוירן און ווערעם...

— האזן, וואס ציטערן, וועז עס קלינגט א שויב... טכוירן, וואס קענען זיך שיצן נאר מיטן שלעכטן ריח, און ווערעם, פאר וועלכע דעם פריצס שטיוול איז עקסטרא באשאפן געווארן, ער זאל זיי טרעטן, שטענדיק טרעטן.

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

איז עס אמת?
עס איז משוגע צו ווערן, זאגט:
איז עס אמת?;

———

# באָיקאָט

ויף דער טאגעס־אָרדענונג — —
לאָמיר בעסער ריידן י י ד י ש :
די פּלאָג פון טאָג איז דער באָיקאָט.

פאקטן לאָזן זיך נישט מבטל זיין. פון פאקטן טאָר מען נישט אָפּ־ווענדן קיין אויג; קיין אויג נישט צודריקן.

אמת, די צווייטע זייט איז נישט אזוי א ו י ס ה א ל ט נ ד י ק . און אויבוואָל דער אפּעטיט וואקסט, ווי דער פראנצויז זאָגט, צוזאמען מיטן עסן, זענען דאָך די ציין נישט אזוי געפּערלעך שארף...

אָבער מען ווײנט ביי א טייך און דאָס וואסער הייבט זיך, טאָר מען נישט אראָפּלאָזן די שלאָפמיץ איבער די אויגן און שלאָפן גיין. דער ווינט איז נישט געפּערלעך, דאָס וואסער נישט טיף, אָבער אונטערשווענקען א הייזל קען עס און דאָס טאָר מען נישט דערלאָזן.

ביפרט אז די צייט איז א שלעכטע, א גראָשנדיקער היזק, היינט איז אָבער א גראָשן — געלט!

און אויב מען וועט זיך נישט ווערן, קען די צאָל ווי די, וואָס כאַפּן פיש אין טריבן וואסער, זיך מערן און מערן... די צאָל פון די, וואָס שלאָגן קאַפּיטאל פון יעדער מהומה, קען וואקסן!

דער ארבעטער שטייט פון דער ווייטנס, דער ווירקלעכער פאטריאָט פון לאנד פארברעכט די הענט. ער זעט די פערטע צעטיילונג פון פּוילן. אָבער די האָבן אין איצטיקן מאָמענט נאָך קיין דעה נישט. מען הערט זיי נישט, מאָרגן וועלן זיי קומען צום וואָרט.

היינט אָבער וואקסן די צעריים־נעגל ביי שוויענטאָכאָווסקין. ליפּאַ־צעוויטש שרייט:

— א הויז נאָך א הויז! א קראָם נאָך א קראָם וועל'מיר ביי אייך צונעמען.

די פּרעסע העצט. די צווייגראָשנדיקע צייטונג ווערט געלעזן, דער ביפּט גיסט זיך... קיין גוטס הערט מען נישט.

אין „קולטורא פּאָלסקאַ" האָט מען געדעדט פאר און קעגן, די שטימען פ א ר אונדז זענען פ א ר ש וו י ג ן געוואָרן. די קעגן אונדז — געדרוקט איבעראַל.

רעכנט איר פּילייכט פאר גוט די ווערטער פון אלטן פּריץ אין „קוריער פּאָלסקי?"

ער איז א גוטער דער אַלטער...

ער וויל די ליטוואַקעס דעם כבוד נישט אָנטון, ער זאָל צוליב זיי אָפּטרעטן פון זיין קריסטלעכער ליבשאַפט!

ווילן מיר אָבער, מיר, די אייביקע עקשנים, נישט קיין ל י ב ־ ש אַ פ ט. ליב האָט מען פלייש, קעז און דעסגלייכן צום אויפעסן. מיר ווילן גערעכטיקייט. און די וועל'מיר אַזוי לייכט און אַן קאַמף נישט באַ־קומען.

„בארמהערציקייט" איז דאָס אידעאַל פון א שוים־הינטל, וואָס ווערט פון די רעשטלעך געשפּייזט. מיט דעם וויל זיך באַגניגן די אַסימילאַציע. זי וויל, זאָל זי נעמען קיצבה...

מ י ר מוזן זיך וו ע ר ן!

אָבער ווערן זיך אָן שרעק.

שרעק איז אָפּהענטיקייט, הינערפּלעט, די רואיקייט פון א טויטן, אָדער, וואָס נאָך ערגער איז, — דאָס וואָרפן זיך פון א חולה־נופל. מען שלאָגט — מיטן קאָפּ אין דער ערד!... מען וואַרפט מיט הענט און פיס, קיינעם נישט טרעפנדיק, אין דער ל ו פ ט!

א רויבער קומט אונדז באַרויבן, לאָמיר אים נישט צווואַרפן אונ־דזער געזונט, אונדזער ענערגיע, אונדזער ווילן, אונדזער לעצטע פעאיקייט צום אָפּוועך.

מען וויל נעמען אונדזער האָב־און־גאָב; די שרעק וועט אונדז אויס־זויגן דעם מארך פון די ביינער, אויסטרינקען דאָס בלוט פון די אָדערן, באַרויבן פון פאַרשטאַנד!

אַזוי לויפן, ווען עס ברעכט אויס א בראַנד, קי און פערד אין פייער אריין.

פאַקטן מוזן ב אַ ט ר אַ כ ט ווערן, פיקסירט ווערן קאַלט, מיט קלאָרע, א יי נ געש ש פּ אַ ר ט ע אויגן.

מען מוז זיי פאַרשטיין!

און האָט מען פאַרשטאַנען, און ווערט דער דיאַגנאָז ר י כ ט י ק ג ע ש ט ע ל ט, איז שוין א האַלבע געפאַר אוועק.

---

# אָז חרטה, אָז טענות

ז חרטה, אָז טענות, אַזוי מוז באַטראַכט ווערן די לאַגע.

חרטה איז איבערהויפּט אַ נאַרישע זאַך.

„העט'ך איז אַ פּעטך!" — זאָגט דאָס יידישע ווערטל.

היינט קען מען אַמאָל האָבן אַ דעה אויף מאָרגן; דעם נעכטן קען גאָט אַליין נישט ענדערן.

האָט אויך קיין טענות נישט; זוכט נישט קיין שולדיקע.

אמת, ווען די אַסימילאַציע וואָלט זיך אַזוי שענדלעך נישט געווען אונטערגעגעבן, דערנאָך אַזוי פּשטלענדיק אויסגעטייטשט דעם באָיקאָט, אַז ער איז נאָר חל אויף אַ וואַל־קאַמפּאַניע, אָבער ווילן מעג יעדערער קוכאַרזשעווסקין און ביז דער לעצטער רגע נישט איינגערעדט דער קאָנצענטראַציע, אַז זי האָט דרייצן ווילער אין טאַש, — וואָלט צו דעם אַלעם נישט געקומען. די „קאָנצענטראַציע" וואָלט פאַרשטאַנען, אַז עס איז אומעגלעך צו פאַרלאַנגען פון יידן, זיי זאָלן לאָזן זייערס אַ שונא ווערן אייבער זיי געזעצגעבער מיט אָדער אָן זייערע שטימען. זי וואָלט גאַנץ גיך איינגעזען, אַז ווילן קוכאַרזשעווסקין איז שענדלעך, אַבסטינירן, ווען מען קען זיך ווערן, — אָפּזאָגן זיך פון וואַלרעכט איז זעלבסטמאָרד, און נאָכן שטאָלצן אויסרוף: „מיט יידן רעדט מען נישט", וואָלט מען גערעדט! אין פּאָליטיק האַנדלט מען, אין פּעטערבורג האַנדלט מען רעכטס און לינקס...

עס איז אָבער קיין צייט נישט צו זוכן שולדיקע. „צייט איז געלט", זאָגט דער ענגלענדער. צייט איז אָבער מער: צייט איז ראָט, צייט איז לעבן... לאָמיר איבערלאָזן די אַסימילאַטאָרן דעם נחת, אָפּשיקן דעם באָיקאָטירטן יידן צו די נאַציאָנאַליסטן... פון אָרעמעלייט ווערט מען פּטור אויף אַלערליי אופנים, פאַראַן ערגערע...

און דער עיקר:

די וואָלן האָבן נישט באַשאַפן דעם באָיקאָט!

שוין יאָרן און יאָרן, אַז די באָיקאָט־טענדענץ באַלעבט דעם פּוילישן בורזשוי אויף אַלע געביטן פון לעבן. דער באָיקאָט איז געפּריידיקט געוואָרן במשך פון יאָרן אויף אַלע פּוילישע פאַרזאַמלונגען. אין זיין נאָמען זענען געעפנט געוואָרן אַלע פּויליש־עקאָנאָמישע אינסטיטוטן. „יידן־ריין״ איז אַלץ, וואָס איז די לעצטע יאָרן באַשאַפן געוואָרן: די פּאָגאָטאָוויע, דער טראַם... און אונדזער „פעסטונג״ — דער האַנדל, איז שוין באַלעגערט פון אָנגעלאָפענע פון דאָרף, אָפּגעקומענע פּריצים, וואָס ווילן עסן.

געשוויגן האָט נאָר די פּרעסע. ערשט נישט לאַנג יעלענסקין, דעם ערשטן פּיאָנער פון אַנטיסעמיטיזם, אין נאָמען פון פּראָגרעס און מענטשלעכקייט, אין חרם אריינגעלייגט. גיי יעצט און לייג אַ בלומען־קראַנץ אויף זיין קבר!

און וואָס וועט זאָגן „איירּאָפּע״?

היינט איז פּעטערבורג די האָפענונג. היינט ווערן אימפּאָרטירט געדאנקען פון „נאָוואָיע ווּרעמיאַ״ — דעמאָלט איז נאָך מאָדערן געוועזן, צו וואָס איינרייסן?

און צו וואָס אַרויסטרעטן עפנטלעך, אַז מען קען שטילערהייט? צו וואָס וועקן דעם, וואָס מען וויל באַרויבן, ער זאָל זיך ווערן? ווי שוואַך ער זאָל נישט זיין, אַ שאָד די ענערגיע!

זענען געקומען די וואַלן...

דער פּריץ איז בייז געוואָרן; שיכור פאַר כעס. און וואָס ביי׳ן אַ ניכטערן אויף דער לונג, איז ביים שיכור אויף דער צונג. די מאַסקע איז פון פּנים אַראָפּ. דאָס וואַסערל, וואָס האָט שטיל, אונטער דער ערד, אונדזערע הייזלעך געשווענקט, האָט זיך באַוויזן! די „מחשבות״, דער „הבה ניתחכמה״, וואָס מען האָט געטראַכט וועגן איר, זענען אַנטפּלעקט געוואָרן, אַרויס ווי בוימל אויפן וואַסער.

און אייגנטלעך נאָך פאַר די וואַלן.

שוין די מעגלעכקייט אַליין, יידן זאָלן האָבן דאָס וואָרט ביי וואַלן, האָט פאַרשיכורט.

— „מיט יידן רעדט מען נישט!״ — דאָס איז געוועזן דער רוף פון עק ביז עק, אין דער גאַנצער קאָנצענטראַציע...

זאָלן מיר חרטה האָבן דערויף, וואָס מיר האָבן באַקומען צו ז ע ן די האַנט, וואָס שלאָגט; צו ה ע ר ן דאָס מויל, וואָס לעסטערט? זאָלן מיר באַשולדיקן די, וואָס האָבן אַריינגעטראָגן ל י כ ט, און וואָס מען טראַכט וועגן אונדז אַזוי וואָס מען טוט איז אַנטפּלעקט געוואָרן?

איבערהויפּט די וואַלן דאַרפֿן אין אונדזער געדאַנק ליקווידירט ווערן.
נישט ווענן די וואַלן גייט עס.

דער באַיקאָט וועט שוואַכער ווערן, די שאַרפֿקייט — טעמפּ...

אָבער דאָס, וואָס איז אַנטפּלעקט געוואָרן, וועט נישט פֿאַרשווינדן. ער וועט אַריבער אין אַ כראָנישע קרענק. א זומפּ וועט ווערן, און אויב מיר וועלן זיך נישט ווערן, נישט שיצן, וועלן מיר אין אים זינקען, לאַנגזאַם, פּאַמעלעך. —

די „פּראַוודא" (ווו ערענבורג פֿון „קוריער פּאָראַנני" איז אַריינגעטראָטן!) — דער „טוב שבגויים", פּריידיקט שוין היינט:

— „אָן נקמה, אָן צאָרן!"

און א משל מיט צוויי ביימער:

„צוויי ביימער — זאָל זיין א דעמב מיט א בעראָזע — וואַקסן אויף
„צוויי ביימער — זאָל זיין א דעמב מיט א בעראָזע — וואַקסן אויף
איין שטיקל ערד. ווייל יעדער בוים, און ער מוז וועלן, זיין חיונה האָבן, וואָס מער זייגן פֿון דער ערד, וואָס מער אַריינציען זאַפט. אויבן אין דער הייך, אין דער לופֿט אונטערן הימל, קען זיין שלום, צווישן צווייגן און בלעטער. אונטער דער ערד, ביי די וואָרצלען, מוז זיין א קאָנקורענץ אויף יעדן טראָפּן זאַפט. אונטן מוזן זיך די ביימער מעסטן און — אויף טויט און לעבן!"

אזוי ווערט היינט באַצייכנט די לאַגע אויף יענער זייט.

צי איז ווירקלעך די ערד צו שוואַך ביידע ביימער צו שפּייזן?

אָט דאָס איז א פֿראַגע. פֿון דעם מוז מען ריידן!

# ביימער און מענטשן



אָס משל מיט די ביימער איז נאַטירלעך נישט אויסגעהאַלטן. א משל קען זיין מיט עפּעס ענלעך צום נימשל, אָבער נישט אינגאַנצן. נישט פאַראַן קיין צוויי גלייכע זאַכן. און מערסטנטיילס ווערט עס ווירקלעך באַנוצט דעם אונטערשייד אונטערצושלאָגן, פון אים די אויגן אָפּצווווענדן.

מענטשן זענען דאָך קיין ביימער נישט: דער בוים לעבט פון גרייטן; דער מענטש פאַרמערט און באַשאַפט זיינע גיטער. פאַראַן לענדער מיט א געדיכטערער באַפעלקערונג ווי אין פוילן, און די קאָנקורענץ איז נישט אַזוי שאַרף. דאָרט ווערט אינטענסיוו געאַרבעט. דאָרט ווערט געשאַפן.

ביי אונדז, מיט גאַנץ קליינע אויסנאַמען, ווערט אַלט־מאָדיש געלעבט. מיר זענען פויל. מיט גאַנץ קליינע אויסנאַמען ליגן די גרויסע פּריוואַטע קאַפּיטאַלן אין אויסלענדישע בענק. און מען רעכנט זיך פאַר א גרויס פאַרדינסט דאָס בויען פון איינקונפטס־הייזער און האָטעלן אינדערהיים. פּראָצענט, רענטע, — דאָס זענען די אידעאַלן. דאָס אינדוסטריעלע, די פאַבריק, לאָדזש, טאָמאַשאָוו — דאָס זענען פרעמדע הענט!

און „ווי עס קריסטלט זיך, אַזוי יידלט זיך". אונדזערע קלענערע קאַפּיטאַלן ליגן אויך, אויסער קליינע אויסנאַמען, אין בענק אָדער אין הייזער. ווי קליין אונדזערע קאַפּיטאַלן זאָלן נישט זיין, וואָלטן זיי געקאָנט פיל פּראָדוקטיווער פאַרווענדט ווערן, און זיי וואָלטן מיטגעהאָלפן צום איבערגאַנג פון אַלט־באַלעבאַטישן שטייגער צום מאָדערנעם גיטער־שאַפן; צו אינדוסטריע, וויניקסטנס צו העכערע געווערב־פאָרמען.

דערווייל זענען מיר: באַנקירן, אינטעליגענטע פּראָלעטאַריער און פאַרמיטלער. אין געשטאַלט פון קויפער און פאַרקויפער, באַזיצער פון לאָדנס און געוועלבער, אָדער — אין דער איינפאַכער פאָרם פון פאַרמיטלער צווישן דאָרף און שטאָט און — געלט־מעקלער. נישט צו פאַרגעסן: מיט קליינע, זייער קליינע אויסנאַמען. מיר האָבן אַ חלק אין לאָדזש און אין טאָמאַשאָוו.

אין אלגעמיינעם אָבער זענען מיר צו ווייניק פּראָדוקטיוו. און דעריי־בער שוואך און אָפּהענגיק. ווייניקער אָפּהענגיק זענען די, וואָס פאַרטיילן די עקאָנאָמישע ווערטן צווישן לאַנד און אימפּעריע, צווישן לאַנד און אויסלאַנד; אָפּהענגיקער און דעריבער שוואכער — די פאַרמיטלער צווישן פּראָדוצענט און פאַרברויכער אויפן אָרט.

און אין דער שוואכער לאַגע קומט מען און מען שרעקט אונדז:

— מיר וועלן אויף אייך שיקן דאָס דאָרף! די פאַראָרעמטע פּריצים און די פּויערים, וואָס זענען, צוליב פאַרטיילן די ירושות, געבליבן אָן ערד, און זיי וועלן אייך פון אייערע איינגעזעסענע ערטער פאַרטרייבן און אייער ברויט ארויסרייסן פון מויל...

איז עס איינפאַך פּלוידעריי.

איז דאָס אַ נאַריש איבערשרעקן. אין עקאָנאָמישן לעבן שפּילט אַ גאַנץ קליינע ראָלע דאָס געפיל; זאָל עס זיין ליבשאַפט אָדער האַס, דאַנק־באַרקייט אָדער נקמה.

אָבער דער פאַקט עקזיסטירט אויסער געפּלוידער.

דאָס פּריצישע קינד און דער פּויער אָן ערד, די גייען און קומען אַ ל י י ן. זיי מ ו ז ן קומען! דער הונגער טרייבט!

די נאַכוואַל־הערע איז שוים איבער דער פּאַליע; זי ברענגט ז י נישט! אָבער די פּאַליע באַוועגט זיך; זי מוז, דאָס איז איר גאַנג. דער אַנ־טיסעמיטיזם, אַזוי דער רעליגיעזער, ווי דער סאָציאַלער, פאַרלירט פון טאָג צו טאָג זיין רעזאָן ד'עטר, זיין באַרעכטיקונג. די „ראָלע" איז ניפטר גע־וואָרן. די געזעלשאַפט איז ד ע ם אַ ל ע ם שוין איבערגעוואַקסן. אָבער עסן ווילן אַלע און דאָס העמד איז נענטער צום לייב!

דאָס פּריצישע קינד און דער פּויער אָן ערד, די מוזן גיין פון דאָרף, קומען אין שטאָט און אונדז ענגער מאַכן.

זיי קומען נישט נייע וועגן צו זוכן. דאָס זענען קיין מוטיקע פּיאָ־נערן פון נייע לעבנס־פאָרמען. זיי וועלן קיין נייע פאַרדינסטן נישט באַ־שאַפן. זיי קומען צום גרייטן; זיי באַפאַלן אונדז, ווי אַמאָל די בערג־באַ־ווינער — די איינוווינער פון טאָל: איר האָט פעלדער און פּי — מיר נע־מען צו!

אַזוי קומט דאָס דאָרף אין שטאָט אריין.

דאָס איז דער פּראָצעס. עס וואַקסט אַ נייע, וואָס אַמאָל אַ שטאַר־קערע קאָנקורענץ. און אין יעדער קאָנקורענץ מוז דער עקאָנאָמיש־שוואַ־כער פאַלן.

אויף ד ע ם פּראָצעס מוזן מיר קוקן מיט אָפענע אויגן. וואָל־צאָרן, קינאה־שינאה, אַנטיסעמיטיזם — דאָס אַלץ איז נעפּל, וואָס פאַרדעקט די דערשייגונג צו אונדזער שאָדן, דאָס איז די מאַסקע, וואָס פאַרשטעלט די ווירקלעכקייט; דאָס איז העכסטנס ש ט י מ ו נ ג! שטימונג פאַרגייט...

פאַקטיש מוזן מ י ר די נייע וועגן זוכן. מוזן מ י ר די נייע װ ו ע ר ט ן באַשאַפן. מיר האָבן קאָנקורירט מיט קליין פאַרדינסט, דאָס פאַרדינסט, וואָס ווי קליין עס זאָל נישט זיין, ווערט מיט יעדן טאָג געפי־נען אַלץ מער בעלנים.

מיר מוזן אָנהייבן פּראָדוצירן. מיר מוזן איבערגיין צום פרייען שאַפן, צו אומאָפּהענגיקייט — —

אונדזער ווירטשאַפטלעך לעבן מוז זיך ענדערן. צום אַלעם ערשטן — די באַציונגען צווישן יידישן פאַבריקאַנט און יידישן אַרבעטער...

אַסימילאַציע, לעבן אונטער אַ פרעמדער פירמע, אין פרעמדן זכות — אַ נאַרישער חלום געווען. —

# פ ר אַ ג ן



וט מיר אָן, — בעט איך מיך ביי די היגע אומות־העולם — טוט מיר אָן געברענטע לייד, נאָר זאָגט מיר קיין מוסר נישט. רעדט נישט פון יושר, פאַרשוועכט נישט מיט פּאָליטיק דאָס וואָרט: אידעאַלן!

„לייג דיך אַליין און שמיים דיך אַפּ אַליין", — דאָס איז אייער מאָראַל. אייער יושר האָט איר געוויזן אין ווילנע.

און אידעאַלן...

אידעאַלן, ליבע לייט, שטאַמען פון וועלט־אַנשויונגען. אידעאַלן זענען —רעליגיאָן און פילאָזאָפיע, — פעלקער, וואָס שטאַמען פון דער ע ר ד און בינדן זיך מיט א י נ ט ע ר ע ס ן האָבן — א פּ ע ט י ט!

די מיטל — ק ר י ג און פּ אָ ל י ט י ק.

שינקע פון א בער איז א מ א כ ל. לויפט אָבער נאָך דער בער ארום אין וואלד און טראָגט נאָך די הויט אויפן לייב — אַן אידעאַל!

דאָס אידעאַל צו דערגרייכן, גייט אַלץ איינס — נימרוד צו עשיו אין וואלד אריין מיט כלי־זיין. דאָס איז — קריג.

אָדער מען גראָבט פאַרן בער גריבער, און מען פאַרדעקט זיי מיט צווייגן און בלעטער, אָדער מען שטעלט פאַלן — דאָס הייסט — פּאָליטיק!

איך קאָן דעריבער אכטן דמאָווסקי, דעם פּראָפעט פון נאַציאָנאַלן עגאָיזם... אַן אַטאַוויסטישע דערשיינונג. אַן אַלטער חלום האָט זיך אויפגעכאַפּט. אַן אַלט שלאַכעצקי רייט־פערד, וואָס פירט שוין יאָרן־לאַנג וואַסער, האָט דערהערט א טראָמייטל אין אייראָפּע, און ווען עטוואָס ווייטער — פלאַמען די אויגן אויף, שטעלט עס זיך אויף די הינטערשטע פיס, שלאָגט עס רעכטס און לינקס מיט די פאָדערשטע!

איך באַקום אין זייט און נעם אָן, ווי ווייט מעגלעך איז, — פאַר ליב!

ווערט מקויים, טראַכט איך, די גאַנצע תוכחה, וועט אויך מקויים

ווערן „וזאת הברכה", שלעכטע צייטן מ ו ז ן אריבער, און איך גלייב אין מיין לאנג לעבן און אין מיין איבערלעבן אלע אלטע שלאכצעקע פערד!

ערגער איז, ווען דאָס יונגוואַרג פון דער „פּראַוודאַ" גיט מיר א מאַראַלישע לעקציע:

— פע, יידעלע! דו ווילסט זיך באַנוצן מיט א צופעליקייט? וואָלטן אָבער די וואַלן דעמאָקראַטיש געווען?

ווייסט דען נישט דאָס יונגוואַרג פון דער „פּראַוודאַ", אַז לויט יושר דאַרף געזיכערט ווערן דאָס רעכט פון דער מינדערהייט און אונדז קומט עטלעכע מאַנדאַטן פון פּוילן?

ווי לאַנג איז, אַז שוויענטאָכאָווסקי האָט עס געדרשנט, און דאָס יונגוואַרג, באַגייסטערט און אויפגעפלאַמט, ווי בינטן שטרוי — בראַוואָ געפּאַטשט?

און ווייסט דען נישט דאָס יונגוואַרג, אַז, ווען דעמאָקראַטישע וואַלן, וואָלט קיין איינציק לער פאַס, וואָס רוישט אַזוי, געקאָלערט דורך גראָבע הענט איבער די גאַסן, פון פינצטערן קעלער נישט אַרוים, און נישט גע־קלאַפּט, — און עס וואָלט זיך אַנדערע רעדן געהערט און אַנדערע נעמען אויסגערופן?

דאָס איז אָבער פּאָליטיק.

און חזרט עס איבער אונדזער אַסימילאַציע, ווערט שוין גאָר עקלדיק.

צי האָט זיך אַמאָל עמעצער פון די „מוסרניקעס" אָפּגעזאָגט פון א מאַנדאַט אין קהל, ווייל די וואַלן זענען נישט דעמאָקראַטיש, נישט לי־בעראַל אַפילו?

דאָס אַלץ זענען אָבער נישט קיין ערנסטע פראַגן. וואָס קען מען פאַרלאַנגען פון י ו נ ג ו ו אַ ר ג, וואָס האָט נישט דעם מ ו ט צו בלוטיקן מיט דער יוגנט און איז יוצא מיט מויל־ווערק, מיט איבערדרעשן אַלטע ליבעראַלע פראַזן... און וואָס קען מען פאַרלאַנגען פון מענטשן, וואָס זענען נאָר שאָטן פון אַנדערע, און אַמאָל גראַמאָפאָנען, אין וועלכע עס רעדט אַריין דער פּריץ...

פאַראַן אָבער איין ע ר נ ס ט ע פראַגע:

די לינקע ווילן פון חסידים, נאַציאָנאַליסטן און ציוניסטן קיין נ ד ב ה נישט.

עס איז אַפילו נישט מער, ווי א ו נ ד ז ע ר נאַראָדאָווע קאָנצענ־טראַציע אַלס אָפּווער קעגן אַנטיסעמיטיזם, אַלס ר ע ט ו נ ג, אַלס די

איינציקע מעגלעכקייט, נישט צו לאָזן זיך טרעטן, אלס דער איינציק־מעגלעכער פּראָטעסט קעגן: „לייג דיך און שמיים דיך אַליין“.

אָבער פּאָרט  א ו נ ד ז ע ר  קאָנצענטראציע...

ווי וואָלט אָבער געווען, ווען די „נדבה“, אונדזער פּטור צו ווערן, גיט  י ע נ ע  קאָנצענטראציע?...

און נאָך אַן ערנסטע פראגע:

„איינס און דריי“  צ ו ז א מ ע ן  איז פאר אונדז א געפערלעכע ציפער. זיבן — א ליגן. 13 — נישט מזלדיק. וואָס וועט ווערן פון 46?... נישט חרפּות וביזיונות? — —

# אַ ווײַכטיק געשעעניש



ס איז געשען אַ ווײַכטיק געשעעניש.

ענדע 1912 איז פֿון ה י י נ ט י ק־פּוילישן פּנים אַראָפּ די מאַסקע.

— יאַגעללאָ?

און דער פּריץ האָט אַ ציטער געטון, אונטערגעשפּרונגען, און די מאַסקע איז פֿון פּנים אַראָפּ!

און פֿאַרלאָשן איז געוואָרן ביים ליבעראַל דער וואַרעם־מענטשלעכער שטראַל אין אויג; אַראָפּ פֿון אַרום די ליפּן איז דער ליב־מענטשלעכער שמייכל.

אויפֿגעוואַכט האָבן קענן אונדז די ערגסטע אינסטינקטן, אויפֿגעוואַכט דער זאָאָלאָגישער האַס.

„אויסראָטן"! מיט פֿויסט און נעגל...

— מענטש, צי טיר?

און אַן איבערקערעניש האָט געמוזט געשען אין דער נ ש מ ה פֿון פּוילישן ייד. געלייגט זיך שלאָפֿן רואיק. געוואוינט צום פּריצישן ב י ט ו ל; אויפֿגעשטאַנען און דעם פּריץ נישט דערקענט.

— מענטש, צי טיר?

מאָשקען האָט דער פּריץ נאָך ווי עס איז געליטן און מיט שטאָלצן גענאָד געשפּייזט. מאָשקע איז נוצלעך, ער האַלט די פּאַכט (פּריצישע טעכטער ווילן דאָך נישט מעלקן), ער האַלט די קרעטשמע (פּריצישע הענט ווילן דאָך נישט מעסטן קיין י"ש), האָט אַן אַכסניה אין שטאָט — אַ קעלער מיט אונגער־וויין, אַנצושיכורן דאָס קלענערע פּריצל פֿאַרן סיים, ער זאָל קלינגען מיטן שווערדל און שרייען: ניע פּאָזוואַלאַם!... ער האַלט

די יידישע פּאָסט, ברענגט ידיעות פון „איראָפּע" — דער פּריץ איז יוצא מיטן גוישן סידורל אין קלויסטער; ער איז מעקלער ביים על־חטא, און — האָט קיין פּאָליטישע טענדענצן...

נאָך ליבער איז יעקל, וואָס שפּילט אויף פּריצישע חתונות אויפן צימבל! ער איז גאָר צום דערליידן. פּת־עכו"ם עסט ער נישט, יין־נסך טרינקט ער נישט. אָפּגעשפּילט, שיקט מען אים אין קיך אריין נאָך עט־לעכע האָזענע פּעלעכלעך; פּראָלאָנגירט מען אים דעם אָפּצאָל פון שענק. משה איז געפּערלעך, משה הייבט דעם קאָפּ העכער פאַרן פּאַכטער, פאַרן שענקער; פאַרן פּאַקטאָר ביים על־חטא אוודאי! — דער קאָפּ מוז געבויגן ווערן... און דער פּוילישער ייד האָט דווקא דערפילט, אז פון בעטנ־דיק „קאָפּ־אַראָפּ", ברעכט אים האלדז און אקן. נישט אלע, נאַטירלעך. דער אָנגעקומענער, דער גאַסט אויף א ווײַלע און — דאָס ייִנגערע דור. דאָס היגע עלטערע באַוועגט זיך נאָך גאַנץ צו־פרידן אין די געגילטע קייטן; נישטערט נאָך אַלץ אין דעם פּויליש־מיצרייִמ־דיקן פּלייש־טאָפּ... ווײַל נאָך אַלץ און האָפּט נאָך אַלץ צוצו־קניפּן דעם איבערגעריסענעם פאָדעם. דאָס דור־המידבר; די, מיט שמאַך און ערנידערונג אָנגעזאָפּטע טעפּ. באַ, זיי שטעלן זיך אין די רייען פון פיינט. „פּאָלאָניזירן שטעט און שטעטלעך? געדעכט, פּריץ־לעב! מיר העלפן מיט! מיר, דיינע אַלטע פּאַקטוירים. דו רוף מיך, מיר גייען, מיר פאָלגן".

— „מיר פאַרשטייען די חוצפּה פון די יאַגעללאָ־ווײַלער, מיר זע־נען גלייך, און אפשר מער פאַר אייך, עמפּערט פאַרן שטעלן זיך קעגן אייער ווילן... זעט, מיר באַיקאָטירן אויך! אָט שרייבן מיר רעפּרעזענטאַנטן צו אייך אוין, אונטערטעניקע, מיט טרערן דורכגעווייקטע תחינה און מיר זאָגן זיך אָפּ פון זיי... שפּייען אויף זיי: ביי אונדז זענען זיי אויך אין חרם! „נאַציאָנאַליזירן דעם קרעדיט? אדרבא! 46 יאַגעללאָ־ווײַלער האָבן אין אונ־דזוערע בענק די קאָנטעס פאַרלאָרן!" „נעמט אונדז מיט אין קריג אריין, קעגן אונדזערע אייגענע ברידער, מיר ווען אָנטרינקען און אָנזאָטלען אייערע פערד — שאַרפן אייערע שפּיזן און אָנלאָדן אייערע ביקסן. אונ־דזוערע טעכטער וועלן מיטגיין אַלס מאַרקיטאַנטן! זאָל זיך די ארמיי, וואָס גייט אויף יידן און יידישקייט, מערן און פּרוכפּערן אָן אונטערשייד פון רעליגיע און געבורט"...

און דאָס אַלטע, פוילע, פאַרשימלטע, מוז ווערן אונטערגעבראָכן; פון פּלאַץ אָפּגערוימט, און דאָס נייע שטאָלץ מוז ווערן געבויט.

עס וועט זיך נישט באַגיין אָן קרבנות...

זעלטן ווערן נייע טעג געוואָרפן; שטיל, אין פאַרבייגיין, ווי ביי קי און שטומן... זעלטן ווערן די דורות געטווישט, ווי די האָר אין דער צייט פון ליגירן ביי ווייסע פערד.

מערסטנטיילס זענען די היסטאָרישע געבורטן שווער. גאַנץ אָפט קומט צו קייזער־שניט. פרעגט אונדזער געשיכטע!

זאָלן שוואַך־קעפּיקע ציטערן, ענגהערציקע וואַקלען זיך, — זאָלן די שרעקיקע זיך רעטן. „האיש הירא ורך הלב" אין — קלויסטער אריין! אין די צייטן פון ניקאָלאַי פּלעגט מען דעם געטויפטן פאַרברעכער פון טורמע באַפרייען; פון קלאָץ, פון תליה, — דער היינטיקער קלויסטער באַפרייט (ווייניקסטנס אויף א צייט) פון באַיקאָט — גייט! די שטאַרקע מוזן און וועלן בלייבן —

דער יידיש־פּוילישער יונגער ייד האָט זיך אויפגעכאַפּט. ער זעט, ער האָט דאָ אויפן וואַסער געבויט! אין זאַמד געקריצט, קאָרטן־הייזלעך געשטעלט, שלעסער אין דער לופט געחלומט!

ער מוז קעמפן אויפסניי אַליין און פאַר זיך...

נישט קיין שלום! נישט קיין פויל, באַלעבאַטישע שטילקייט!

משה קומט נאָכאַמאָל פון סיני אַראָפּ: הייבט די שווערד קעגן די, וואָס טאַנצן ארום גאָלדענעם קאַלב. הייבט מאַן קעגן מאַן, קעגן ברודער, פריינט און פאַרוואַנדטע...

טרייבט זיי, ווי קרעציקע, אויסן לאַגער ארויס.

ריינע הענט מוזן אויפסניי און אויף נייע פונדאַמענטן דאָ, ווי איבעראַל, דאָס יידישע נייע לעבן בויען.

דאָס נייע, אָרעמע, נאָר ערלעך־שטאָלצע יידישע לעבן!

וואָס א טאָג זינקען מיר אַלץ טיפער און טיפער אין אָפּגרונט פון שוויץ־סיסטעם.

אויך דער קינסטלער מוז אים קומען צו הילף. פון דעם און אַנ־דערש מאָל.

דאָס זענען אונדזערע געלט־בייטל.

די זין און אייניקלעך פון פאַכטער, שענקער און מעקלער ביים על־חטא, וואָס זענען דורך רויב און שווינדל אויפגעקומען, דורך פאַלשע וואָג און מאָס, שניידן פרעמדע קופּאָנעס... זיי און זייערע נאָכשטיפער; די משרתים ביי משרתים! אַלטע דורכגעפוילטע נשמות... נישט פון גור אריה; פון גור קאַלוואַריע!

אָבער נצח־ישראל...

פאראַן אַ געזונטער יידישער קערן; פאראַן נשמות, וואָס האָבן סיני דעם בארג נישט פארגעסן; הערצער, אין וועלכע דאָס פּינטעלע ייד איז נישט אויסגעלאָשן, — די פלאַמען אויף אין גערעכטן צאָרן קעגן זייערע פירער און פארפירער, און די זאַמלען זיך און אָרגאַניזירן זיך צום קאַמף פאַרן לעבן, פאַר יידיש־פרייען, נישט אונטערטעניקן קיצבה־לעבן...

---

# ווער זאָל ריכטן?



ער יידיש־פּוילישער, צי דער פּויליש־יידישער הימל וועט זיך אויסלייטערן; איינצלנע שוואלבן זאָגן שוין אָן דעם שלום־דיקן זומער...

דער גאָט־שלעגער פון „איזראַעליטא” זאָגט אָן די בשורה פאר זיינע לייט: דער זומער גייט, דער זומער קומט. די באַגראָבענע אסימילאציע וועט צוריקטרייבן אירע שטענגעלעך און בליטן פון דער ערד ארויס; צוריק אויפבליען וועט דער בלומען־שטרויס...

„דאָס יידישע אויפלעבן איז געוועזן א ווילדער חלום פון דולהויז; מיר ניכטערע וועלן זיך נישט לאָזן אראָפּפירן פון וועג צו דער גאַנצער פארניכטונג אין יידנטום און אויפלעבן אין קריסטלעכן פּוילנטום.

שווער גייט צו דער גילגול. אָבער דאָס איבערקוויקלען זיך איז א נאטירלעכער, אומפארמיידלעכער פּראָצעס...

גייט פאָרויס, מיר ווינטשן אייך גליק!

נאָר קוקט אייך נישט אום, איר קאָנט דערזען הינטער זיך און צווישן אונדז אזוינס, וואָס וועט אייך פארבייטן אין א זייל פון זאַלץ, ווי לוטס ווייב...

דער „קוריער פּאָראַנני” האָט אויסגעשטרעקט א פינגער אויף שלום. מיר כאַפּן דעם פינגער נישט, און ווען אפילו די גאנצע האנט! הענט, איידער זיי שטרעקן זיך אויס, מוזן ריין געוואשן ווערן...

א גרויסער מאגנאט איז ארויס קעגן באָיקאָט, פון דער הויכער הייך... צו ווייט איז פון אונדז די שטימע. מיר ווילן הערן שטימען פון פּ אָ ל ק, נישט פון זיינע נישט לאנג געוועזענע הערשער און באַצווינגער, וואָס קאָנען זיך מיט די חלומות פון הערשן און באַצווינגען נישט שיידן.

אָבער עס הערן זיך אויך שטימען פון פּאָלק! איינצלנע; זיי וועלן זיך מערן...

די פויסט גלייכט זיך אויס אויף א האנט... פּאמעלעך, גאַנץ פּאמעלעך...

די האנט וועלן מיר אָנעמען גאנץ הארציק און ברידערלעך, אָבער —
אָבער דער שלום מוז זיין א גאנץ אנדערער אלס דער גאָט־שלע־גער פון „איזראעליטא” שטעלט זיך פאָר...
גלייבט נישט די, וואָס טוישן חנוכה־ליכט אויף קריסטן־ביימלעך...
אן איבערקערעניש איז געשען אין דער פסיכיק פון פוילישן ייד; פאראלעל צו דעם מוז געשען אן איבערקערעניש אין דער פסיכיק פון פוילישן קריסט.
דער פוילישער קריסט מוז זיך געוויינען צום געדאנק, אז עס איז פאראן אין לאנד א פוילישער ייד.
אז דער פוילישער ייד האָט דאָס רעכט אויף עקזיסטענץ, אויף זעלבסט־באַשערונג, און אויף א גלייכער דעה אין אלעם, וואָס איז שייך צום לאנד אין דער קעגנוואַרט; און אז ער וויל און מוז אויך צוגעלאָזט ווערן צו דער ארבעט ביים בויען די פרייע צוקונפט פון לאנד.
אז פאַרלאַנגען אָבפער פון פוילישן ייד, קאָן מען נאָר אין נאָמען פון פוילישן לאנד, און די וועט ער גערנוויליק און פרייהער־ציק געבן, און מיט גרויסער פרייד; — אָבער לחלוטין נישט אינעם נאָ־מען פון פוילישן קריסט; נאָך ווייניקער אין נאָמען פון פוילישן פריץ, — וואָס האָט, נישט גערנוויליק, אויפגעהערט צו באַצווינגען דאָס דאָרף און קומט מיטן זעלבן אראפניק באַצווינגען די שטאָט...
אז מיר זענען גרייט צו אלעם, וואָס די צייט וועט פון אונדז פאר־לאנגען, אָבער נישט צו אונטערוואַרפן זיך דעם מוטוויל פון די, וואָס ווילן לעבן אויפן חשבון פון פריווילעגיעס און מאָנאָפּאָלן... איבער אונדז!
מיר און איר גייען אויף צווייערליי וועגן, אָבער צו איין ציל... אלע פעלקער גייען צום מענטש! אָבער אונדזער וועג וועלן מיר קיינמאָל נישט פארלאָזן.
מיר האלטן אים פארן קירצסטן וועג צום מענטש. ווייניקסטנס איז עס פאר אונדז, פאר אונדז, נישט פארמאסקירטע יידן אין פוילן־לאנד, דער נאטירלעכסטער און דערום דער איינציק־מעגלעכער...
און ווען מען וועט אויסרופן:
— אָן יידן!
וועלן מיר זיין די בּאַליאַקן און טון לויט אונדזער ווילן...
מיר האלטן זיך גלייך! און מיר וועלן פאר דער גלייכהייט קעמפן!
וויל דער „פריץ” עקאָנאָמישן קריג, מיר נעמען אָן! עס טוט אונדז

ווײ דאָס האַרץ, זעענדיק, ווי מען פאַרשווענדעט די ענערגיע, אין וועלכער עס נייטיקט זיך דאָס לאַנד, אויף ט י י ל ן און אָ פּ ש ו ו א כ ן...

אָפּטרעטן וועלן מיר דאָך נישט, קאָנען מיר נישט! מיטן „מה־יפית" האָבן מיר שוין לאַנג געענדיקט...

און אויב שלום, איז — שלום צווישן צוויי ג ל י י כ ב א ר ע כ־ ט י ק ט ע. געאַכט מוז ווערן אונדזער יידישע מינדערהייט!

דעם שלום ווילן מיר, אַזוי א ו נ ד ז ווי א י י ך צוליב... איר האָט אויף עפּעס אַנדערש אָנצווענדן אייער קראַפט...

ווו זענען אייערע הויך־פּאָליטישע אידעאַלן, אייערע חלומות? ווילט איר זעטיקן אייער אַפּעטיט מיטן איינעמען דעם באַזאַר און אַרומפּאַנ־ צערן אַ קרעדיט־געזעלשאַפט?

ווילט איר דורכווים, אַז צווישן אונדז און אייך זאָל ריכטן פּעטער־ בורג?

# צום פּריץ



ארנעם, פּריץ, מיינע רייד:

פאַרן לאַנד — אַלץ!

איך בין דאָס פאָלק פון דער וועלט, אָבער איז די וועלט אויף לענדער געטיילט, גילט ירמיהוס צוואה: ודרשו את שלום העיר!

פאַרן לאַנד אומיטלבאַר, דירעקט, אָן דיין אַפּיטרופּסות...

„העיר" איז נישט איר באַצווינגער דער פּריץ... דו אַליין ביסט פון דער פרעמד געקומען, דאָס לאַנד באַצוואונגען, יאָרן און יאָרן זיין בלוט געצויגן, זיין מאַרך געזויגט. איצט קומסטו אין שטאָט אריין, אונ־טערטעניק צו מאַכן די שטאָט, מ י ך צו פאַרקנעכטן...

מיר צעברעכן דיין יאָך...

אוןריידן מיר וועגן שלום, איז נישט מיט ד י ר!

גלייב נישט דיינע שמייכלער! גלייב נישט די, וואָס טראָגן מאַסקן אויף די פּנימער...

גלייב נישט די, וואָס טוישן, דיר צוליב, דיר ענלעכער צו ווערן, זייערע שבתים און ימים־טובים, און מינהגים.

„וואָס טוישן חנוכה־לעמפּלעך אויף קריסטן־ביימלעך".

גלייב נישט די, וואָס פאַרגעסן ווען ראש־השנה איז און פּראַוועון סילוועסטער.

מעג עס זיין, דעם באַיקאָט צוליב, אין א כשרן רעסטאָראַן, ווו צו זייער גרויסער פרייד, די בעסטע שאַמפּאַניער־מאַרקע איז אזוי ביליק.

גלייב אפילו נישט די, וואָס טוישן גרינגערע זאַכן: המן־טאַשן אויף לאַטקעס...

דער מענטש, וואָס דענקט, קען זיך אָפּווענדן אזוי פון אַלטן לוח, ווי פון נייעם אַפּריים־קאַלענדאַר; זיך העכער שטעלן איבער געברויכן און סימבאָלן...

ווער עס ט ו י ש ט זיי, ה א נ ד ל ט!

גלייב נישט די, וואָס האנדלען מיט רעליגיעזע און נאַציאָנאַלע סימבאָלן, ווי מיט הערינג און אייער...

איז ווער רעליגיעז אָדער קינסטלעריש געשטימט, און וויל זען די האָפענונגס־בילדער אויף מאָרגן ביים שיין פון א לאנג־פארשווונדענער פארגאנגענהייט.

בענקט ווער צום פּ ר י מ י ט י וו, צום נאַיוו־פרומען, צו דער קינדהייט פון מענטשן און פעלקער און רופט זיך די מאָמענטן דורך צייכן און סימבאָלן, —

וועט ער זיי נישט זוכן אין א פרעמדער שטוב, האָט ער זיינע אייגענע צייכן, היימישע היראָגליפן צום ב א ל ע ב ן...

מיט דעם איז באַשעפטיקט אונדזער ר ע נ ע ס א נ ס, דאָס איז די אויפגאבע פון אויפלעבן אין דער צוקונפט, וואָס מוז אַרויסשפּראָצן און אויפבליען אין דער צוקונפט, וואָס מוז אַרויסשפּראָצן און אויפבליען פון אלטן היימישן זאָמען...

האָבן מיר אונדזערע שבתים און ימים־טובים, אונדזער נשמה־יתירה.

דאָס פרישע איבערגעקומענע איז ק א ל ט, ווי אייז, אָדער צעשיט זיך, ווי אש, אָן א פונק, ווארים צו מאכן דאָס קילנדע הארץ.

גלייב נישט די, וואָס טוישן!

דאָס קריסטן־ביימל באַגייסטערט אייך. איר דערמאָנט אייך, אז איר האָט זיך ג ע ה ו י ב ן געמאכט א שריט העכער, פון געצנדינעריי — נ ע נ ט ע ר צום איינציקן גאָט...

פרייט איר אייך...

מיר האָבן קיין שריט, אייך אקעגנצוקומען, נישט געמאכט, נישט געקאָנט מאכן, צאָלט איר אונדז דערפאר...

איז פאר אונדז דאָס אומשולדיקע, גרינע, ווייס באַשיטע, מיט ליכטלעך און מתנות פאר קינדער באַהאָנגענע כאָינקע א זיכר פון די בלוטיקע רדיפות, וואָס מיר זענען אמאָל פון אייך אויסגעשטאַנען.

צינדן זיך די ליכטלעך אָן, דערמאָנען זיי אָן די פייערן, אין וועלכע מיר זענען אומגעקומען על קידוש־השם...

און די הענגנדע מתנות דערמאָנען אונדז אָן די מתנות, וואָס די כנסת־ישראל האָט אמאָל באַקומען: די פּאַפּירענע קיווערס אויף די קעפּ, די געלע לאַטעס אויף די אקסל און די בלוט־בילבולים, און די גערויבטע טעכטער...

מיר קענען נישט טוישן מיט סימבאָלן...

צוריק אין דער צייט איז פאַר אונדז קיין שלום נישט פאַראַן, מיר קענען צו אים ג י י ן... וואָס ווייטער אין דער צייט, אלץ נענטער קומען זיך די פאַרשידענע וועגן...

אַלטע סימבאָלן טוישן שווינדלער!

און קומען זיי צו אייך, קלאַפּן אָפּ אייערע שוועלן, רייסן, קלינגנדיק, אָפּ די גלעקלעך ביי אייערע טירן, און קומען אריין, און בוקן זיך פאַר אייך, און ריידן מיט אייך אין אונדזער נאָמען, אלס אונדזערע ר ע־פּ ר ע ז ע נ ט א נ ט ן, א מ ב א ס א ד א ר ן, אלס שליחים, גלייבט זיי נישט!

נישט צו אייך, פּריצים, און נישט זיי, וואָס גייען אויפן וועג פון אָפּטריניקייט, האָבן מיר געשיקט.

דאָס זענען ס ו ח ר י ם!

סילוועסטער, ווען די קאָנטאָס ווערן געשלאָסן, דער א"ח און ל"ח איז זייער יום־טוב! פאַר פרעמד צי פאַר אייגן געלט.

און סוחרים מיט צווייערליי מאָס און וואָג, מיט א טאָפּלטער בוכ־האַלטעריע.

אייער קניזש איז פעטער, איז אייער נאַציאָנאַל געפיל, זאַגאַר ווען ער ווייזט אים אליין פויסטן און נעגל, ווען ער אונטערדריקט, ווען ער שטילט זיין דורשט מיט בלוט — היילי́ק...

אונדזערער, אויפן וועג פון באַפרייונג — שאָוויניזם! דעמאַגאָגיע! און וואָס אין דער קאַרט. און דאָס וועט ער באַקעמפן מיט דער גאַנצער מאַכט פון זיין — פּאַרטפעל!

קראָקאָדיל־טרערן גיסט ער אוים אויפן גלות פון אייער שכינה אין — פויזן! אויף אייער מ ו ט ע ר ש פּ ר א ך, פון וועלכער דאָס קינד ווערט באַרויבט אין דער דייטשער שול; אויפן קוואַל און פּיין, וואָס דאָס קינד ליידט, לערנענדיק אויף א פרעמדער שפּראַך, נישט אויף דער, וואָס זייער פאָטער רעדט און זיין מאַמע... אויף די טראַדיציאָנעלע פיינע פעד־דעם, וואָס ווערן מיט דער פרעכער האַנט איבערגעריסן אינעם קינדס נשמה. —

און עפנט אזוינע צוואַנג־שולן פאַר די קינדער פון זיין פאָלק ד י ר צו געפעלן, אָפּפערט זיי דיין ענג־פּאַטריאָטישן מולך. די שפּראַך פון קינד, די שפּראַך פון זיינע פאָטערס און מוטערס, ברידער און שוועסטער איז, דיר צוליב, שוואַרגאָט!

דאָס זעלבע, וואָס דער דייטש רעדט פון דיין שפּראַך!

און ריידן זיי אין דיינע אויגן פון דער „טשעמנא מאסא" — גלייב נישט!

זיי, ד י אַפּטריניקע, לעבן נישט מיט אונדזער לעבן. ווייסן פון אונדז פון דיין מויל, הערן, וואָס דיינע קוריערס פארציילן, געדענקען, וואָס עס ווערט פארשריבן, צום נוצן פון דיינע פריצישע אינטערעסן, אין דיינע געלע בלעטער...

בישכנות מיט דיר וווינט א היפשער טייל פון אלטן, קלוגן פאָלק, פון פראָפעטן־פאָלק, פון משיח־פאָלק, וואָס לעבט אויף נאָך יאָרן פון שווייגן און לײדן און קוואַל!

און ווען די יונגע ל"ג־בעומר־פעלקער שפּילן זיך נאָך אינעם בלור־טיקן שווערטלעך און ביקסלעך־שפּיל...

און ווען א י ר, די אָרעמערע, פונעם שפּילצייג בארויבטע, חלומט ד ע ר פ ו ן, לעבצט און בענקט און האָפט עס צוריק צו באקומען, —

גייט דאָס אלטע פאָלק אין דער שפּיץ פון די בעסערע פון אייך און אלע אנדערע פעלקער צום מ ע נ ט ש, צום מענטש, פון וועלכן דער פראָפעט האָט געחלומט...

פון משיחן חלומט מען אין אונדזער סוטערינע. דאָס מענטשלעכע געפיל רויטלט די הונגער־בלאסע באקן, די מענטשלעכע האָפענונג בליט פון די ברענענדיקע אויגן ארויס, משיח אין יעדן טראָפּן בלוט...

קיין פארקערפערטע געדאנקען, קיין קולטור האָבן מיר נאָך נישט! צום וואָרשטאַט לאָזט איר נישט צו!

אין דעם לעבן גייט עס!
דאָס איז דער קאמף!

---

# זיכרונות



ין פירקי־אָבות שטייט:
„ווייס, פון וואַנען דו קומסט און ווו אַהין דו גייסט"...
בנוגע צום יידישן פאָלק איז אומגעקערט דער סדר. צו אלעם ערשטן: „ווו אַהין?"

צוליב א קעלבל, האָט זיך א געניאלער ישיבה־בחור 1) אָפּגעשטעלט און געפרעגט:

— „לאָן?"

נלאט אזוי, אין דער וועלט אריין...

דערווייל איז אינעם רוסלענדישן גושן ענג געוואָרן, דערשטיקט צו ווערן. די „ברייטע נאטור" לאַנגווייליקט זיך, מאַכט זי מיט די הענט א ווינט־מיל אין דער לופט. און ווו א האַנט פאלט, טרעפט זי א יידישן אקסל, אַ יידישע באַק! בלייבט איר צווישן די פינגער א שטיק יידישע באָרד...

— לאַהליך, ישראל!

שרייט גאָרדאָן!

און באַלד אַ קאָפּולער אָנצוהערעניש פון אַ פּראָקוראָר ביי'ן אַ פּאָגראָם־פּראָצעס:

— די מאָרגנלענדישע גרענעץ איז פאר אייך אָפן!

פארגעסט מען דעם „פון וואנעט" און מען האמפערט זיך איבער דער שאַלה:

— ווו אַהין?

ענטפערט מען פארשידן:

— אהיים! צום טאַטנס ווייננאָרטן, אין שאָטן פון זיין פייגנבוים!

„מחזיר גרושתו" — אַ מיצווה!

---

1) פייערבערג: „לאָן?"

ווילן אנדערע א בתולה! א קרקע בתולה... שדכנים פעלן נישט... מען זוכט... מען רעדט שידוכים...

און אלץ, וואס ווייט איז, ציט: אפילו סיבירער שנייען, ביפרט דער לאטיינישער קווארטאל אין פאריז, ווייטשעפעל אין לאנדאן, דער פרייער פעלקער־געסל — דאס ניו־יארקער גיהנום, דאס שווארץ־ברענענדיקע אפריקע... אפילו אירע פיבער־זומפן, אבי נישט די ווינט־מיל פון דער ברייטער נאטור...

ווו עס איז איז... ווו א שפארע, ארייננצוקריכן... ווו ד׳ אמות, דעם קאפ אנידערצולייגן. און זרע אברהם, יצחק ויעקב ווערט צעשפרייט אי־בער שיבעה ימים, צעזייט אויף ארבע כנפות הארץ...

און עס בלייבט אלץ ענג און ענג, און מען קלערט נאך אלץ, און מען שרייבט און מער חקרנט זיך:

— ווו אהין? ווו אהין?

און ווו אהין מען קומט, קומט מען ווי אויפסניי... איבעראל מוז מען אויפסניי זיך אויסגרינען...

און אז מען פרעגט:

— מאין באת?

ווייסט מען נישט! באטש אין דער ווירקלעכקייט, ווו מען קומט, קומט מען נאר צוריק. פון ווינט אוועקגעיאגט, פון ווינט צוריקגעטראגן! אומעטום שוין געווען, געוויסע ארבעטן אפגעטון, די ערד מיט שוויס און בלוט פייכט געמאכט. נאר פארגעסן און געקומען א — גרינער!

צ ר ו ת טרייבן, צרות וויל מען פארגעסן... געווען קהלישע פינקסן — פארברענט געווארן; געווען קינות, סליחות, תעניתים געווען, די נייע צרות מאכן פארגעסן די אלטע... מען מאכט שוין אפילו קיין נייע נישט!

קומט מען איבעראל אויפסניי. און איבעראל קלאפט מען אן אין טויער, ווי ווילד־פרעמדע.

„זייט אזוי גוט, עפנט, לאזט ארײַן!" מיטן קול פון „שענקט א נדבה!"

און — געווען זע׳מיר פריער פארן היימישן! פאר דעם, וואס לאזט ארײַן מיט דער זויערער גרימאסע. דער זאמדיקער וועג האט אבער די צייכן פון אונדזערע אמאליקע טריט נישט באהאלטן. די וואסערן, וואס האבן אונדזערע אמאליקע, נאך טרויעריקערע פנימער אפגעשפיגלט, זענען אפ־געשווומען. די לופט, אין וועלכער אונדזערע אלטע קינות האבן געקלונ־גען, האט זיך פארמישט, סובב סובב הרוח...

און — די ארבעט, וואָס מיר האָבן אָפּגעטון, איז פֿארשריבן גע־וואָרן אויף אַנדערע נעמען... אַנדערע שרייבן די געשיכטע. „מחה תמחה" איז קעגן אונדז א מיצווה! מיר ווערן נישט דערמאָנט.

און ווי לאַנג מיר זאָלן נישט האָבן געזעסן אויף איין אָרט, קומט ווער און גיט א פרעג:

— וואָס טוסטו דאָ? פֿון וואַנען קומסטו? ווייז דיין פּאַספּאָרט? מיט וואָס פֿאר א רעכט?

ווייסט מען נישט. האָט מען נישט וואָס צו ווייזן. שטאַמלט מען:

— איך? א פּאַספּאָרט? איך בין נישט איך. לחלוטין נישט. איך בין דו! דו האָסט א פּאַספּאָרט, איז ער מיינער אויך, דער זעלבער רע־צעפּים! נאָר א נאָז א לענגערע... אָבער איך בין דו! און נאָר דיין אר־בעט טו איך דאָ; זעסט נישט? איך טראָג דאָך דיין פּאָן און דיינע פארבן! הערסט דען נישט? איך רייד דאָך ד י י ן שפּראַך! און נייען ניי איך דיינע קליידער, פּאַריכטן פּאַריכט איך נאָר דיינע שטיוול... זעסט טינט און פעדער? האָב איך צייט, שרייב איך דיינע זיכרונות און לויב דיך און דיינע אָבות, די גרויסע פּריצים, אין טאָג אריין... איך בין נישט איך! האָסט מיך־דיך אַליין נישט דערקענט?! ניין? נו, בין איך דיין שאָטן! דיין אָפּגלאַנץ!

און מען ווערט לייטן געלעכטער!

מיר שווייגן. און פעלקער פארציילן און שרייבן געשיכטן. אָט העלפֿן מיר זיי. פרעגט אשכנזין. וואָס איז געשיכטע? דאָס קאָנטאָ־בוך פֿון פעלקער. און ווער עס פירט דאָס בוך, דער פעלשט עס. דער בלאָזט אויף זיין אייגענע קאָנטאָ, ווי א לונג־און־לעבער. אַנדערע קירצט ער; אונדז פֿארשווייגט ער; לעבן אַלע אויף אונדזער חשבון און מיר נייען אַרום מיט פּוסטע טאָרבעס...

הער, ווי זיי פּראַלן:

— אונדזער ווויסנשאַפט... אונדזער מאָראַל... אונדזער קונסט... לעצטנס אפילו: אונדזער האַנדל...

בארויבט א יתום!

דריי פערטל איז אונדזער! אחוץ דעם, וואָס אַלץ, וואָס וויסן און ערפינדונג איז, שפּראָצט און בליט אַרויס פֿון איינהייטלעכן יידישן גע־דאַנק... דער געצנדינערישער איז. קולטורעל אימפּאָטענט! ער שאַפט נאָר א לוסטיק קינדער־לעבן!

זענען מיר שטענדיק אָרעם, ווייל שטענדיק און פון אַלעם בארויבט...
אפילו אין קאָנטאַ־דיווערז נישט דערמאָנט...

זיצן מיר שטענדיק ביים וועלט־טיש פארשעמט, אויף א פערטל
בענקל ביים פארשאָטנסטן עק, אָן א נומער...

דרייען מיר זיך שטענדיק ארום מיט ליידיקע הענט, צווישן פּראַ־
לעריש־שטאָלצע פעלקער מיט געפעלשטע יחוס־בריוו, וואָס האָבן אונדזער
האָב און גוטס איינגעשלונגען, דאָס מויל אָפּגעווישט און פרעגן אונדז
אַלץ אייניינעם:

— פון וואַנעט? א פּאַספּאָרט פאראן?! אן אקט, א טיטל אויף עפּעס?
צייט אָפּצורייסן מיטן וואַנדערן אָן געשיכטע!

וואַנדערן, דאָס איז אונדזער מזל! נאָר מיטן ספר־זיכרונות אין
דער האַנט. געדענקען אַלץ, פארשרייבן און געדענקען! זאָלן די געשיכטע
פון גראָע צייטן שרייבן געלערטע. פון די נאָנטע צייטן — על־
מערע לייט.

נישט „ליטעראריש", נישט געקינסטלט. איינפאך זאָל ווערן פאר־
ציילט, כדבר איש אל רעהו, ווי מען פארציילט פאר זיך און אייניקלעך.
ווי יחזקאל קאָטיקס „זיכרונות"...

---

# „פּאַטריאָטיזם"



אָט זיך יעדעם פאָלק זיין לאַנד און זיינע גרענעצן; מיר צע־שניידן די גרענעצן, דאָס לעבעדיקע לייב, רינט מיין בלוט אויף יעדער גרענעץ...

איך מוז אויך מיין נשמה צווישן אלע לענדער צעטיילן. אין יעדן ווינקל האָב איך אַנדערע אינטערעסן און מוז איבעראַל נוצלעך און נייטיק זיין... יעדן גוי — אַ שטיקעלע!

א'נישט — גיי ווייטער!

דאָס שפּיל איז געווען אין מיטלאַלטער אָפן:

האָט אַ קיניג פון מיר געלט געברויכט, האָט ער מיר די טויערן פון זיין לאַנד געעפנט: זע, ווי גנעדיק איך בין צו דיר! האָב ליב מיך און דאָס לאַנד! בוק זיך און קוש די ערד!

געבוקט און געקושט. און קוים האָב איך ליב באַקומען דאָס לאַנד און דעם קיניג, האָט ער, דער קיניג, מ ע ר געלט געברויכט, און מיך אויסגעפּלינדערט און פון לאַנד פאַרטריבן...

וואָס ברויך ער מיך אָן געלט?

האָבן מיך שטעט און דערפער גערופן. דאָס באַרע געלט האָט דער קלויסטער געהאַט, און די דינער פון קלויסטער האָבן צו גרויסע צינדזן גענומען, די הויט געשונדן; בין איך דער בעל־רחמים געוואָרן — דער ביליקער באַנקיר...

האָב איך מיך אין שטעט און אין דערפער באַזעסן, ביליקן קרעדיט פאַרשפּרייט, די שטעט און די דערפער מער אָדער ווייניקער ליב באַקומען, — זענען טערמינען צוגעפאַלן, צאָלן ווילט זיך נישט, איך מאָן, — ווער איך אויס אַנגענעם און נוצלעך, ווער איך „לעסטיק", רופט מען אויס „שמיטה" אויף מיין פאַרמעגן, און מיר ווייזט מען טיר און טויער...

בין איך, למשל, אין קרוינפּוילן נוצלעך געווען אלס מיטל־שטאַנד... מען דאַרף מיך נישט מער: דער אָפּפאַל פון דאַרף איז ביליקער און דער אָפּגעזאָגטער פון דער ווינער באַן, הייבט זיך אָן אַ סדרה: באָיקאָט!

אַן אויסרייד: יאַנעללאַ!
און נישט דווקא פּוילן...

קאָמיסיאָנערן פון דער טשערטאַ און אויסער דער טשערטאַ קיין קעניגסבערג און בערלין געקומען, פאַרבינדונגען צווישן דייטשלאַנד און אַמעריקע מיט אפריקע באַשאַפן, — דער דייטש לאַכט אין די פויסטן פון נארישן, באַרבאַרישן רוסלאַנד, „זיי מאַכן דאָך רייך דאָס לאַנד!"

אָבער זענען די פאַרבינדונגען פעסטגעשטעלט געוואָרן, קאָן עס שוין נאָכמאַכן דער דייטש; דערפילט מען פּלוצלינג, ווי עקלהאפט משה „משהלט", און פאַרשוועכט דאָס הייליקע דייטש — זיין אויסשפּראַך.

קראַצט דאָס דייטשע אויער!... און איינוועגס ווערט מען געוואָר, אַז ליבערמאַן פאַראומרייניקט די גערמאַנישע מאַלער־קונסט מיט אַזיאַ־טישע עלעמענטן, ריינהאַרדט יודאַיזירט דאָס טעוטאָנישע טעאַטער און — די סטודענטן... ווי הייזעריקן די אוניווערזיטעטן באַפאַלן...

קלערט נישט, עס וועט רעכט זיין...

אַ געוויסער טייל וועט זיכער געוואָרפן ווערן איבער דער גרענעץ...

— — — — — — — — — — — — — — — — —

האָט זיך יעדעס פאָלק זיין לאַנד און איך בין צעשפּרייט און צע־זייט, און ווער געטריבן.

מיין כלי־קודש: רוק־זאַק און וואַנדער־שטאָק!

שלעכט אין דער ק ע ג נ ו ו א ר ט; די צ ו ק ו נ פ ט אָבער געהער צו מיר! אין אירע נעפּל זענען מיינע אויגן באַהעפט, פון דאָרט וועט זיך אויסשיילן די פרישע זון פון אַ נייעם גערעכטן מאָרגען! פון העכסטן טורעם וועט פּלוצלינג אויסשלאָגן די שטונדע פון אויסלייזונג, דער לעצטער טאָג!

און איך טרייסט מיך:

— גאָט האָט די ערד באַשאַפן, דעם מענטש אויף איר, און גע־בענטש האָט ער אים: „מערט אייך, פרוכפּערט אייך און פאַרפולט די וועלט!"

איך בין דאָס וועלט־פאָלק! איך וועל די ערד דערפולן!
איך בין נענטער צום מענטש, פון גאָט געבענטשט!
און מיין אויסלייזער דאַרף ערשט קומען!
און —

„אויסגעלייזט — זאָגט מיין אַלטער רבי — מוז ווערן די וועלט!"
וואַרט איך און וואונדער, אין דער צוקונפט פאַרקוקט!
און זיי, די פעלקער, זיצן און לעבן ר ו א י ק...
ווען נישט אַמאָל ערד־ציטערניש, פעסט, קריג און דערגלייכן —
אַן אידיליש פעלקער־לעבן!
קוק איך און בין אַביסל מקנא...
אַזוי נאַיוו־ליב איז עס און קינדיש...

האָט זיך יעדעס פאָלק זיין וואַסערל, מעג עס זיין נישט לאַגאָ־די קאָמאָ און פיר־וואַלד־שטעטער־זעע, — עס פליסט דאָך אונטער ז יי ן הימל, מיט ז י י נ ע שטערן באַזייט, — איז עס פאַר אים דאָס ש ע נ ־ ס ט ע... וויקלט זיך עס אין זיינע אויגן, ווי דאָס רייכסטע, פאַרביקסטע זייד און אַטלאַס־באַנד, בּרומט עס אים הימליש־מעלאָדיש אין אויער...

איבער דעם וואַסערל זענען זיינע פאָטערס אויף פליטן געשוווּמען, מיט שווערד און בראַנד צום לאַנד געקומען, די אַרטיקע קריגער געטויט, זייערע פרויען געשענדעט, דעם איינוווינער אָן שווערד און פיילנבויגן פאַרטריבן אָדער פאַרקנעכטעט, און אַזויערנאָך דאָס לאַנד באַצווינגען!...

האָט זיך יעדעס פאָלק זיין וואַלד, און ווען נישט אור־ און שוואַרץ־וואַלד, היימלעך און היימיש איז פאַר אים דער שאָטן פון ז י י ן בוים; סודות פאַרציילן אים ז י י נ ע בלעטער און צווייגן און ז י י ן זיסער פויגל זינגט אים פון דער הויך אַראָפּ, — ז י י ן פויגל, מעג ער זיין דער גאַסט פון מאָרגן־לאַנד... און זיין גן־עדן איז דער וואַלד — זיין געיעג.

דעם וואַלד האָבן אויך זיינע עלטערן געשטרייפט, מאַכט ער, אין גראָז ליגנדיק, די אויגן צו, זעט ער זיי: מיט הערנער איבערן קאָפּ, בערן־הויטער איבער די אַקסל, פייל־און־בויגן אין די הענט... און טראָגן שרעק און אַנגסט, און מאָרד און רויב איבער דער וועלט!...

און זיינע בערג האָט יעדעס פאָלק, מעג עס זאַמד־בערגלעך זיין, פאַר לייכטפיסיקע צום אַריבערשפּרינגען, — עס איז זיין ה י י ך, זיין לעצטע סטאַציע צום וואָלקן, צום הימל...

און איך וואָס האָב?

אַלץ — אַלע ימים, אַלע זעען, — די סאַפירן־ און שמאַראַגדן־צע־פלאָסענע, און הימאַלאַיען און קאַרפּאַטן, און אור־ און שוואַרץ־וואַלד, און — —
גאָרנישט...

בין איך שטילערהייט מקנא...
בין איך — דאָס ט ר א ג י ש ע פאָלק!
אָבער אז עס קומט דער היימיש־געבאַקענער און וויל מיר פאַר־טייטשן די שטימונג פון א ווינט־מיל אויף א זאמדיק פעלד מיט דריי האָבער־זאנגען...
אז אַ גרענדישינסקי וויל מיך ציוויליזירן איבער געוואלד —
בלייבט מיר נישט מער נאָר אויסצושפייען און די ברכה צו מאכן:
— שלא עשנו גוי!

# ד״ר נוסבוים



יר שטייען נישט, מיר רוקן זיך: פון מאָשקע איז, אין א קורצער צייט, געוואָרן „מאָריץ״ — פאַן מאָריץ, פון פאַן מאָריץ — ד״ר דער, ד״ר יענער.

און מיט דער ענדערונג פון נעמען און באשעפטיקונג, ענדערט זיך אויך אונדזער באַציונג צום ארומיקן, צו די אומות־העולם, וואָס זענען נ י ש ט אַזוי באַוועגלעך, ווי מיר! וויניקסטנס בנוגע צו אונדז... בנוגע צו אונדז שטייען נאָך די חסידי אומות־העולם גאַנץ פארגליווערט אויפן אלטן, גאַנץ אלטן שטאַנדפּונקט.

אָבער ווי אנדערש רעאגירט דערויף אַ דור נאָך א דור ביי אונדז!

אז דער אלטער פּריץ פלעגט זאָגן זיין מאָשקען: יידן — גנבים! אויסער דיר, מאָשקע! דו ביסט מיין רעכטע האנט! וואָס האָט מאָשקע מה־יפית געטון? דעם קארק געבויגן, צו די פיס זיך געבוקט, די שפּיץ־פינגער געקושט און איז אהיימגעלאָפן, זיך קילן דאָס יידישע הארץ, זיך נוקם זיין בסתר. אָפּגעגעבן דעם ווייב און קינד די פארדינטע פּאָר גראָשן, לויפט ער אין בית־המדרש אריין, דאווענט „א ת ה ב ח ר ת נ ו !״ לערנט: „ע ם ה ד ו מ ה ל ח מ ו ר״ און „א ת ם ק ר ו י ם א ד ם״ און וויל ער, מאַכט ער אויך אַ שטיקל אויסנאַם, פאַר זיין פּריץ...

זיצט שפּעטער פאַן מאָריץ צווישן קריסטן שוין אין קנייפּע, אין וואגאָן (ווו דען טרעפט מען זיך מיט א קריסט?) און דער ייִנגערער פּריץ שיט, מעשה־אָבות, די זעלבע פעך און סמאָלע אויף כ ל ־ י ש ר א ל , אָבער שוין א טאַקטישער מענטש, וויל פּערזענלעך אפילו זיין צופעליקן שכן נישט באַליידיקן, און גיט צו מיט חנדל:

— באַליידיק דיך נישט, שכן מיינער... ד׳ו ביסט אַן אויסנאַם... דו ביסט אין מיינע אויגן גאָר קיין ייד נישט! נישט קיין היישעריק צווישן דער מחנה היישעריקן, וואָס פרעסן אונדז אָפּ די גיטער און פעלדער״...

האָט שוין דער פאַן מאָריץ קיין „אתה בחרתנו״ אין הארצן, און

דאָס נאַציאָנאַלע באַוווסטזיין פעלט אים נאָך, פון נאַציאָנאַלן שטאָלץ קיין רייד, — פילט ער זיך געשמייכלט און געפיניקט, געפרעגלט אויפן פייער, אָבער אויף פ ו ט ע ר , אין א קופּערנער פאַן... פינטלט ער, נאַטירלעך, מיט די אויגן, צעגיסט זיך אים אַן אידיאָטישער שמייכל איבערן פּנים פון אויער צו אויער, און די צונג שטאַמלט עטוואָס, א מין שוואַכן פּראָטעסט און א שיינעם דאַנק, — פאַן מאָריץ...

אצינד, זאָגט מען, וועקט זיך דאָס נאַציאָנאַל־יידישע געפיל, און דער יידישער שטאָלץ... לעבט אָבער נאָך דר. דער און דר. יענער און — דר. נוסבוים!

מאָריצלעב דער ד״ר!

אין דער צייט פון דער וואַל־קאַמפּאַניע דינט ער דעם פּריץ מיטן גאַנצן אַלטן, צאַפּלדיקן מה־יפית־הארץ...

אין זיין קעגנוואַרט, — אים לאָזט מען אריין! — ווערט פעסטגע־שטעלט דאָס פּאָליטישע פּראָגראַם פון אָפּצווינגען א הויז נאָך א הויז און א געוועלב נאָך א געוועלב, פון פאַרפּוילישן די שטעט און אויס־יידישן דעם האַנדל; מיט איין וואָרט, פון „אויסראָטן״... גייט אָבער צו אים צו א פּויי־לישער גראַף, לייגט אים ליבלעך די אַריסטאָקראַטישע שמאָלע האַנט אויף זיין יידיש־שמאָלער אַקסל, און זייערט פון צווישן די ציין:

— „דיך, ד״ר, מיינט מען נישט... איינאיינציקער אויסנאַם ביסטו, דיך וועל'מיר אייביק מצרף זיין צו אונדזער מנין! א יי ן ערלעכער ייד אין דער מחנה הײשעריקן״...

און ד״ר נוסבוים הענגט זיך נישט, טרינקט זיך נישט פאַר חרפּה; פאַרקערט, ד״ר מאָריץ שמייכלט זיין אַלט־נאַרישן שמייכל, פינטלט מיט די וואַסער־בלויע אייגעלעך און זיין ווייך־פליישיקע צונג שטאַמלט: אוודאי, אוודאי, איך בין... איך דין... איך... איך...

און האָט שוין אויפגעפּלאַקערט דער באַיקאַט, און פון אַלע זייטן ווערט ג ע ה ע צ ט . . . קריכט ער ערשט אין גרעסטן העץ און שמוץ־בלאַט אריין, אין „קוריער וואַרשאַווסקי״, מיט א דערקלערונג אין ליבע צום — פ אָ ט ע ר ל אַ נ ד . . .

אביסל זינדיק איז עס, אביסל האַרט קעגן זרע אברהם, יצחק ויעקב זיינע ברידער, און זיינע ברידער, זיין פלייש און בלוט, האָט ער ליב, אָבער דאָס טיכל פון וואַסערדיקער ליבשאַפט צו זיינע ברידער, צו זיין פלייש און בלוט, ווערט פאַרטרונקען אינעם קאָכעדיקן ים פון ליבשאַפט צום

פּ אָ ט ע ר ל אַ נ ד, צו דער „איטשיזנא״... זיין הארץ צעגייט! און ווילט איר בלוט ביזן לעצטן טראָפּן! זיינע ברידערס בלוט...

גערונען דאָס אָ ר ט , גערונען די צ יי ט !

די פראגע איז נאָר: וואָס פאר א „פּאָטערלאנד״ מיינט ער? וועמענס פּאָטערלאנד? אַלע מיילער רופן: „גאָט״! און יעדער האָט זיך זיין גאָט! פאראן אַלערליי פּאָטערלענדער!

ביים אַלטן (נאָך נישט פארשקלאפטן) פּויער האָט דאָס פּאָטערלאנד געהייסן: „איצאָוויזנא״. דערפון ערשט שטאמט „איציזנא״!... זיין פּאָטערלאנד איז געווען זיין שטיקל פעלד, די נחלה פון זיינע אָבות, זיין ירושה פון דור צו דור — זיין שפּייזערן ערד. צוגעבונדן איז ער געווען צו ווייב און קינד, נאָך מער צום אינוועטנאר, צום הייליקסטן איז אים אָבער געווען דאָס שטיק פעלד... דאָ איז געשטאנען זיין וויג, דאָ וועט זיין זיין קבר! און איבערן גאנצן וועג פון וויג ביזן קבר טרעט ער אויף זיין מאמע־ערד, וואָס זאפּט איין זיין שוויים און זיין בלוט, און זיין מארך פון די ביינער, און גיט אים דערפאר פלאקט, די חרפּה צו פארדעקן, ברויט, און ווען בדוחק, פאר אים און זיין פאמיליע און פאשע פארן געליבטן אינוועטנאר!

וואָס איז דעם אַלטן פּויערס פּאָטערלאנד? זיין ארבעט און זיין ברויט!

וואקסט אָבער דאָס „פּאָטערלאנד״, אין דער לענג וואקסט עס און אין דער ברייט וואקסט עס מיט דער צייט! איין פריץ שלינגט איין הונדערטער פּויערן, און הונדערטער איטשיזנעס ווערן זיין גוט, זיין מאַיאָנטעק... זיין גרויס־פּריציש פּאָטערלאנד!

דער פּירשט איז נאָך גרעסער! פּאָטערלאנד גיט שוין נישט נאָר ברויט און פלאקס! עס גיט מאכט, האָנער און א גאנצע מאסע עולם־הזה! א שמאַלץ־גרוב, צו וועלכן מען דארף נישט צולייגן קיין האנט, דערויף זענען קנעכט פאראן — דער פּויער!

דאָס פּאָטערלאנד איז שוין אַן אַלגעמיין־פּריצישע זאך, א רזשעטש־פּאָספּאָליטאַ! זי שיצט און פארגרעסערט דעם פּריץ, דעם פּויער געטרויט מען קיין פערד, ער וועט אנטלויפן, ווו דער פעפער וואקסט, און ביפרט קיין ביקס, גאָט ווייסט, וועמען דער כאם וועט שיסן...

און באצווינגט איין פאָלק דאָס אנדערע, גיסן זיך אין גרויסן פּאָטערלאנד אריין טויזנט קליינע פּאָטערלענדער, ווערט באשאפן דער שטאַט!...

פוילן פון ים צו ים! איז זיס דעם אוקראַינער, האָט אַ האַניק־לעבן דער ליטווינער, באַלעקט זיך דער ווייסער רוס...

און דאָס מאָדערנע גרויס־קאַפּיטאַל האָט אויך זיין פאַטערלאַנד! זיין היים, פון וואנען ער פארשפּרייט זיין נעץ איבער מערק און לענדער...

און זאָגט דמאָווסקי: „פאַטערלאַנד"! מיינט ער דאָס אַלטע שליאַ־כעצקע פאַטערלאַנד פון ים צו ים. ווערט אומרואיק דער רוטענער, שאָקלט זיך אָפּ דער ווייסער רוס, קריצט אוקראַינע מיט די ציין, מאַכט דאָס איינ־געשפּארטע ליטע אַ שווערע גרימאַסע... זיי ווילן שוין דעם כבוד נישט, איינגעשלונגען צו ווערן פון גרויסע העכט!

אָבער וועלכעס פאַטערלאַנד מיינט זיין דינער — ד"ר גוסבוים?

דעם היינטיקן פּויערס, פּילייכט? דעם ארבעטערס?

אין דעם פאַטערלאַנד איז זיין פּריץ דמאָווסקי, וועלכן ער דינט אַזוי הארציק — פ א ר ש אַ ל ט ן ! ...

---

ווען די גרויסע, די ווילטאָגיקע קלאַסן רירן דעם גרויסן גלאָק און קלינגען: „פאַטערלאַנד"! ווייסט מען: פאר זיי אַ חנא, פארן פאָלק אַ שריפה! דאָס פארשפּרייט מען אַ נעץ פאר די קליינע פישלעך, דאָס גיסט מען פארסמטן האָניק פאר אָרעמע פליגן...

קלינגט „וושעך־פּאָלסקאַ", הייסט עס: קום, אוקראַינע, ליטע, ווייס־רוסלאַנד, צוריק, לאָזט אייך אויסמענטשלען און פארפּוילישן... אביסעלע, אַ קליין ביסעלע באַצווינגען... שוין נישט די אַלטע צייטן... קיין ק יי ט ן , קיין אייזערנע באַנוצט מען שוין נישט!

קלינגט אויפן גרויסן גלאָק פון פאַטערלאַנד דער פּריץ, מיינט ער דעם פּויער אָן ערד! איי, פּויערל, פּויערל, פארלאָז נישט דיין פאַטערלאַנד, זוך נישט קיין ערד מעבר לים, זוך נישט קיין ארבעט, שניט־צייט, ביי דיין פארשאָלטענעם שונא, דעם שוואָב, און גיי אפילו נישט אין דער זינ־דיקער שטאָט, אין פאבריק אריין... איך דאַרף דיינע הענט!

ער אליין פאָרט אין די — ב ע ד ע ר , הוליעט אין אַלע גרויסע שטעט, שפּילט אין — מאָנאַקאָ... בלייבט אים געלט, האלט ער עס אפילו אין אַ שוועדישער באַנק, אבי נישט אין דער היים. ער דאַרף אָבער אַ ביליקן שניטער, אַ ביליקן „מענטש" צום פּלוג און צו זיינע פערד און קי, און וואָס מער פּויערן אָן ערד עס גייען אָפּ, מער צאָלן מוז ער, מער אָרדינאַריע נעבן! אַלץ אין אַ גרעסערע געפאר איז זיין פאַטערלאַנד!

און קלינגט, ערגעץ־ווו, אויפן גרויסן גלאָק די גרויס־ אינדוסטריע:

דאָס פאָטערלאַנד איז אין געפאַר! זיין כבוד פארשוועכט! הייבט די פאָן פון הייליקן פאָטערלאַנד! —

הייסט עס:

גיב, פאָלק, קאַנאָנען־פלייש צו באַקומען פאַר מיר נייע מערק, צו שיצן מיין האָב און גאָב אין דער היים און אין דער פרעמד!

דער, וואָס אַ רבעט און לעבט פון אַ יי גענער ארבעט, דער האָט אַן אנדער פאָטערלאַנד: ער בויט עס אנדערש, שיצט עס אנדערש און קלינגט קיינמאָל נישט אויפן גרויסן גלאָק; זיין חגא איז נאָך נישט געקומען! אין דייטשלאַנד שטימט ער אפילו קעגן איינשלינגען די פוילישע גיטער אין פויזן אינעם נאָמען פון הייליקן יונקער־לאַנד!

מיט וועמען גייט ד"ר נוסבוים? וועמענס פאָטערלאַנד ליבט ער? ווען איז זיין חגא, נאָך וואָס קלינגט ער אויפן גרויסן גלאָק?

פרעגט'ם בחרם...

מען קאָן, דעם פריץ צו געפעלן, נישט שרייען: „אני פּאָליאַק!"; עס איז געוואָרן די באַצייכענונג פון אָפּשטאַמונג, דאָס וואָרט באַדייט דאָס בלוט, וואָס רינט אין וועמענס אָדערן, וועקט מען דאָס פאָטערלאַנד...

אַן אַלטער מענטש מיט אַלטע ווערטער... מאַריץ, אפשר נאָך צוריק — מאָשעק...

אַ פּאָליטישער בן־מינן...

האָט מען אָבער פארגעסן, זיין רעכט צו טון, פון חברות אים אָפּצוזאָגן...

---

# קאָפּ און האַנט

האָבן מיר זיך אַליין, צו אונדזער אייגן אומגליק, א ווערטל אויס־געטראַכט:

„אין חבוש"...

דער „געבונדענער באַפרייט זיך נישט אַליין"...

טוען מיר פאַר אַלע אַנדערע מיט מסירות־נפש, און פאַר זיך אַליין זענען מיר אַפּהענטיק, אָן ראָט.

קאָפּ פעלט נישט; אין קאָפּ פעלט קיין געהירן נישט.

די הענט זענען אויך נישט אַזוי קורץ, אויך נישט אַזוי שוואַך.

איינס פעלט:

קאָמוניקאַציע צווישן געהירן און הענט.

קאָפּ פעלט נישט, ווי אין דער הגדה שטייט: „כלנו חכמים, כלנו נבונים". און וויפל קעפּ אַזוי פיל עצות, אַזוי פיל פּלענער. עס איז נאָך ביי אונדז קיינמאָל אַזאַ געדרעטעניש אויף פּראָיעקטן נישט געווען ווי היינט...

אָבער די פּלענער בלייבן געדרוקט שוואַרץ אויף ווייס אויפן בלאַט. די אידייען שוועבן אַרום נאַקעטע אין דער לופט, און ווערן מיט מעשים־טובים נישט באַקליידט.

וואַנדערנדיקע נשמות...

דער קאָפּ ר ע ג י ר ט נישט; די הענט — ר ע א ג י ר ן נישט... מיט איין פליגל־ריר פליט דער פלינקער קאָפּ ביז עק וועלט, עד ימות המשיח... מיט די הענט — מפטירין כדאתמול... אַזוי לאַנג הילף־ און ווילנלאָז אין צווייערליי וועלטן געלעבט! קיין בריק צווישןביידע נישט גע־וואָרפן, — נישט געקאָנט. איז די געוווינהייט צום צווייערליי לעבן נאַטור געוואָרן... מיטן „אָטעם פון די לעפצן", אויבוואָל וועגן אַנדערע פּראַגן, אין אַן אַנדערער שפּראַך — רייסן מיר בערג אויס און צערייבן אויף שטויב... און לופט־מילן שטעלן מיר און אין געררויש פון זייערע פליגל מאָלן מיר אויף אויסגעטראַכטע שטיינער דאָס אייביקע שטרוי... און

שארפן זיך אלץ איניינעם די מוחות און בליצנדיקע חלפים, וואס זענען שוין לאנג פאר קיין אקס נישט שעדלעך... דאס — אין דער גייסטיקער; אין דער מאטעריעלער פאר דאס — דערבארעמדיק, אומבאהאלפן!

אין דער מאטעריעלער וועלט זענען מיר, צווישן אלע פעלקער, דאס איינציקע פויל־טיר, וואס רירט זיך נישט פון צוויג ביז ער האט נישט אלע בלעטער אפגעביסן און לאנג, לאנג דערנאך געהונגערט...

— נאכוואס? מארגן קומט משיח!

משיחן אבער מוז מען ברענגען! משיחן מוז מען, ווייניקסטנס, פארדינען! און, וואס שלימער איז, אז מען פארזאמט דערמיט, קומען דערוויילאנדערע, די פאלשע. דאס מערסטע איינגענע, אפט אויך פון דער פרעמד.

אייגענע, — די טיפישע ארבעטער מיט קאפ און האריץ אבער אן הענט... פאסטן זיי, באשווערן זיי דעם הימל, האבן זיי סודות... און חלומות זיסע...

וואס א דור — א נייע נעץ פון גאלדענע חלומות, פון נייע משיחן געוועבט; א שאטן־ און שטראלן־געשפינען, זענען דאס געגארנטע באטריגער פון אייגענע פלייש און בלוט... פרעמדע אבער באנוצן אונדז צו יעדן וועלט־פראצעס, באהעלפן זיך מיט אונדזערע שוואכע קרעפטן, נוצן אויס און שטעלן ארויס פאר דער טיר...

האט דער קעניג דעם מאגנאט באקעמפט, זענען מיר קעניגלעכע שוץ־יידן געווארן, האט מען אונדז געפלינדערט און געטריבן...

האבן מיר שפעטער אין זכות פון גוטע, פיינע מאגנאטן געלעבט, האבן אונדז טייל פון זיי אויף ביימער ארויפגעיאגט און ווי פייגל אראפגעשאסן. אנדערע אונדז זינגען געלערנט... דאס מה־יפית־לידל... און מיטן שמייכל דערפאר באגליקט.

האט אונדז שפעטער דער פרייער געדאנק מיטגענומען אין שטרייט מיט דער קירכע, מיט גלויבן און אבערגלויבן.

די .......... 1) האט — געזיגט!

באפרייט די וויסנשאפט פון אונטערן יאך פון גלויבן! פריי איז דער גייסט! די שול — א וועלטלעכע; די דערציאונג — א מענטשלעכע! און מיר?

---

1) אומלעזבאר.

מיר זענען אָן דערציאונג געבליבן. אינדערהיים — דאָס אַלטע חדר, אין דער פרעמד — די טיילווייז אָדער גענצלעך פאַרמאַכטע שול!

האָט אונדז מיטגעשלעפּט דער ליבעראַליזם, די פּ אָ ל י ט י ש ע באַפרייאונג, דאָס באַפרייען פון באַלעבאַטישקייט פון מאַגנאַטן־יאָך, פון הערשער־אונטערדריקונג... אַ יושר! געגאַנגען, געקעמפט, געזונגט און — דאָס באַלעבאַטישקייט שטעלט זיך צו אונדז מיטן רוקן. דאָס באַלעבאַטיש־קייט באַיקאָטירט...

דעמאָקראַטיזם...

דאָס אידעאַל — אַמעריקע!

און דאָרט ערשט פאַרשפּרייט זיך דער קאַטאָליציזם, און וואָרצלט זיך פון טאָג צו טאָג אַלץ טיפער איין, און די יידן־ריינע האָטעלן מערן זיך, און אונדזער אָפּגעזונדערטקייט וואַקסט... אונדזער קראַפט אויך. נאָר הערט מען שוין: פּן ירבה, וועט מען באַלד הערן: הבה נתחכמה! —

גייט אַ נייער מ ש י ח : דער פּראָלעטאַריאַט!...

ער גייט אין מילחמה אַריין, מיר גייען מיט! מיר מוזן מיטמאַכן אַלע וועלט־פּראָצעסן, מיטהעלפן יעדער באַפרייאונג, ביפרט דער, וואָס איז אונדז אַזוי היימיש, וואָס קומט אונדז פאַר אַזוי ביבליש־אונדזער...

און פונדעסטוועגן — —

פונדעסטוועגן קען זייער מעגלעך זיין, אַז משיח וועט קומען אין פאַבריק אַריין, דעם אַרבעטער באַפרייען, און וועט קיין יידישן אַרבעטער אין פאַבריק נישט טרעפן!

קליינינקייטן, ענטפערט די „קוזניא”. „פאַרוואָס נעמט מען קיין יידן אין פאַבריק נישט אַריין? פאַרוואָס לאָזט מען אים נישט צו צו דער מאַשין? ווייל דער פויער פון דאָרף איז געזונטער, אַרבעטסזאַמער, אונ־טערגעבענער, פאָלגט, טוט אַלץ און איז ב י ל י ק ע ר ! און דער שטראָם פון דאָרף פלייצט אין שטאָט אַריין אַלץ מער און מער!”

„און נאָך אַ שטערונג — שבת!”

„קליינינקייטן”! טרייסט די „קוזניא”.

די קאָנקורענץ צווישן קריסטלעכן און יידישן אַרבעטער וועט, מ ו ז אַמאָל אויפהערן, און אָפּטרעטן דער אמתער ברודערשאַפט, אָן קינאה־שינאה...

„אָט, דאָס דאָרף הייבט זיך אָן צו אַנטוויקלען, עס מערט זיך און באַצאָלט זיך וואָס אַ טאָג בעסער די אַרבעט אין דאָרף. דעם פויער וועט שוין נישט ציען די פאַבריק, דאָס דאָרף וועט נאָך אַרויסציען אַרבעטס־

הענט פון די שטעט... דעמאָלט וועט אָפן שטיין פאר יידן די פאבריק! דעמאָלט וועט שוין אויך קיין רייד נישט זיין פון שבת!"

און אז משיח וועט קומען צו פרי, איידער דאָס דאָרף וועט שלעפן מענטשן פון שטאָט צום אקער און איידער מיר, די דערפינדער פון איין טאָג אין דער וואָך אויף רו, וועלן דעם לעצטן טראָפּן שטאָלץ פארלירן און אויסטוישן אים אויף זונטיק?

וואָס וועט זיין?

לעבן איז א פּראָצעס פון קאמף און אנטוויקלונג. ווער עס וויל לעבן, מוז מיטמאכן אַלע פּראָצעסן... אָבער פארוואָס אָן זיך פארגעסן? און — פארוואָס, ווען מען דערמאָנט זיך שוין, פאָלגט נישט די האנט דעם קאָפּ?

פארוואָס, ווען שוין פארשטענדיק, אזוי אָפּהענטיק?

# אויף אַ סדר־נאַכט

## (אַ וואַרשעווער הומאָרעסקע)



ירעטע (דאַרף איך אייך צוגעבן: דער חזן אויף טלאָמאַצקע?) האָט אָפּגעדאַוונט; עקסטרא צוריקגעקומען פון ניו־יאָרק. שטילערהייט איז מען אים מקנא:

— אַ שיין ביסל געלט פאַרדינט! אויף אונדז און אונדזערע געשעפטן פאַר יום־טוב געזאָגט!

אַ שלעכטער פאַר יום־טוב געווען: באָיקאָט, אַלץ נאָך קריג און — שלעכט וועטער.

— וואָלט איך זיין האַלדז געהאַט! — זיפצט אַ באָיקאָטירטער פון דער מאַרשאַלקאָווסקע...

ניו־יאָרק ווערט אַ מאַגנעט נישט נאָר פאַר ליטעראַטן...

סירעטע האָט אָפּגעדאַוונט.

דער „היימישער" עולם רוקט זיך אַרויס שטילערהייט. מען ווייסט וואָס, אָבער נישט ווי אַזוי צו זאָגן: די פוילישע פאָרעם פון ווינטשן לכבוד יום־טוב, ביפרט „וויעלקאַנאָץ" — איז נאָך נישט געפונען געוואָרן.

„ליטוואַקעס" פאַר דאָס לערן אוים די שיל רווישנדיק:

— גוט יום־טוב, גוט יום־טוב!

דער היימישער עולם מורמלט, נישט צופרידן:

— ווי דאָס רודערט...

— וו'דאָמו באָזשים — קיין פּיצל דרך־ארץ נישט...

פאַלט נאָך איין אַ ליטוואַק אויסצורופן:

— לשנה הבאה בירושלים!

האָט ער שוין איבערגעכאַפּט די מאָס. מורמלט מען אויף פּויליש העכער; שוין אויסער דער שיל, אויף די טרעפּלעך:

— אַלץ פאַרכאַפּט... די נאַלעווקעס... אַצינד — די שיל...

— און די הויפּט־אַליע — קלאַנגט זיך א צוויטער — אויפן צמענטאַרזש...

ער איז אויף קבר־אבות געווען:

— „אַ ליטוואַק ביי'ן אַ ליטוואַק"...

— — — — — — — — — — — — — — — — —

די לעצטע פּאָר:

א היימישער — צילינדער, ווייסע קראַוואַטע, האַנטשו, פיין ראַזירט, נאָר אויפן פּנים נישט זייער יום־טובדיק, — שטייט שוין אונטער די טרעפּ און וואַרט אָפּ דעם צווייטן אויך א היימישן (אויך צילינדער, ווייסע קראַ־וואַטע, האַנטשו, א פיין צעקעמטע באָרד און אויפן פּנים אויך גאָר נישט יום־טובדיק), וואָס הינקט ערשט אַראָפּ אויף א קוליע.

— גייסט אַהיים — פרעגט דער צווייטער, שוין אויפן לעצטן טרעפּל, און, נישט דערהערט געוואָרן, עטוואָס העכער:

— גייסט אהיים, מאָריץ?

דער געפרעגטער כאַפּט זיך אויף, ווי פון א טרויער:

— און דו, איגנאַץ!

זיי שטעלן זיך אָפּ א ווײַלע:

— אַהיים? וואָס וועל איך טון אין דער היים? האָסט א סדר, מאָריץ?

— אי... מאַכט מאָריץ אָוועק מיט דער האַנט. מיין וואַטנמאַכערס טאָכטער!

ער האָט איר געזאָגט:

— גלייך געווען כאָטש קויפן אביסל מצות.

האָט זי אים א מעסט אָפּ געטון מיטן גרינעם אייגל פון קאָפּ ביז צום קרומען פוס:

— וואָס איז ביי דיר גלייך?

פּרוּווט ער זיך:

— די קינדער צוליב!

זי גייט מיט די קינדער אין אָפּערע; שוין באַשטעלט א לאָזשע...

— און מיינע, זיפצט אָפּ מאָריץ — די רבנישע טאָכטער? פרעגט, צי איך וויל, דער לאַקיי זאָל אַנטלויפן, אז ער וועט דערזען מצות...

זיפצן ביידע:

— עבדים משלו בנו...

און ער שטעלט זיך די פראַגע:

— ווו אַהין גייט מען?

— קום — איראָניזירט מאָריץ — אויף די נאַלעווקעס, צו דער פראַנציסקאַנער... „כל דכפין ייתי וייכול", עמעץ — —

— א ליטוואַק — —

— וועט פאַרבעטן צום סדר...

גייען גייען דאָך, זעט אויס, אוים לויטער געוויינהייט, פאַרטראַכט און שטיל־ריידנדיק, צום טעאַטער־פּלאַץ צו,

נישט געדאַרפט זיך אויסציען פון יענער זייט...

— מען וואָלט אזוי פיל פון באָיקאָט נישט געליטן...

— האָסט פאַר יום־טוב עפּעס געלייזט, מאָריץ?

מאָריץ דריקט מיט די אקסל:

— וואָס דיר, איגנאַץ, פאַלט איין...

זיי קומען, שוין שווייגנדיק, צו דער סענאַטאָרן־גאַס.

עמעץ גייט זיי פאָרוים. יונג, עלאַסטישע טריט, איבערווינגנדיק זיך פון איין פוס אויפן צווייטן. און עפּעס באַקאַנט.

— דאַכט זיך דער אדוואָקאַט...

— יאָ, דיין קוזען אלבערט... אָנגענומען פּראַוואָסלאַוויע...

— דעם סודיאַס טאָכטער צוליב... זי האָט זיך אינ'ם פאַרליבט צום טויט.

— א שיינער יונג איז ער...

— א גאָלד. זי אויך — א שיינע, א געזונטע. „ווילסט, זאָגט זי, וועל איך מיך — דיר צוליב — מגייר זיין..."

— געטראָפן די צייט!

זיי בענקען צון א מענטש, רופן נאָך:

— פּאַני אדוואָקאַטאָווע!

— דאָברי וויעטשור!

יענער קערט זיך אום און ענטפערט דערפרייט, זיך אָפּשטעלנדיק:

— א, גוט יום־טוב, גוט יאָר!

קוקן זיי אים אָן:

— פון ווען אָן רעדסטו עם יידיש, אלבערט!

— זייט כ'האָב מיך אָפּגעשווענקט...

— אצינד מעג ער! מיינט מאָריץ.

— א פרייער פויגל — אין גאַס!

— אין דער היים אויך... מיט יידישע קליענטן יידיש...

— אפילו פאַרן ווייב?

— מיין ווייבל!
— און אפילו פארן לאקיי?
— אפילו פארן דינסטמיידל, לאכט אלבערט און שטעלט זיך אפ ביי א טויער.
— דא וווינסטו, אלבערט? — פרעגט מאריץ.
— דא יא?! מאכט איגנאץ.
אין קול קלינגט: א שאד, מיר בלייבן אליין...
— דא, ענטפערט אלבערט, און פארשטייענדיק וועגן וואס עס גייט:
— ווייסט איר וואס, קומט ארויף צו מיר? מיין ווייב מאכט עפעס א סיורפריז פאר מיר... אינדערפרי פון שטוב ארויסגעטריבן... פאר צען זאל איך נישט קומען... וועט איר אויך געניסן!
— א גלאז טיי וועט זיין?
— און צובייסן אויך. אז א סיורפריז...
— א געבראטענער קוויטשער?
— דאס גיט מען אייך אין דער היים. מען זאגט אייך: קעלבערנס, עסט איר...
נישט האבנדיק, וואס מיט זיך צו טון, כמעט מורא האבנדיק צו בלייבן אליין מיט זיך, מיט די טרויעריקע געדאנקען, גייען זיי.
ארויפגעקומען, לאזט זיי אלבערט אין קאבינעט אריין. ער גייט, געוויר ווערן, צי מען מעג שוין...

מאריץ און איגנאץ זעצן זיך אין פארשאטנטן קאבינעט ביים שרייב־טיש און באמערקן פרישע בלומען אין נייע בראנזענע וואזן...
— „בצלאל!" — גאפט מאריץ.
— דער דיוואן אויך — שרייט כמעט אוים איגנאץ. זע: אם אשכחך ירושלים...
— דאס האט מיין ווייב — דערקלערט דער צוריקגעקומענער אל־בערט — מיין מאריא אנדרעיעוונא געקויפט... העי? יידישער אביסל פאר אייערע?
— אויף מיין רביצין געזאגט!
— אויף מיין וואנטמאכערן!
— און באלד — שלאגט זיי איבער דער ווירט — וועט זיין דער סיורפריז. איך שטוים מיך, וואס עס וועט זיין... עס וועט זיין... עס וועט זיין — — — — —
אין דער רגע אבער עפנט זיך ראש די טיר פון עס־צימער. א שטראם

ליכט פאלט מיטאמאָל אין פארשאָטנטן קאבינעט אריין. דורך דער ברייט געעפנטער טיר באווייזט זיך א בלאנק געדעקטער טיש... זילבער און קריסטאָל... און פלעשער ווין —

— און מצות! מצות! שרייט אוים אויסער זיך מאַריץ...

— זע, זע, — קנייפּט אים איגנאַץ אין דער זייט — א קערה מיט מינים —

די באלעבאָסטע האָט זיך דערווייל אין טיר געשטעלט, א צעשטראַלטע בלאָנדינע:

— מילאָסטי פּראָסים!

אלבערט שטעלט פאָר די געסט:

— אָטשען פּריאַטנאָ: האָסטו, הייסט עס, מיר אויך געמאַכט א סיורפּריז!

מען באגריסט אייך.

— זעצט אייך, רבותים, מאַכט אלבערט.

—ניעט, פּאָדאָזשדי! און זי דערלאַנגט אים א הגדה מיט א רוסישער איבערזעצונג — טי פּרעזשדע פּראָוועריי... פּראַווילנאָ־לי...

מאַריץ באקומט דערווייל נאָך א קניפּ פון איגנאַצן:

— זע נאָר דעם בעכער דעם גרויסן, זע!

— עטאָ — ווענדט זיך צו זיי מאַריא פּאַוולאָוונא — דלא פּראָראָקא אילאַי...

— יעווא, — זאָגט זי, — יא סטראשנאָ ליובליו...

און קלינגט דערביי אין קיך אריין:

— נאָך צוויי באשטעק, פאַר די טייערע געסט!

אראָפּגעקומען זענען איגנאַץ און מאַריץ שוין שפּעט נאָך האלבער נאכט און — זיך איינס אָן אנדערן האלטנדיק —

אָן אויסגעשטערנטע נאַכט.

— אויבן פינקלט! מאַכט מאַריץ באגייסטערט.

— ליל שמורים! מען שלאָפט נישט! — פּאַרטייטשט איגנאַץ.

און שטעלן זיך אָפּ נאָך א ווײַלע.

— איך זאָג דיר, ער וועט אויסקומען; זי וועט זיך מגייר זיין —

— אָדער יאָ, אָדער נישט, ענטפערט מאַריץ, און מיט א בליק צום הימל:

— נאָר אזא יאָר אויף מיר, רבונו של עולם, וואָסאָרא ווילע יידלעך דיינע משומדים זענען!

# נאָך האַלבער נאַכט

שוין לאַנג נאָך האַלבער נאַכט;
עמעץ קלאַפּט אין טיר,
און קלאַפּט אַזוי שטיל, אַזוי זאַכט...
ווער דאַרף אַזוי שפּעט צו מיר?
מיין האַלבן דרימל ווער שטערט?
און נישט דאָס אויער הערט, —
דאָס האַרץ, וואָס אייביק וואַכט...
ווער קלאַפּט אַזוי שטיל און זאַכט?...

און מיט אַזאַ ליבהאַרציקער ווייכקייט...
קיין מאַן, דאָס איז קיין באַרירונג פון מענער־פינגער.
און נישט קיין פיבערדיק קלאַפּן פון אַ פרוי, וואָס קומט אין שאָטן פון נאַכט, פון אַ זינדיקן פאַרלאַנג געטראָגן...
אַ מוטער קלאַפּט אַזוי; אַ שוועסטער.
אָבער מיין שוועסטער היט איר קראַנקן־בעט און מיין מוטער איז ווייט... ווייט...
און איך פרעג, אָן ליפּן פרעג איך:
— ווער קלאַפּט?
איך ווייס, אַז די, וואָס קלאַפּט און מיין ה א ר ץ הערט, וועט איך הערן מיין האַרץ־באַוועגונג, אָן ליפּן־קלאַנג.
און דערהערט, ענטפערט זי:
— איך!
רחל? שולמית? שרה־בת־טובים? — ווער פון מיינע געליבטע געשטאַלטן?
אָבער פרעגן פרעג איך נישט; אַ בענקשאַפט האָט מיך שוין אָנגעכאַפּט.
אַ דורשט צום זען, אַ הונגער...
איך עפן און לאָז אַריין די געשטאַלט.

און דערמאָן זיך ערשט: איך האָב קיין ליכט געמאַכט, און וויל עס טון.

מיט א שטילער האַנט־באַוועגונג פירט זי מיך אָפּ פון געדאַנק:

— איך בין נישט — זאָגט זי — די קעגנוואַרט, זאָלסט מיך בעסער זען ביי׳ן איר שטראַלנדיק ליכט...

—איך בין די פאַרגאַנגענהייט — זאָגט זי — וואָס איז צוריק אין איר שאָטן־וועלט...

— און אין איינוועגס די צוקונפט, וואָס האָט זיך נאָך פון דער שאָטן־וועלט נישט אויסגעשיילט... געגוג דער בלאַסער לבנה־שטראַל פון פאַרהאַנג שפּאַלט.

זענען מיר נאָך די אויגן צו, וואָס איך זע נישט און הער נאָר איר שטים?

און זי פליסטערט:

— איך בין מיד... פון ווייטן וועג. לאָז מיך זיצן, רוען א ווייל...

— פון ווייטן וועג? — פרעג איך איבער שטיל.

— פון דער צ ו ק ו נ פ ט צוריק... אהין איז מיין גאַנג און דער גאַנג פון פאָלק... גייט דאָס פאָלק נישט נאָך, אליין גיין קען איך נישט, אליין בין איך נאָר טרוים־געשטאַלט, מוז איך גיין צוריק...

און ליכט אָפּזיפצנדיק:

— און אויף א ה י ן , צו א י ם , האָט מיר זיין ליבער נאָמען פליגל געגעבן, טראָגן זיי מיך... איבער וועלטן פון טרוימען, פון חלומות זיס־שטראַלנדיקע... צוריק, צום פאָלק פאַרבענקט, דינען מיר די פליגל נישט... איינגעשרומפּן ווערן זיי, קוים ווענד איך מיין פּנים צוריק... און זיי דאַרן אָפּ, די פליגל מיינע... מוז איך גיין; ווער איך מיד...

זי שליסט די אויגן צו, און מיר דאַכט: גאָט האָט אין זיין הימל צוויי שטערן פאַרלאָשן...

— לאָז מיך רוען — בעט זי זיך מיר — איך מוז א ה י ן . . . צו א י ם . . . צוריק אין וועג אריין מוז איך... איך האָב נאָך קיין פּלאַץ צווישן אייך... לאָז מיך רוען, אין דער רו וועלן מיר צוריק אויסשפּראָצן פליגל מיינע, צום ווייטן, ווייטן וועג... צו א י ם . . .

זי בלייבט שטיל. שטרענג איך די אויגן אָן און דערזע די געשטאַלט. לופטיק, א נעץ פון שאָטן און שטראַלן, איז זי.

דערמאָן איך מיך:

„שאָטן פון פאַרגאַנגענעם,

„קוים איבערגעלעבטע קוואלן...
„און ארייננעהאַפּטן
„ווערן בלאַסע, בלאַסע שטראַלן
„פונעם קוים געהאַפּטן,
„נאָך אין נעץ נישט געפאַנגענעם"...
כאַפּט מיך אָן א שרעק.
— ווער ביסטו? — שריי איך אויס.
זי עפנט די אויגן, וואָס האָבן שוין אויפגעשטראַלט, און ענטפערט מיט א האַרפן־שטים:
— כנסת ישראל!...
רוף איך דערפרייט:
— דו לעבסט? דו ב י ס ט ? דו האָסט א ממשות?
זי האָט אָבער שוין געהאַט אויסגערוט די פליגל — שוין אויפגע־שפּראָצט, און איז —
ווי געקומען, פארשוואונדן.

---

# זייט מיר מוחל



ייט מיר מוחל, וואָס איך האָב אַזוי לאַנג געשוויגן. עס איז ווירק־
לעך אַ גרויסער כבוד, באַ — אַ גרויס גליק צו שטיין אויף אַ
טריבונע און צו האָבן די מעגלעכקייט צו רעדן צו אַ היים
געליבט, גרויס, היימיש פּובליקום, — צום יידישן פּובליקום. אַ מענטש
איז אָבער דאָך נישט מער, ווי אַ בשר־ודם און ווערט מיד, איבערמיד,
קומען דאָקטוירים און פאַרשיקן צו די בערג.

און זיי זאָגן אָן: אַלץ אַראָפּוואַרפן פון די אַקסל, אַלץ אַרויסוואַרפן
פון קאָפּ, אַלץ פאַרגעסן, נאָר פריי און ריין אָטעמען, און באָדן זיך, און
לויפן... אַ'נישט...

ווייל מען שווין דעם „אַ'נישט" נישט הערן און מען כאַפּט אַן אויס־
לענדישן פּאַס און מען פאָרט אין דער שווייץ, אין לאַנד אַריין פון
גליכע, זיך כמעט קיינמאָל נישט גרויסהאַלטנדיקע מענטשן, מענטשן
אין דער מאָס, אין דער וואָג, גלייכמוטיקע, איינפאַכע, נאָר מיט הויכע
בערג, שנייענע פעלדער, משוגע־צעפּלאָסענע באַכן און שטורמישע וואַסער־
פאַלן; מיט אָפּגרונטן און טעלער־פּאַראַדיזן און אַ וועטער, וואָס איז לוי־
נישער פאַר דער גרעסטער מאָדערנסטער פרויען־שיינהייט...

מיטאָמאָל אינגאַנצן פאַרגעסן איז דאָך אומעגלעך. ערשטנס — ווו
טרעפט מען עס נישט היימישע יידן? פאַראַן בעדער, פאַראַן וואַסער צום
טרינקען, און מאָדערן איז דער פּלאַץ דערצו, פעלן שווין קיין יידעלעך
נישט!

דו שטרעקסט אַרויס דעם קאָפּ פון פענצטער, שטעלסט אַ פוס אויפן
טראָטואַר, כאַפּט מען דיך שווין אָן ביין אַ לאַץ:

— די וואַלן באַשטעטיקט?

דאָס מיינט מען די וואַלן אין דער וואַרשעווער גמינע אַריין.

— דאַווידזאָן וועט אַריין? גרוימאַן — אַרויס?

און אפילו הויך און העכער, ווו היימישע לייט קומען נישט, און די

וואלן שפּילן קיין ראָלע נישט, איז אויך נישט לייכט פון דער אלטער הויט אַרויסצעשפּרינגען. אַן אָנגעזאַפּטער טאָפּ; עס דערמאָנען זיך ריחות פון ברוין־געברענטע לייד...

כאַפּסט דיך אויף אינדערפרי, וואַרפסט אַ בליק דורכן אָפענעם פענצ־טער צו די בערג; זעסט די גרינע, באַוואַקסענע בערג, און פון אונטער זיי די ווייסע קאַפּל פון די שניי־בערג, — אָט ראש־השנה, יום־כּפּורדיקע יידן אין ווייסע קאַפּל, — באַלד וועלן זיי זיך צעשאָקלען... ווידוי זאָגן, קלאַפּן „על חטא״...

לויפסט אַרויס אין די בערג אַריין, קוים עס טאָגט — הערט מען ציגן קלינגען מיט די פיין געשטימטע גלעקלעך — דו זעסט זיי נאָך נישט, דאָס קלינגען שווימט אַראָפּ פון אַ העכערע הייך, פון איבערן ווייסלעכן נעפּל, מיט וועלכן דער באַרג האָט זיך אַרומגעגאַרטלט, אָדער אַ האַלדז־באַנד געמאַכט און דו מיינסט, דאָס קלינגט מען צו מינחה אויפן זאַקסישן פּלאַץ, אַזוי פיין און — אַזוי שרעקלעך... „זיי רוּאיק! איך בין דאָ! דאָס הערסטו מיין שטים! צו מינחה בין איך זאַנפט, מאָרגן שחרית וועל איך דונערן״!

און קומסטו אין אַ פאַרשאָטנטער שלוכט אַריין, דער וואַסערפאַל רוישט, שרייט; דאָס שרייט מען אויף דיר!... אַ טריט געשטעלט אויסער דער טשערטאַ! פון ביידע זייטן פון צעריסענעם באַרג שטאַרן אַרויף דאָ און דאָרט נאַקעטע, אויסגעדאַרטע ביימלעך, אָן בלעטער, אָן צווייגן, בלאָנע בלוי, מיט נאַקעטע קני־וואָרצלען, איינזאַמע, פאַרוואָרפענע פאַר־וואָגלטע — יידעלעך אָן פּרנסה! — אַנטלויפסט העכער, העכער — אַ שוואַרץ־זעע, אין מיין ערד־בעקן שוואַרץ וואַסער. ניין, דאָס איז אַ טינט־פאַס, פון וועלכן מען טונקט אויס גזירות שוואַרצע: טרייבן, אַרויסטרייבן, פאַרטיליקן...

און ווערט אַ געוויטער, אַ דונער שלאָגט און שלאָגט זיך הונדערט־פאַכיק פון די בערג־רוקן אָפּ... ער, וואָס קינינגט איבערן זאַקסישן פּלאַץ, האָט דאָך אָנגעזאָגט: מאָרגן דונערט ער...

מען געוויינט זיך דאָך צו, מיט דער צייט פאַרגעסט מען דאָך. עס איז אַזוי הויך, אַזוי איבער אַלעם, און די שניי־פעלדער זענען אַזוי ווייס, אַזוי ריין, און דער באַך — אַזוי זילבערן־צעפּלאָסן... און עס אָטעמט זיך אַזוי לייכט, און ס׳לויפט זיך אַזוי פריי...

און עס ציט אַלץ העכער און העכער, ביי זונען־שיין, אין נעפּל, אין רעגן — אָט, אויס רעגן.. דיר צופוסנס, איבערן רוקן פון באַרג, ליגט זיך

דער רעגנבויגן ווי א פילפאַרביק-צירלעכע באַנד, אזוי שטיל חנעוודיק... פונווייטנס דאָך רוישט נאָך, דאָס ווערן נאָך פון די בערג אראָפּ אין די שלוכטן אריין שטיינער געשליידערט, פעלדזן שטיקער, — דאָס געוויטער גייט דאָך פאַרביי. דער רעגנבויגן זאָגט אָן: שלום! גאָט האָט געשוואָרן, עס וועט קיין מבול נישט זיין... און אָט באַפרייען זיך פון נעפּל אַרויס די אָדלער־נעסטן — די הייזלעך, די צוגעקלעפּטע צו די רוקנס פון די בערג; אָט באַפרייען זיך די אייזנבאַן־בריקן, די לייכטע בויגן, וואָס דער שווייצער געניע האָט דרייסט געוואָרפן איבער אָפּגרונטן און שלוכטן — די שוואַרצע וואָלקן פאַרשווינדן, די שניי־בערג זענען ווייסער געוואָרן, די שניי־פעלדער ברייטער, פרייער — אין געוויטער איז א נייער שניי געפאַלן...

קאַלט, אָבער ריין... אזוי ריין, אז דו אליין ווערסט געריייניקט, ווי דער פרישער אָפּגעוואַשענער וואַלד, ווי דער בלויער, נאָך קוים־פייכטער הימל — דאָס כלה־חנעוודיקע פּנים, פון וועלכן מען האָט ערשט די טרערן אָפּגעווישט?

און ווירקלעך — דו פאַרגעסט...

איך אָבער וו י ל נישט פאַרגעסן, איינס קלינגט נאָך אין הארץ, אין דער נשמה פון דער היים: דאָס פאָלקס־ליד — איך הייב אָן זינגען. אז מען איז אליין, מעג מען זינגען אָן א שטים, נאָר עס זינגט זיך נישט...

נישטאָ אין האַרציקן יידישן פאָלקס־ליד דער ריח פון פעלד און וואַלד, די הייך פון בערג, דאָס טיפעניש פון אָפּגרונט, דער קלאַנג פון משוגע־צעפלאָסענעם זילבערנעם „אין", קיין בליץ און קיין דונער...

אין דרויסן איז אַ טריבער טאָג,
אין שטיבל איז א פּאַרע...

דאָ איז דער „דרויסן" — פריי, אומענדלעך פריי, ליכטיק, רוישנדיק, פול לעבן, און אין שטיבל, אין דער אָדלער־נעסט אויפן שפּיץ באַרג פרעגט מען דיך:

— לימאָנאַד? יוגורט?

דאָס ליד פון איבערנאַציאָנאַלן פאָלק, פון איבערלענדלעכן; דאָס ליד פון אומגליקלעכן, איבערמאָדערנעם צוקונפטס־פאָלק, וועל'מיר זינגען אין דער היים...

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

מען פאַרגעסט אַזוי, מען פאַרגעסט דאָ אַזוי גרינטלעך, אז ווען מען זיצט ביים טאַבל־דאָט, ביים אַלגעמיינעם גרויסן טיש, און מען הערט דייטש, פראַנצויזיש, איטאַליעניש, שווייצאַריש, ראָמאַניש — — פאַלט

גאָרנישט איין, אַז דריי פערטל דערפון איז יידיש, איינפאַך יידיש... נאָר וואָס זאָל זיך אַ פרייער מענטש אויף דער שווים פון דער פרייער נאַטור פאַרשטעלן? זיך פאַרלייקענען? און דאָך — דער אָנגעקאָכטער שקלאַפן־טאָפּ! און... מען אַנטלויפט צוריק צו די בערג...

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

אייביק זיין צווישן בערג קען מען דאָך נישט...

מען דערמאָנט זיך...

מען דערמאָנט, אַז דאָרט, ווייט, ווייט, אין טאָל, אין גיהנום־טאָל ליידט די יידישע נשמה. און זי האָט אין זיך טיפערע אָפּגרונטן און פיל העכערע בערג־שפּיצן, און פיל לעבעדיקערע שיינהייט, און געוויטער, און עס כאַפּט אָן אַ בענקשאַפט! און זי שרייט אין יעדער אָדער, אין יעדן טראָפּן בלוט:

— אהיים...

ניין, נישט „אהיים", מיין היים איז אין ערגעץ און אומעטום, נאָר:

— צוריק, צוריק!

און — אַז מען קומט צוריק...

און אַז מען קומט צוריק, פאַלט מען מיטאַמאָל אַריין אין אַ ימים־נוראימדיקער שטימונג; אַלץ אַזוי ערב־ראש־השנהדיק. הימל און ערד, נאַסן און הייזער, אַלץ איז גרוי און נעפּלדיק און פייכטלעך, ווי עפּעס, וואָס האַלט זיך איין פון וויינען, און וועט דאָך מוזן וויינען...

און אַלץ ווערט אין דער שטימונג פאַרטרונקען: דאָס וואונדער, פאַר־וואָס מען האָט נאָך נישט באַשטעטיקט די וואַלן אין דאָזאָר־שטוב אַריין, און די שרעק פאַר די וואַלן צו דער דומע, און די זאָרג: סוף־כל־סוף וועמען קלויבט מען? און וואָס וועלן זיי זאָגן? גרויס איז די שרעק: מען הייסט שוין ביי יידן קיין ביכער נישט קויפן, מאָרגן וועט מען אסרן לייוונט און טוך... איבערמאָרגן — מגע־ומשא... און די 15 טויזנט פאָגראָם־עקזעמ־פּלאַרן פון טשענסטאָכאָוו און די קליינע „געשלעגן" פון דאָ און דאָרט... אָבער דאָס אַלץ, און אפילו דאגת פרנסה, ווערט פאַרוויקעט און פאַרטרונקען אין דער שטימונג פון פאַרן יום־הדין.

גאַנץ אָפט הערסטו אויף די גאַלעוועס אַ יידישן קרעכץ, וואָס האָט גאָר קיין שייכות נישט צום שלעכטן סעזאָן. גאַנץ אָפט שטויסטו דיך אָן אָן אַ פאַרטראַכטן ייד אויף דער דזיקע־גאַס, און דו פילסט, אַז דאָס מאָל האָסטו אים איבערגעהאַקט אַ חשבון־הנפש, נישט קיין קלער וועגן אַ שטיקל באַנקראָטל. אויף טוואַרדע פאַרקויפט מען סליחות און מחזורים,

אויף דער פראַנציִשקאַנער רייסט זיך פון צייט צו צייט פון א הויף ארויס א קול פון א שופר... און בלאַסע פרויען טרעפּסטו אין גאַס, בלאַסע... מאַ־דערן געקליידט, ווייסע אָדער שווארצע פלאָרעדן, פליען איבערן קאָפּ; וויין־פאַרביקע, צעלאָזטע איבערציען און אין די אויגן — א פייכטקייט פון ערשט־קומענדיקע טרערן, איבערן געזיכט שוועבט א שטימונג פון א האר־ציקער תחינה, אין דער שטימע — אן אָפּקלאַנג פון א שטילער ראש־השנהדיקער שמונה־עשרה...

נעפּלדיק, גרויליך און פייכט. און אין זאַקסישן גאָרטן שפּאַצירן ארום נישט פאַרנומענע האַלבע און פערטל אינטעליגענטן, ארבעטער אָן ארבעט, מיידליך אין דער נאָדל־אַלייע פאָר, נאָך און אינמיטן דער ארבעט. פּנימער בלאַסע, אָנגעשטרענגטע, איינגעשפּאַרטע, ליפּן פאַרביסענע, אויגן מיט בליקן להכעיסדיקע, שפּיציקע... פון צייט צו צייט רייסן זיך אויף א פּאָר ליפּן און עס פליט ארויס א וויץ, א שטעכנדיקער, א בייזער. עס דערהערט זיך א ווערטל, וואָס וויל עפּעס נידעריק מאַכן, פאַרשוועכן, באַשפּייען...

דאָס האַלט א געוויסער טייל פון אונדזער יוגנט מילחמה מיט דער ימים־נוראָים־שטימונג, דאָס ווערט זיך אונדזער פריש־געבאַקענער בראָ־שורן־ראַדיקאַל קעגן ימים־נוראָימדיקע געדאַנקען און געפילן...

נאָכוואָס? צו וואָס?

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

פאַראַן מענטשן פרייע.

פאַראַן מענטשן ד ע נ ק ע נ ד י ק ע , ז ע ל ב ס ט ש ט ע נ ד י ק ע; מענטשן מיט אייגענע געפילן און באַגריפן, מיט אייגענער בענקשאַפט, וואָס לאָזט נישט צורו; אויגן, וואָס שטעכן דורך די דיקסטע נעפּל פון דער צייט; אויערן, וואָס הערן קלאַנגען פון די וויטסטע וועלטן... די קאָנען בצבור נישט דאַוונען, און נישט צו דער צייט. די קאָנען מיטן עולם נישט גיין... דאָס זענען די אייביקע זוכער פון נייע וועגן, די אייביקע ברעכער פון נייע באַנען. די גייען קיינמאָל נישט מיטן ט ר א ק ט . . . געפערליך איז זייער וועג; אָן פירער צווישן שלוכטן, איבער בערג־שפּיצן, איבער פעלדזן שפּאַלטן און אָפּגרונטן. זיי שטייגן איבער דער גרענעץ, וווּ ווייץ וואַקסט און קאָרן, איבער דער גרענעץ פון טויבן־נעסטן און פייגל־געזאַנג... גע־פערליך איז זייער וועג, זיי גייען אָבער אליין, פאַר זיך, אויף אייגענעם חשבון און פאַראַנטוואָרטלעכקייט...

פאַראַן מענטשן — נאַקעטע נשמות... נשמות, וואָס לײַדן קיין

פאָרמען, קיין צייכן, קיין סימבאָלן און זענען אליין אינהאַלט, די כוונה אליין. זיי אָטעמען מיט גייסט און לעבן אינעם גייסט — זיי דאַרפן קיין מחזור נישט. זייער לעבן אליין איז שוין געדאַנק און געבעט...

און פאַראַן מענטשן מיט ווילן. זייער ליפּ האָט א מלאך, מיט א ברענענדיקער קויל פון מיזבח באַרירט. די נשמה מיט גאָטס ליבע און מיט גאָטס צאָרן אָנגעצונדן, — און פון צייט צו צייט גייען אַזעלכע לעבעדיקע פלאַקערן אַרום איבער דער וועלט און שאַפן... אַלץ, די וועלט און דער מענטש איז פאַר זיי דאָס, וואָס דאָס שטיק ליים פאַרן קינסטלער — נייע פאָרמען מוזן ווערן באַשאַפן, אַלטע מוזן אָפּטרעטן, דאָס ליים — איבערגעקנאָטן ווערן...

זייט איר דאָס?

ניין...

איר זענט נישט איבערן רעליגיעזן געדאַנק, נאָר אונטער אים... איר זענט קיין איבערצייגטע אַפּיקורסים נישט; איר גלויבט אין אַפּיקור־סות. איר האָט קיין העכערע וועלט־אָנשויאונג נישט געפונען. איר האָט צעשטערט אין זיך דאָס אײדעלע און שיינע און ווילן עס נאָך אויס־וואָרצלען, נישט האָבנדיק קיין בעסערן זוימען צו פאַרזייען...

וויסט ווילט איר ווערן. . .

---

פאָלגט מיך, ווערט אייך נישט קעגן ימים־נוראימדיקע שטימונגען... די אידעע, אַז עס איז פאַראַן עפּעס העכערס, פאַר וועלכע אַ מענטש דאַרף זיך אַמאָל אָפּשטעלן, אויף די קניען פאַלן און זאָגן: איך האָב געזינדיקט, און וועל נישט מער; איך נעם דעם וועג, שטייגנדיק, צו דיר... די אידעע איז נישט קאָנסערוואַטיוו, נישט קעגן פּראָגרעס און קעגן דעם אַלעם, צו וועלכן איר שטרעבט!

פאַרן רעליגיעזן געדאַנק דאַרפן גאַנץ אַנדערע ציטערן, פאַרן אי־בערמענטשלעכן געפיל — גאַנץ אַנדערע.

איר האָט פּער טעות די ראָלן פאַרטוישט...

גייט דאַווענען!

ווערט אייך נישט קעגן האַרציקע טרערן... זאָמלט זיי ווער אָדער נישט — איר וועט דערהויבן ווערן!

נייגט צו אייער אויער צו די „סיני־ניגונים”. זיי זענען אַזוי מענטש־לעך־האַרציק און ריין.

אָרעם איז דאָס פאָלק, נישט די שיל. אָרעם איז דאָס פאָלק, נישט

זיינע רעליגיעזע געדאַנקען; אין קעניגלעכע קרוינען געפינט איר אַזעלכע בריליאַנטן נישט. די פּערל פאַרמאָגט נישט דער ים...

אָרעמקייט איז קיין שאַנד.

און זייט איך נאָך אָרעמער און האָט קיין אָרט נישט אין שיל; און קאָנט אַפילו פאַר אַן אָרט אין אַ מנין נישט באַצאָלן, און איר גייט אין פּאַרק, צי אין די „לאָזענקעס" אריין — גייט!

נאָר נעמט אַ תנכל מיט, נעמט מיט אַ סידורל.

קוקט אריין. בלעטערט דאָס תנכל דורך, און זעט: צי איז דאָ ערגעץ אַ געבאָט, איר זאָלט הונגערן? צי האָט גאָט ערגעץ אָנגעזאָגט, אַ מענטש זאָל פרירן פאַר קעלט?

און קומט צום נביא צו, און הערט זיינע רייד; צי שטימען זיי נישט מיט אייערע געוואַלדיקסטע האָפענונגען, ברייטסטע און ווייטסטע חלומות?

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

און דאָס סידורל עפנט, — צי בעט עס נישט אַ י י ע ר געבעט? פריי ווילט איר זיין?

איז אָנגעוואָרפן אפיקורסות נישט קיין צוואַנג? נישט קיין יאָך, גלייך מיט אָנגעוואָרפענער פרומקייט?

# אַ וויכוח

— דין־דין־דין!

איך שפּרינג אויף, עפן — אַ גוטער פריינט איז געקומען. יום־טוב און ער איז עפּעס גאַרנישט יום־טובדיק.

— רירעוודיק — זאָגט ער, זיך זעצנדיק, איז די יידישע מאַסע...

— ווי אַ טרוקן זאַמד — העלף איך אים אונטער.

— עס ענדערט זיך אַזוי לייכט, ווי דאָס וועטער!

און, — מיר גלייך אין די אויגן קוקנדיק:

— אין איין שעה קויפסטו דיר אַ וועלט; אין איין מינוט פאַר־לירסטו זי...

איך ווייס, וואָס ער מיינט.

עס האָט זיך מיר אַ רגע פאַרגלוסט אַ שיל־קלאַפּער צו ווערן, „אין שיל אַריין" רופן און — אוים וויירויך, אַ האַלבע פּאָפּולאַריטעט — אַביסל מענטשן־שוויים פאַרלוירן.

מיין גלאָק ביי דער טיר קלינגט נישט אַזוי אָפט. די גאַס מורמלט.

רעד איך, שאָקלען זיך שוין אַביסל קעפּ אין דער ברייט, נישט אין לענג. איך מאַך פייער, — נישט אַלע ברעמען הייבן זיך אויף, נישט אַלע אויגן פלאַקערן. שרייב איך, לעזט מען און מען מורמלט...

— הייסט עס — זאָג איך צו מיין אינטערוויוער — אַז איך דאַרף נאָך נישט גיין אין מיין רו אַריין. נאָך דאָ עפּעס צו טון. מיינע לידער זינגט נאָך נישט דער הויף, מיין געזאַנג האָט נאָך די קאַטערינקע נישט אויפגעכאַפּט, ביי מיין מוזיק טאַנצן נאָך נישט קיין פּאַרלעך, און מיטער[1] וויגן מיט איר נישט איין קיין קינדער. עס הייבט זיך אָן אַ נייער קאַמף?!

מיין באַקאַנטן געפעלט נישט מיין שפּאַס. טרויעריק קוקט ער מיר אין די אויגן אַריין:

---

1) מאַמעס.

— מען דערקענט דיך נישט! „אַן אנדערער געוואָרן" זאָגט מען...
„שוין נישט אונדזערער!" — —

גלייך איך האָב אַמאָל מיין יידיש פּרצוף־פּנים פאַרן עולם פאַר־הילט; גלייך איך האָב אַמאָל עמעצן אין חמץ אריין פאַרקויפט; דער מאָ־דאַם פּובליקומס פאַרבן געטראָגן, אירע פענער אין גאַס?

אָבער וואָס אמת, איז אמת! אַ שפּאָר ביסל ליבשאַפט צו מיר האָט זיך איבערגעשמאָלצן אין אַ באַרמהערציק־באַדויערן:

— נעבעך, זאָגט מען, פ ר ו ם געוואָרן!

איך שטיי אויף, הייב אָן ארומצושפּרייזן איבער דער שטוב און גיס אוים מיין בייז האַרץ:

איך בין נישט פ ר ו ם געוואָרן! גיי אַראָפּ און זאָג זיי!

איך האָב קיין שטריימל־מוסר נישט געפּריידיקט, קיין רעליגיעזע פאָרמען נישט אָנגעוואָרפן...

זאָג זיי, אַז מיך שרעקט נישט דער פרייער געדאַנק, ווען אפילו ער זאָל אויסשטרעקן די האַנט צום טעלערל פון הימל...

אַז דער מענטש, וואָס בלאָנדזשעט ארום מיט אַ בלוטיקן פראַגע־צייכן, איז מיין פריינט...

אַז איך ווייס, אַז די מלאָכים, וואָס פאַלן פון הימל אַראָפּ, זענען נישט פון די קליינע; די בלייבן שטענדיק אין שורה און שפּרינגען קדוש...

אַז מיך שרעקט נאָר און שטויסט אָפּ דאָס טעמפּע הילצערנע „ניין!" דאָס ביליקע, גראָשנדיקע שונד־אפּיקורסות. דער פאַרגילטער דלות פון בלייערנעם פויגל, וואָס האָט זיך אָנגעפּיקט מיט מאָדערנע, ביליקע שמות און שרייט: אָט פלי איך, אָט הייב איך מיך! און ליגט אין בלאָטע.

זאָגט זיי, אַז איבער דער רעליגיאָן זענען פאַראַן וועלטן. אָבער אונ־טער איר — פּי־ און פערד־שטאַלן, אַז פריי דענקען איז ד ר א מ א ־ ט י ש, צווייפלען — טראַגיש; אָבער דאָס הילצערנע, עם־האַרצישע זי־כערקייט געהער צום פאַרס...

אַז טרוקענע קעפּ ווארפן זיך און פלאַטערן, ווי די אַמאָליקע ציטער־נאָדלען אויף דער באָבע־יאַכנעם שלייער.

זאָג זיי, אַז מיר טוט ווי זייער אָפּגעריסנקייט פון דער נאַציאָן...
פאָלק איז נאָך קיין נאַציאָן נישט, ווי אַ הויפן אָנגעוואָרפענע שטיינער — קיין טעמפּל. און זייער אָפּגעריסנקייט פון ז י ך אליין, פונעם טיפן אי־נעווייניקסטן... אַז אָפּוואַרפנדיק די ירושה פון דורות־מאַגנאַטן, פאַראָרע־מען זיי זיך, ווערן זיי קבצנים — — —

— זאָג זיי אַליין! — האַקט מיר מיין אינטערוויוּוער איבער — נאָר רעד ק ל אָ ר ע דיבורים, ווארף נישט קיין בליצן — — —

און הייבט זיך אויף און גייט ארויס, באַשיינפּערלעך — צאָרניק.

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

ניין, און טויזנט מאָל ניין!

איך האָב קיין געדאַנקען נישט צום מאַטריצירן, און איך וויל פון אייך קיין סטערעאָטיפּן פאר מיינע אידעען נישט מאַכן, — איך וויל אייך נישט פאר קאַטערינקעס צו מיינע לידער, און רעד אין אייך נישט אריין, ווי אין פאָנאָגראַפן, איר זאָלט, ווען מען וועט אייך אָנדרייען, איבערחזרן וואָרט ביי וואָרט און שטענדיק דאָס אייגענע...

אידעען מוזן ל ע ב ן ! וואקסן!

ווער עס זייט, ווארפט נאָר זאָמען! נישט קיין צעקייט ברויט און נישט קיין בלומען־שטאַנגען.

און איז די ערד נישט קיין שטיק פעלדז; נישט דורכגעברענט און נישט אַ רירעוודיק טרוקן זאַמד, איז זי מוטערלעך זאַפטיק און פרוכטבאַר. נעמט זי שטיל דעם זאָמען צו, פארשליסט אים געהיים אין איר שויס, און נערט אים און גרייסט, און הייבט, און קומט די צייט — שפּראָצט און בליט! שפּאַרט עס ארויף און ארויס, און באַפרייט זיך, און לעבט!

און אויף אייך, ווי אויף יעדן ייד, אויב נישט מ ע ר, קוק איך, ווי אויף חנוכה־לעמפּלעך, שולחן־ליכט, און שבתדיקע בענטש־ליכט נאָר — אויסגעלאָשענע. שלעכטע ווינטן האָבן געבלאָזן...

נישט אייער ל י כ ט, אייער צוריק־אָנצינדער וויל איך זיין! מיט בליצן וויל איך אייך אָנצינדן... לייכטן ז י ך און אנדערע זאָלט איר אַליין!

— — — — — — — — — — — — — — — — —

און „שכינתא בגלותא!״

פּרוּווט, גייט אין שיל אריין און באַפרייט זי פון שלעכטע הענט! —

— — — — — — — — — — — — — — — — —

# צייטן און זייערע וויצן



עדע צייט האָט איר טראַגעדיע און איר פּאַרס; איר ערנסט און איר וויץ.

מיט צייטן צוריק, ווען די שילן און בתי־מדרשים זענען נאָך פול געווען מיט תורה און יידישן כבוד, ווען תורה איז נאָך ווירקלעך גע־ווען, ווי דאָס אַלטע וויג־ליד זינגט, די בעסטע סחורה, און דער באַלעבאַ־טישער יחום — די קאַרפּן־קעפּ פון דער מיזרח־וואַנט האָבן געפירט דאָס רעדל... האָט זיך געטראָפן, אַז אַ „פאַרפאַלק" פון „המון", פון גראָען עולם, — ער — אַ שטיקל בעל־עגלה, דאָס ווייב — אַן איינגעמאַכט־פּרעג־לערין — האָבן גענומען זייער בן, שוין איינמאָל אַ בענאָק! און, נישט האָבנדיק וואָס אָנצוווערן, אָפּגעשוירן, איבערגעטון אין בגדי מלכות און אָפּגעגעבן אין גימנאַזיע!

עס האָט געמאַכט אַ רושם...

איז עס פונקט געווען עפּעס אַזוי פּורים־צייט, חוזק האָט זיך גע־וויגט אין דער לופט, — גייען צוויי לצים־באַלעבאַטים, וואָס דער האָבער האָט זיי געשטאָכן פאַר ווילטאַג, טוען זיך אָן אינמיטן דער וואָך בגדי שבת ויום־טוב; געפּוצטע שיך אויף שפּאָגל־ווייסע זאָקן, אַ קאַפּטאָן מיט זילבערנע סטראָקעס, אַ שטריימל מיט זילבערנע האָר, רויטע פראַנצויזישע פּאַטשיילעס אין די הענט, — און גייען מיט אַ וויזיט צום פאָר־פאָלק.

געוווינט האָט דאָס פּאָר־פאָלק אין אַ קרום שטיבל אונטער פרעמדע טרעפּ. די איינגעמאַכטס־פּרעגלערין האָט געפּלאָמט ביים קוימען, מישנדיק אַ גרויסן ראָנדעל מיט בערעלעך; דער שטיק־בעל־עגלה מאַכט זיך צור־רעכט אַ בייטש.

די טיר עפנט זיך, פון דרויסן באַלעבאַטים גייען...

קומען די יידן מיט די ערנסט געמאַכטע פּנימער אריין מיט אַ ברייטן „גוט־מאָרגן". דאָס פּאָר־פאָלק מיט אָפענע מיילער ענטפערט נישט.

וואָס באַטייט דער האָנער? דער גרויסער כבוד?

נעמען די יידן אָן דעם שטיקל בעל־עגלה ביים קנאָפּ פון עשיור־פּעלצל:

— וואונדערט אייך נישט, ר׳ יענקל...

— „ר׳ יענקל?״ ר׳ יענקל ציטערט!

— און ציטערט נישט ר׳ יענקל, מיר זענען, חס ושלום, נישט אויסן קיין שלעכטס, די זאַך איז נאָר אַזוי: מיר האָבן געהערט, אַז איר האָט אייער זון אָפּגעגעבן אין די שקאָלעס אריין. פאַרשטייט מען דאָך, אַז ער וועט אוודאי בשלום ענדיקן, און ווערן אַ שררה אַ גרויסער, אַ קרוב למלכות... זע׳מיר אייך געקומען בעטן, איר זאָלט זען, און טאַקע מיטן כוח פון כיבוד־אב, ער זאָל יידן קיין שלעכטס נישט טון!

גיט זיך ר׳ יענקל אַ הילכעדיקן זעץ מיטן פויסט אין האַרץ אריין:

— כל זמן איך לעב!... און פאַרכליפּעט זיך — —

און די איינגעמאַכטס־פּרעגלעריין צעכליפּעט זיך אונטערן קוימען אין איר ווינקעלע, ווו זי האָט זיך פאַר די מכובדים באַהאַלטן, כאַפּט זיך אָן ביים אָפּענעם האַרץ און ברענגט קוים אַרויס, מיט אַ טאָן פון אַ ווייַנענדיקן „ברכו״ פון צוגעשנירטן האַלדז:

— סיידן... סיידן איך בין קיין מאַמע נישט...

דער סטודענט אַליין איז אין דער היים נישט געווען.

דאָס איז געוועזן פאַרצייטנס.

און היינט? היינט, אין דער צייט פון אַפּטריניקייט, האָבן זיך ערגעץ צוזאַמענגענומען עטלעכע סטודענטלעך, וואָס קאָנען זיך נישט ראַזירן, נאָך מיט דער מוטערס, גיכער — דער אַמס מילך איבער די פרישע ליפּעלעך, — צוזאַמענגענומען און אַרויסגעגעבן צו כל ישראל אַ מאַניפעסט:

— זיי וועלן נישט אָפּטרעטן!

זיי וועלן נישט אַוועקגיין צו כל טוב און איבערלאָזן די כנסת־ישראל עלנט און פאַרשמאַכט. זיי בלייבן! דער כנסת־ישראל צוליב זאָגן זיי זיך אָפּ פון איינגעמאַכטס! זיי ווילן נישט!

מיינט איר אפשר, אַז בכאַן לאַכט מען? האָט צייט!

עס איז טאַקע אַביסל קאָמיש; נישט מער, ווי אַ פּאָסט־טאָג צו שפּעט! שמד ווערט אויף דער בערזע וואָס אַ טאָג ערגער נאָטירט. הערט ממש אויף צו זיין סחורה!

מען גיט קיין איינגעמאַכטס נישט...

מען הייסט משומדים ווילן, ווו עס זענען פאַראַן נאַציאָנאַלע קוריען — אין דער יידישער קוריע. עס קען מעגלעך זיין, אַז זיי וועלן מוזן

צאָלן אין רוסלאַנד דעם יידישן אָפּצאָל פון ליכט און אין פוילן — עטאַט. דריי אַלטע משומדים זיצן אין מיניסטעריום פאַר פאָלקס־בילדונג, טרייבט זיי קאַסאַ אַרויס. די נייע שרייבט מען אין אַטעסטאַט: „איז יעוורעיעוו" — אָפּגעסטעמפּלט! אַ ייד צו בלייבן איז שוין היינט קיין גרויס מסירת נפש נישט... אָבער — יונגהייט — נאַרהייט! און ווייטער דאָס זעלבע, ווי זאָגט שלום־עליכמס יידענע:

— קינדער פּלאַפּלען!

דעם רעכטן וויץ האָט אונדזער היינטיקע איינגעמאַכטס־פּרעגלעריז, מאַדאַם פּלאַפּל — אונדזער פּובליציסטיק געמאַכט. מיטאַמאָל זיך אַ הייב געטון, מיט די אויגן פון אונטער די גלעזער — אַ בליץ, די הענט — צעוואָרפן, דאָס מויל געעפנט און אַ געשריי געטון:

— שקצים!

סטייטש — צעהיצט זי זיך — דאָס יידישקייט אַליין האָט גאָר קיין ווערט נישט?

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

דער וויץ איז: חוזק האָט זיין איינציקן זון נישט דערקענט! די הון, וואָס האָט זיך אַזוי לאַנג געריבן אָן פרעמדע ווענט — אירע טויטע אייער!

מאַדאַם פּלאַפּל, עס זענען דאָך אייערע גדולים!

ווער האָט מבטל געמאַכט דאָס יידישקייט, אַז נישט איר, מאַדאַם?

איר פאַרבט אייך איבער צו יעדן סעזאָן אייער קליין ביסל האָר אויף אַן אַנדערע פאַרב; אויף אַן אַנדער קאָליר, און געדענקט אפילו נישט: אין וועלכער פאַרב איר האָט די אייער געטראָגן און שפּעטער אונ־טער די פליגל געוואָרעמט!

איך וויל און וועל עס אייך דערמאָנען, מאַדאַם!

אַמאָל האָט איר זיך געפאַרבט חיבת־ציונדיק. די צייטן פון אחד־העם מיט זיין אַלט־העברעיש יידישקייט. ישראל, די תורה און ארץ־ישראל איז איין קניפּל. — אין אייער ווינטאָרן, אין די באַשאָטנטע אַלעען זענען אַרומגעגאַנגען שפּאַצירן: משה, ישעיה און — אחד־העם... אַ לעבן, ווי אונטער דער זון!

ברענט דאָך אָבער אַלץ מיטאַמאָל, ווי טרוקן שטרוי, האָט זיך חיבת־

ציון מיטן אחד־העמיזם אויסגעברענט ווי א קורץ פלעמל, דערנאך אביסל רויך און אוים מאדע געווארן.

אחד העמס פילאזאפיע אין חיבת־ציונדיקן מאנטל מיטן ספענצע־רישן אונטערשלאק איז אוועק אין רומפל־קאמער אריין, און איר, מאדאם, האט אייך איבערגעפארבט צ י ו נ י ס ט י ש, וווינער הויך־מאדערן־פאליטיש געביטן יידישקייט אויף רעיעלע, נאר שטילע הינטער־טרעפלעך־פאליטיק... מען מוז פארזארגן די, וואס — ווילן נישט און קאנען נישט...

האט מען אייך פארגעוואָרפן, אז איר טאנצט צוריק אויף הינטער־פיסלעך, האט איר אייך ר א ד י ק א ל געווערט, סטייטשט, מיר רעוואָ־לוציאָנירן די מאסע, רייסן זי אפ פון משיח־חלומות, פון ירושלים, אויף ניסים געבויט... פון א ל ט ן יידישקייט! פון אלטן הייליקייט! מיר ווילן ל א נ ד און ש פ ר א ך!

מיטאמאל איז דער ייד, וואס האט געוווסט, אז עס איז פאראן געצנדינער, בודיסטן, מאכמעדאנער, קריסטן און יי ד ן, — וואס האט זיך געהאלטן פאר א פארשטייער פון איינעם פון די געציילטע וועלט־אנ־שוויאונגען, און פון דער העכסטער — פון יידנטום, וואס מוז, אזוי האט ער געגלויבט, מיט דער צייט זיגן און די וועלט זיך אונטערטעניק מאכן, מיטאמאל איז דער ייד אראפגעפאלן צו דער מדרגה פון איינעם פון די שיבעים אומות, בולגארן מקנא צו זיין! סערבן אן אידעאל! פשוט — א פאלק ווי אלע פעלקער... נאר — קוים עטוואס העכער פאר ציגיינער.

געוועזן אויך א ניטשע־מאמענט.

— מיר ווילן מער נישט ליידן! די מאראל פון ליידן איז די מאראל פון קנעכט. מיר ווילן הערן־מאראל, קראפט, מאיאריטעט, הערשאפט!

— און האב'מיר נישט איבערגעטוישט און געענדערט די ווערטן? האב'מיר נישט פון ה יי ל י ק ן לאנד פאטערלאנד געמאכט, פון דער הייליקער שפראך — פון דער תורה־ און נביאים־שפראך — א כרעסטאָ־מאטיע־ און גאסן־שפראך?

און, אנגעטון אין א געלערטער טאגע:

— דא קאן מען נישט ארויף צום גרויס־קאפיטאל און נישט אראפ צו דער פאבריק! דא מוז מען פארלוירן ווערן, אויסגיין ווי א ליכט, דא איז אן האפענונג, דא מוז זיין שמד!

פינקטלעך פארויסגעזען, ווי א הונדערט־יעריקער לוח!

דערנאך — נאציאנאל, בכל־הגוויימדיק.

— מיר זענען אַ פאָלק, ווי אַלע פעלקער. נישט ווייניקער און נישט מער.

— אַ נאַציע, נישט אָפּהענגיק פון רעליגיע און וועלט־אַנשויאונג... מיר זענען נישט נאָרמאַל, מיר ווילן עס ווערן! מיר ווילן לענגער אויף אונדזער אַקסל נישט טראָגן קיין לאַסטן: מאָניזם, מאָנאָטעאיזם; גענוג גאָרבאַטע! מיר ווילן קיין פלאַקער און קיין שטורקאַצן פאַר די אומות העולם נישט זיין. „אתה בחרתנו" האָט אויסגעקלערט די אַסימילאַציע (און געווים אַריינגעשמוגלט אין סידור!) די מיסיע האָט אויסגעטראַכט אַ דייטשער פּראָפעסאָר (געווים זענען די נביאים די ערשטע דייטשע פּראָפעסאָרן געווען.) די פילאָזאָפיע אין אַמעריקע איז נאָך ווייטער געגאַנגען: משומדים קאָנען זיין נאַציאָנאַל־יידן... „אין פּאַלעסטינע וועט געשטעלט ווערן די פראַגע און זיכער ליבעראַל פאַרענטפערט ווערן! גלויבנס־פרייהייט! רעליגיע איז פּריוואַט־זאַך, די נאַציע איז סאָציאַל!

און אין רויטן מיצל:

„יידישקייט... פאָלקס־נשמה... טראַדיציע, ראַסן־וועלט־אַנשויאונגען — אָפּגערופענע מטבעות. אין סאָציאַל־שטאַט וועט זיי זאַמלען דער נומיזמאַטיקער, רעליגיע, מאָראַל, וועלט־אַנשויאונג.

— אָן אָפּגלאַנץ פון דער פּראָדוקציאָנס־פאָרם און איר רעכט־פאַרטיקונג און פאַרטיידיקונג... נישט פאַר אַזוינע ווערטן ציען מיר די שווערד פון שייד. מיר ווילן אַ יידישע אלף־בית־שול, יידישע אַדרעסן אויף דער פּאָסט... „פון מאַטעריאַליסטיש־היסטאָרישן שטאַנדפּונקט געקוקט — —"

געדענקט איר, מאַדאַם, וואָס איר האָט פון דעם שטאַנדפּונקט געזען? ניין? אָבער געפּלאַפּלט האָט איר, נאָכגעפּלאַפּלט...

און אַצינד האָט איר אייערע גדולים נישט דערקענט:

די ציוניסטישע פּאָליטיק איז געפּלאַצט. דער סאָציאַל־שטאַט האָט זיך אָפּגערוקט אויף אַ לאַנגער, לאַנגער צייט. די יידישע ליידן וואַקסן פון טאָג־צו־טאָג, און אויב „ככל הגויים" — נאָך וואָס? צו וואָס?

מוז מען דאָך ווירקלעך זיין גרויסמוטיק, זיך אָפּפערן פאַר דער כנסת־ישראל! — וואָס דען שרייט איר?

אָט דאָס איז דער וויץ, דער סעזאָן־וויץ:

מען מוז זיך איבערפאַרבן דאָס לעצטע ביסל שיטערע האָר אויף — גראָ! אויף גראָ־יידיש...

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

ווייסט איר וואָס, מאַדאַם, וואָס דאַרפט איר אייך שפּילן און וויי־טער פלאַפּלען, ווערט באמת פרום, צאָלט דער צייט איר שטייער, און טוט באמת תשובה, עס איז ערב־יום־כיפור, זאָגט: על חטא... קלאַפּט אייך מיטן דאַרן פויסטל אין דאַרן האַרץ־ברעטל אריין און זאָגט... אַזוי פיל יאָרן געזינדיקט!

זאָגט!

און קומט איר צו „בטיפּשות פּה!" גיט אַ ש ט אַ ר ק ע ר ן קלאַפּ!

---

# אונדזער דאַנקבאַרקייט



ונדזער באַלעבאָס, פאַרלאָזט פון זיין אינטעליגענץ, האָט דעם קאָפּ פאַרלוירן; פאַראָטן פון זיינע פירער — געבליבן ווי א בלעדנע שאָף. און טרעפנדיק זיך נאָך אויג. אין אויג דאָס ערשטע מאָל מיט פּאָליטיק, — איז ער גאָר אַרויס פון די כלים.

מענדעלעס קליאַטשע האָט זיך דאָס ערשטע מאָל אויפן וועג גע־טראָפן מיט אַן אויטאָמאָביל!

עס איז פאַר איר אַ חיה רעה. דעם שנויבן — גרימצאָרן. אָט שלינגט עס איין.

די פאָרוואַל־סטראַשונקעס, וואָס ווערן איבעראַל אויסגעלאַכט פון קינדער אין די וויגן, האָבן אונדזער באַלעבאָס אַריינגעברענגט אין אַ פּאַ־ניק. זוכט ער רעכטס און לינקס נאָך הילף, — בליצט דורך אַ געדאַנק:

— יאַגעללאָ!

קוים געטראַכט, באַווייזט זיך שוין פון יענער, פון דער לינקער זייט אַ מאַניפעסט:

„מיר ווילן ביי ציוניסטן, חסידים, עצעטערא קיין נדבה נישט נע־מען!"

ווער האָט עס געזאָגט?

ווער האָט דעם שווימענדיקן אין ים, וואָס איז (און ווען אַפילו אומ־זיסט און אומנישט) איבערגעשראָקן צום טויט, געטרויט נישט זיין איי־גענע קראַפט, —

ווער האָט אים דאָס ברעט, אָן וועלכן עס קלאַמערן זיך זיינע פינ־גער, פון אונטער די הענט אַוועקגענומען און גערופן: טרענק זיך?

ווער האָט געקאָנט דעם נישט געווינטן, נאָך שוואַכן ראַנגלער אין קאַמף פאַר זיין מענטשלעך רעכט, טראַציק אונטערשטעלן אַ פוס אויף דער גליטש?

ווער איז דער „מיר", וואָס נעמט קיין נדבה נישט?

„יד ישראל באמצע"! איך בין זיכער, דאָס האָבן מ י ר געזאָגט! מיר — אונדזער אייגן פלייש און בלוט, אונדזער רויט ביסל יונג־וואָרג.

נאָר מיר — נאָר אונדזער נישט דערוואַקסענער, נישט אויסגעשטאַנענער אינטעליגענט און האַלבער אינטעליגענט. —

נאָר אונדזער שרייענדיקער רעדל־פירער, וואָס מיינט, ער פירט, ווען ער ווערט געשטופּט; וואָס נעמט שטענדיק מיט בלויזע הענט קאַשטאַנען פון פייער אַרויס, קיינמאָל נישט פאַרזוכנדיק דעם טעם פון אַ געבראָטענעם קאַשטאַן...

נאָר דער האָט עס געקענט זאָגן!

זה לעומת זה...

קעגן משרת פון דער הייך, שטייט דער משרת פון אונטן.

דער קריסטלעכער אַרבעטער וועט מיך, אין דער פאַבריק, וואָס ער האָט פאַרנומען, אַזוי לייכט נישט אַריינלאָזן: ברויט איז, און בפרט אונטן, אַ קאָנקורענץ־זאַך!

אָבער ער שטייט אין קאַמף און זוכט מיטהעלפער איבעראַל, ווו מענטשן קעמפן פאַר זייער פרייהייט.

האָט זיך דאָך די פּעטערבורגער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע דערקלערט אין ליבע צו פּוילן. געוואָלט אַ שידוך שליסן, צוגעזאָגט נדן — די פּוילישע באַפרייאונג! און נישט מיטן פּוילישן אַרבעטער, און נישט מיט זיין ראַדיקאַל האָט מען געהאַנדלט; זוך זיי אין פּעטערבורג מיט ליכט!

מיטן פּוילישן מיש־מאַש פון אַלע פּאַרטייען, ביי 90 פּראָצענט נאַציאָנאַלע דעמאָקראַטן!

באַפרייער זאָלן אָפּשטויסן קעמפער, וואָס קעמפן פאַר גלייכבאַרעכטיקונג, דאָס איז אַ נאָנסענס, דאָס איז, ביי קלאָרע געדאַנקען, אַן א ו ־ מ ע ג ל ע כ ק יי ט ! דאָס קען נאָר געשען ביי א ו נ ד ז, ביי אונדזער געפאַלנקייט, אונטערטעניקייט — ביי גלות־משרתים!

דער קלאַסן־קעמפער ק ע ן נישט און ט אָ ר זיך נישט שטעלן קעגן באַפרייאונג פון פעלקער. אין ז יי ן טומל דאַרף נישט דערשטיקט ווערן קיין איינציקער וויי־געשריי פון אונטערדריקטע מענטשלעכע גרופּן.

אָפּשטויסן אונדזער האַנט, און נאָך איידער זי האָט זיך אויסגעשטרעקט, האָבן געקאָנט נאָר מ י ר אַליין, נאָר אונדזער אייגן בלוט און פלייש, נאָר אונדזער אין גלות פאַרוואָרלעסיקטע נשמה!

---

משרתים פון אויבן (דריי הונדערט אונטערשריפטן), משרתים פון אונטן (דער מאַניפעסט!) און אינמיטן אַ צעשראָקענער באַלעבאָס, וואָס קען, אוים לויטער נאַרישער שרעק, באַגיין — פּאַרעטעריי!

אָ, יוצר משרתים!

ווי די וואָלן וועלן נישט דורכגיין, דיר, פּוילישער פּריץ, קומט אונ־דזער דאַנק!

אומעטום האָט מען אונדז געפּלאָגט, געפּייניקט, געטריבן, — דו האָסט אונדז ווערמיק געמאַכט, פּאַרוואָרלעסיקט!

# צופיל



יך האָב געטראַכט: אין שיל אַריין; איצט וואָלט איך געוואָלט: אין מיקווה אַריין!

ניין, נ י ש ט אין מיקווה אַריין! די מיקוות אין ווארשע זע־נען צו שמוציק, צו געפערלעך פאַרן געזונט, און די פּראַגער—די נייע מיקווה, גאָט ווייסט, ווען זי וועט פאַרטיק ווערן. אפשר וועט מען זי שוין נישט דאַרפן...

איך רוף אייך צו דער ווייסל.

צו אַנדערע (ווי אַש זאָגט) רעדט זי פּויליש, צו אונדז — יידיש!

גייט אייך באָדן צו דער ווייסל.

איר האָט קנאַפּע דריי הונדערט ווערים אויף אייער לייב.

קנאַפּע, ווייל פיל אונטערשריפטן זענען געפעלשט. לשם מיצווה געפעלשט!...

אָבער — צו דער ווייסל!

וואַשט פון אייער לייב אַראָפּ — די ווערים!

און אפשר — איך קען אָן ספיקות נישט לעבן...

אפשר איז עס נישט קיין ווערימקייט, נאָר — שרעק!

די אַלט־אינדישע לעגענדע, נאָך פון פאַר בודא, דערציילט:

אַטמאַן (דער אָטעם — די נשמה — גאָט) איז געווען אַליין!

איינער אַליין איבערן גאַנצן נישט, איבערן גאַנצן „גאָרנישט", אי־בערן ל ע ר ק יי ט.

האָט ער זיך איינמאָל דערמאָנט, אַז ער איז איינער אַליין, און האָט אַ ציטער געטון.

אַ ציטער פאַר שרעק.

פאַר שרעק, וואָס ער איז אַליין, איינער אַליין איבערן גאַנצן „גאָר־נישט", איבער דער אומענדלעכער לערקייט...

האָט אַטמאַן פאַר שרעק די וו ע ל ט באַשאַפן!

ווי א שפין שיקט פון זיך פעדימלעך ארויס און באשאפט א גע־וועב ארום זיך.

ווי ליכטיקע קערפערס שיקן ארום און ארום פון זיך שטראלן ארויס און מאכן ארום און ארום זיך א פיינע, ליכטיקע שטראלן־נעץ...

אזוי האט אטמאן די ז א כ ן פון זיך ארויסגעשטויסן און מיט זיך ארומגערינגלט, —

די וועלט באשאפן!

און פון א יי נ היי ט איז פילקייט געווארן; פון א יי נ ה יי ט די מ ע ר צ א ל געווארן...

פון א יחיד א חברה!

און חברה שרעקט זיך נישט!

און אונדזער יידיש־פוילישער אינטעליגענט, דער פאטענטירטער, ווי דער נישט־פאטענטירטער, איז א י י נ ז א ם; פון דאנען אוועק, אהין נישט געקומען.

די מוטער פארלאזט, פון דער אם געטריבן, איז ער אליין, שטענדיק אליין.

א לעבעדיקער פאראיינזאמטער יתום...

בלאנדזשעט ער ארום איינער אליין אינעם תוהו־ובוהו, אין דער לערקייט צווישן צוויי פעלקער...

צווישן פאלק, וואס די ווייסל ברומט צו אים פויליש, און צווישן פאלק, צו וועלכן די ווייסל ברומט אזוי מוטערלעך, — יידיש!

און איינזאמקייט איז — שרעק!

ציטערט מען פאר א ב ל א ט, וואס איז מיט דרוק־פארב באַ־שמירט; ציטערט מען פאר פאפירענע שלאנגען...

און ו ו ע ל ט ן פון זיך ארויס באשאפן, פון זיך ארויס עפעס ארויסשטראלן, ארומרינגלען זיך מיט ז א כ ן, מיט ממשותדיקע זאכן, וואס זאלן זיין דער אויסגוס פון זיין „איך", פון זיין נשמה, פון זיין ווילן, — איז ער נישט אימשטאנד!

היברידן, לעבעדיקע, פון צוויי מינים צוזאמענגעמישטע — זענען א י מ פ א ט ע נ ט; היברידן זענען ע ק ר י ם און ע ק ר ו ת, אין ערשטן, אין צווייטן, העכסטנס אין דריטן דור!

בלאנדזשעט מען ארום אין צווישן־פעלקערלעכן תוהו־ובוהו און מען ציטערט.

די אימפאטענטע נשמה איז איינגעהילט אין שרעק.

א געגדזענע הויט אויפן לייב, א ציטער־שטראל אין אויג און קניען פארציטערטע...

אימפּאָטענטע איינזאמקייט איז שרעק.

שרייבט מען אונטער פּראָטעסטן פאר שרעק; ווייל מען פאראטן פאר שרעק.

אָבער — ווערים, צי טכוירן — קנאַפּע דריי הונדערט די צאָל!

די „ראָלא״ זאָגט: ווייניק! די „פּראַוודא״ דאנקט גאָט, וואָס אזוי ווייניק; זיי קומט רעכט, בירגערלעכע רעכט, און אויף דעם פלאָדן האָט זי גענוג אייגענע מיילער!

פאר אונדז אָבער איז קנאַפּע ד ר י י ה ו נ ד ע ר ט — צ ו פ י ל!

# פאַבריקאַנטן און אַרבעטער


יר טאָרן אונדזער לעבן נישט בויען אויף פרעמדן יושר, אויף פרעמדר באַרעמהערציקייט.

די צייט, ווען אונדזערע עלטערן האָבן לויט דער עצה פון א גוטהאַרציקער מטרוניתא זיך אָנגעטאָן זעק איבער די קעפּ און אַרויסגע־גאַנגען ביינאַכט, און אַרומגעלאָפן אין די גאַסן פון רוים, שרייענדיק:

— זענען מיר דען קיין ברידער נישט, קיין קינדער פון איין טאַטן נישט, האָט אונדז נישט איין גאָט באַשאַפן, פאַרוואָס יאָגט איר אונדז און פּלאָגט, פאַרוואָס פאַרגיסט איר אונדזער בלוט?

די צייטן זענען פאַרביי.

אַן אַלגעמיינע, צווישן־פעלקערלעכע פרעסעריי האָט אַרומגעכאַפּט די וועלט; איר וועט אין אַכזריותדיקן קריג קיין יושר נישט וועקן: נישט וועקן קיין געוויסן...

און נאָך מינדער קען מען בויען די נאָענטע צוקונפט אויפן געפיל פון געזעצלעכקייט און רעכט... ביפרט אויף חזקות!

אַלץ איינס, ווער עס איז פריער אַהערגעקומען און זיך באַזעצט. צי די, צו וועלכע די ווייסל רעדט פּויליש, און זייערע מלכי־חסד זענען גרוי־סע מכניסי־אורחים געווען און אונדז, פאַר א געוויסן אָפּצאָל, אין לאַנד אַריינגעלאָזט, ווי מען לערנט אין „פּוילישן" חדר...

אָדער, לויט דער נייער אויספאָרשונג: פריער זענען געקומען מיר, מיר, צו וועלכע די ווייסל ברומט יידיש, און מיר האָבן אַהער א הויכע צי־וויליזאַציע געבראַנגט, דאָס לאַנד קולטיווירט, די צוגעקומענע געצנדינער אַרבעטן און שאַפן געלערנט... און ערשט שפּעטער, אַז דער המון האָט אָנגענומען דאָס קריסטנטום, האָט זיך דאָס רעדל איבערגעדרייט און מען האָט אונדז, אין נאָמען פון קלויסטער, אונדזער רעכט גענומען: באַרויבט פון אייגנטום, פון מענטשלעכן שטאַלץ, געיאָגט און געפּלאָגט און פאַר פאַכטער, פאַקטוירים און שענקער געמאַכט און מיט גרויס גענאַד די רו־טענישע קלויסטער אָפּגעגעבן אין אַרענדע...

אלץ איינס!

מיר זענען געווווינט אין אונדזער פּאַלעסטינע פון טערק דוי־טע פּעסער צו באַקומען... מיר ווייסן, וואָס צווישן־פעלקער־רעכט און גע־רעכטיקייט באַטייט...

און האָבן מיר איינמאָל פאַר אַלעמאָל אָפּגעריסן מיט דער פּאַכטער־און שענקער־אידעע צו לעבן פון פרעמדן געגנאַד; קענען מיר שוין נישט האַנדלען און וואַנדלען אונטער אַ פרעמדער פירמע; פאַרלאַנגען מיר שוין יידישע רעכט; קענען מיר שוין נישט ליגן, ווי אַ הונט ביי פרעמדע פיס און סקאָמלען: באַרעמהערציקייט! מוזן מיר, ווי ווייט עס איז מעגלעך אין גלות, אויספּעכטן, ווייניקסטנס, אונדזער עקאָנאָמישע זעלבסטשטענדיקייט!

ווער עס וויל לעבן און קען נישט און וויל נישט באַצווינגען, און עס איז אים נימאס געוואָרן די קעסט אין הכנסת־אורחים־שטיבל, מוז עקאָנאָמיש זיין שטאַרק, נישט הענגען אויף אַ האָר, צום איבעררייסן אין יעדער מינוט פון פרעמדן צאָרן...

מיר מוזן פּראָדוצירן און פאַר אונדזער אַרבעטער מוז זיך עפענען, ווייניקסטנס, די יידישע פאַבריק!

זאָל צום באַיקאָט פון דרויסן נישט צוקומען דער באַיקאָט פון אינעווייניק.

עס איז ערשט נישט לאַנג שווער, כמעט אומעגלעך געווען.

דער פּובליציסט האָט זיך אויסגעריסן דעם האַלדז, שרייענדיק: פאַר־רעטער! די צייטונגען זענען געווען פול מיט געוואַלדן! און דער שידוך צווישן יידישן פאַבריקאַנט מיטן אַרבעטער האָט זיך געריסן און געריסן. דער אַרבעטער האָט געשטרייקט; דער פאַבריקאַנט האָט געטריבן.

די סיבה איז געווען אַן איינפאַכע.

אַז עס האָבן זיך אויסגעשיילט, פון טונקעל־נעפּל אַרויס, די קלאַסן־אינטערעסן, האָט זיי דער יידישער אַרבעטער דער ערשטער דערזען, דער ערשטער דערפילט.

דער קריסטלעכער חבר זיינער האָט אַ טראַדיציע פון פיזישער אונ־טערטעניקער אַרבעט. און די פאַבריק איז פאַר אים אַ באַפרייונג פון נאָך שווערערע אַרבעט; ער קומט פון דאָרף! און פון נאָך טיפערער און שאַרפערער אונטערדריקונג; ער קען דעם פריץ מיט דער אָרדינאַריע און זיינע ריטער, און דעם עקאָנאָם מיט זיין אַראַפּניק... און דאָס מערסטע — בעזגראַמאָטנע...

דער ייד, אפשר אַ רבס, אפשר אַ דאַנציקער סוחרס אַ זון, גלאַט אַ

באַלעבאַטיש קינד, „גראַמאַטנע”, נערוועז, אָן טראַדיציע פון געהאָרכזאַמ־קייט און שווערער ארבעט, אבסאָלוט פריי פון יעדער אינערלעכער דיסציפּ־לין, — אַזאַ בחור קומט פון בית־המדרש, פון שטיבל, פון קלייט, אָדער פרייע מעקלעריי, און פאַלט אין פאַבריק, ווי אין אַ קאַזאַרמע אריין, און נעמט זיך גלייך צו ברענגען משיחן, דעם סאָציאַל־שטאַט צו בויען...

דער פאַבריקאַנט קאָן און וויל זיך נישט לאָזן רואינירן, אַפילו נישט מאָגערער מאכן דעם ביסן! שריי חי־וקים: יידישקייט, נאַציאָנאַלע געפילן! „געשעפט איז געשעפט” און ער טוישט דעם אומרואיקן יידישן ארבעטער אויפן קריסטלעכן, רואיקן, נאָך נישט געוועקטן.

און וואָלט ווער געפרוווט ריידן צום יידישן ארבעטער: רואינירט נישט די נאַלעוווקעס, לויפט נישט פּ אַ ר ו י ס, גייט טריט ביי טריט מיט אייערע חברים, די יידישע אינדוסטריע איז נאָך צו שוואַך, ערשט אויסגעשפּראָצט.

— יידישקייט? נאַציאָנאַלע געפילן — וואָלט איר געהערט אַ תשובה —נעפּל און דונסט, וואָס פאַרטונקלט נאָר דעם קלאַסן־קאַמף...

היינט האָט זיך די לאַגע אביסל געענדערט.

דער קריסטלעכער ארבעטער האָט דעם יידישן ארבעטער דעריאָגט, און אפשר איבערגעיאָגט, און אין פּאַרטיי־דיסציפּלין איז ער שטאַרקער. ער שטרייקט שוין ע פּ ט ע ר, פאַרלאַנגט מ ע ר, שטעלט א י י ז ע ר־נ ע פאָדערונגען...און דער יידישער — הונגערט.

און י י ד י ש ע ר איז ער אויך געוואָרן...

אויסער אייניקע שטאַרקע דאָגמאַטיקער, פאַרשטייט שוין דער י י ד י ש ע ר פּראָלעטאַריער, אַז ער איז י י ד י ש.

ער האָט זיך דערפילט!

ער ווייסט שוין, אַז אויסער און נישט אָפּהענגיק פון דער ברויט־פראַגע זענען פאַראַן נאָך אַנדערע, פיליכט נישט ווייניקער צעוווייטיקטע לעבנס־פראַגן, אַז אויסער ברענענדיקע פּיין און לייד פון האַלב־פאַרהונ־געטע איבעראַרבעטונג, זענען פאַראַן נישט ווייניקער ברענענדיקע און צעוווייטיקטע פראַגן פון אונטערדריקטע ראַסן און פעלקער, אַז דאָס לעבן איז נישט קיין גראַדע ליניע, נאָר אַ פּלאָנטער פון טויזנטער, טויזנטער פראַגן און פּראָבלעמען, און אַז דער צייט זענען אַלע געשטעלט געוואָרן צום פאַרענטפערן מיטאמאָל...

דער יידישער ארבעטער האָט דערפילט און געמוזט דערפילן, אַז אין זיינע אָדערן שלאָגט יידיש בלוט, אַז עס באַלעבט אים אַ יידישע נשמה,

אז ער רעדט יידיש, לעזט א יידיש בוך, א יידישע צייטונג, זאָגט א יידיש גלייכווערטל, זינגט א יידיש לידל און (שווער צו פארלייקענען!) ער בענקט צו אלעם, צו וואָס אַלע יידן בענקען, ער קאָן זיך נישט אָפּרייסן פון שטאָם און קאָן זיך אפילו נישט אָפּנארן מיט אסימילאטאָרישע חלומות און נישט טרעטן אויפן וועג, וואָס פירט פון שיל צום קלויסטער...

ער וויל און מוז פארבינדן און געפינען דעם סינטעז פון זיינע קלאסן און פאָלקס־אינטערעסן...

הייגט קאָן דער שידוך צוריק אויפגעריכט ווערן.

איז דער לאָזונג „זעלבסטהילף", מוזן זיין — — יידישע פאבריקן מיט יידישע ארבעטער.

# דער סנדק


יך קום אריין צו מיינעם א באקאנטן ייד — א שטיקל עושר און א כלל־טוער; א נ ד ע ר ע, נערן־ צי נישט גערנוויליק, זענען זיך צעפאָרן, — לויפט ער ארום, דער באקאנטער מיי־נער, איבער דער שטוב, דאָס פנים שטראַלט, די אייגעלעך גלאַנצן און רייבט זיך די הענט.

— געלויבט איז גאָט! געלויבט איז גאָט!

— עפּעס א נחת אין דער מישפחה? א קינד חתונה געמאכט? אן אייניקל צוגעקומען?... ניין? וואָס דען? פאַפירן זיך געהויבן? א הויז געקויפט, אויף דער לאָטעריע געוואונען?

שמעלט ער זיך אָפּ אביסל באַליידיקט:

— מיינט איר טאקע, הייסט עס, אז אזא ייד ווי איך, לחלוטין נישט קיין רויטער, דאָנה שוין גאָרנישט פאַר כלל און בין מיט אים צוזאַמען נישט משמח? —

— חלילה! איך מיין גאָרנישט... אָבער וואָס פאַר א גוטס איז געשען פאַרן כלל?

ער שווייגט, איך פּרוּוו טרעפן:

— איליאָדאָר האָט תשובה געטאָן? באַגיסט זיך מיט טרערן און בעט איבער פאַרן בלוט פון יידישע קינדער, וואָס מען האָט דורך אים פאַרגאָסן? די חרטה זיינע?

דער ייד מאכט אוועק מיט דער האַנט.

— אי, — איז ער מבטל — דער משוגענער! פּלוידערט עמעצן להכעיס!

— וואָס דען? אהא! טרעפּאָוו האָט אָפּגעשטעלט די גירושים ביז נאָכן ווינטער!...

— ווי לאַנג וועט נאָך זיין ווינטער?

וויל איך ווייטער טרעפן:

— איבער דער נעווא בלאָזט אַ לינדער פּאָליטיש ווינטל? דער־שמעקט?

דער ייד שטעלט זיך פאר מיר אָפּ, פארלייגט די הענט איבערן יידישן האַרץ און מאכט באַשיידן:

— איך קוק גאָרנישט אזוי ווייט...

— דאָ אַ שטיקל נחת? אויפן אָרט?

וויל ער מיר שוין העלפן טרעפן:

— איר באַשעפטיקט אייך גאָרנישט מיטן באָיקאָט? — פרעגט ער.

— איר לעזט נישט קיין בלעטער?

— די גאסן־בלעטער?

ער לעזט פּויליש, ער פלעגט באקומען „נייעס", מען האָט צוגעשיקט, פלעגט ער די נומערן שיקן אין קיך אריין; אַ כשרע קיך, אַ יידישע דינסט. זאָל זי לעזן. ער פירט די גאס (אַ „כלל־טוער"), וואָס דאַרף ער וויסן, וואָס די גאס טראכט? ער טראכט שוין פאר איר... מונטער איך אים:

— נו?

— נו, וואָס איז מיטן באָיקאָט?

— ער ווערט שטילער!

— זאָלט איר וויסן! — באַשטעטיקט ער מיט גדלות. דער באָיקאָט פאַלט: נישט מיטאמאָל, פּאמעלעך, נאָר ער פאלט, ווערט פון טאָג צו טאָג שוואכער. מען הייבט אָן פּראָטעסטירן קעגן באָיקאָט: „נישט אַלע האָבן געזינדיקט!"

— צוריק געקומען צום „ליטוואק"?

— נישט גראָד דער „ליטוואק", נישט אַלע האָבן זיך אקעגן געשטעלט —

— פאַראַן צדיקים אין סדום? און קעגן ווען זיך געשטעלט?

— קעגן פּוילישן ווילן!

— און איר האָט גאָר קיין חלק נישט אין פּוילן?

— איך? מיר?

— און דעם פּויערס דעה — פרעג איך ווייטער — האָט מען אויסגעהערט? און דעם ארבעטער אין פאבריק? —

— אזוי, דאָס מיינט איר?

און אַראָפּלאָזנדיק זיך אויף אַ שטול:

— מיט אייך איז גאָרנישט צו ריידן... דאָס איז פּוילן?

און זיך צוריק אויפשטעלנדיק:

— אָבער מען פּראָטעסטירט שוין קעגן באָיקאָט...

ער ברענגט שאָדן?

ביידע צדדים! און קעגן אריינפירן דעם באָיקאָט אין דער שול... קעגן פארגיפטן דאָס קינדעריש ריינע הארץ... און קעגן אָפּטרייבן דאָס יידישע קינד פון דער פּוילישער שול צו אן אנדערער, און אפשר צו דער י י ד י ש ע ר... און קעגן טרייבן אונדז פון דער ארבעט ביי דער פּוילישער קולטור ביכלל. מיר זענען נ ו צ ל ע ך, דאָס זענען זיי מודה...

— און ארבעטן אומזיסט!...

ער מאכט זיך נישט הערנדיק.

איך פרעג ווייטער:

און מכוח דער ה ע נ ד ל ע ר ן? דער יידישער שטעל מיט גע־בעקס... מיט אויבס?

עס וועט צו דעם א ו י ך קומען — האָט דער ייד ביטחון — נאָר פּאמעלעך... מען הייבט אָן א י י נ צ ו ז ע ן...

— אז עס גיט נישט צו קיין גלאנץ דעם פּוילישן נאָמען אין אויס־לאנד... אז עס איז פּאָליטיש נישט קלוג אָפּצושטויסן פון זיך 13—14 פּראָצענט איינוווינער, און נייטן זיי צו זוכן הילף און שוץ א ו י ס ע ר ן לאנד... אז מיט פּעטערבורג איז מען שוין אויך נישט זיכער, עס רירט זיך עפּעס דאָרט... פאר יעדע מעגלעכקייט פון א קריג ווערט מען ליבע־ראלער...

— לעזט׳ איר דאָך, דערפרייט זיך דער ייד — פּויליש א ו י ך? איר ווייסט דאָך א ל ץ? אמת, עס פּאלט?

איך בין מודה: דער באָיקאָט פּאלט! פּאמעלעך, נאָר די פּאליע לייגט זיך; גייט צוריק. דער פּאראָקסיזם איז אריבער...

— אָבער, פרעג איך, דער ש ט י ל ע ר באָיקאָט. דאָס רייסן דעם ביסן פון מויל ש ט י ל ע ר ה י י ט...

— נו, דאָס, — פּאָלט אָפּ ביי זיך דער ייד — דאָס איז געווען פ א ר יאַגעללאָ, דאָס וועט זיין נ אָ ך יאַגעללאָ... צו דעם איז מען גע־וווינט... אבי נישט טומלען...

— און דער פּריץ וועט נאָכאמאָל בייז ווערן?

— אויף וואָס?

— א דאגה, אויף וואָס...

— וועט ער ווייטער שרייען... זאָל מען אים טאַקע נישט דערצער־נען... ש ר י י ע ן טויג נישט...

אָט, דאָס איז די פּסיכאָלאָגיע:

שטיל זאָל זיין!

שטילערהייט מעג אַלץ געשען...

— און וואָס וועט זיין — פרעג איך — מיטן יידישן אַרבעטער, וואָס האָט פאַר זיך אַ פאַרמאַכטע פאַבריק? און וואָס וועט זיין מיטן יידישן געוועַרב, מיטן יידישן בעל־מלאכה, וואָס זינקט אַלץ טיפער און טיפער צום לאָטוטניק, צו דער טאַנדעט, צום שוויץ־סיסטעם? און וואָס וועט זיין מיטן יידישן סוחר, וואָס בלייבט אָן הילף, אָן קרעדיט און אָן וויסן? און וואָס וועט זיין מיטן יידישן עמיגראַנט, וואָס לויפט ווי אַ בלענדנע שאָף...

וועגן דעם, — ענטפערט דער באַלעבאָס — מוז מען אַ טראַכט טאָן... היינט האָב איך קיין צייט נישט... איך וועל געפינען צייט... איך וועל מ ו ז ן געפינען... היינט גיי איך אויף אַ ברית...

און ער הייבט זיך גלייך אויף מיט אַ גדלות:

— כ׳בין סנדק!

# דער לעבנס־פּראָצעס

— קאָנסערוואטיזם און פּאָרטשריט, זאַץ און קעגנזאַץ, — וואָס איז אמת, מאָראַליש אָדער — אויב איר ווילט — נוצלעך?

אזוי אין דער לופטן, אזוי ריין־טעאָרעטיש, אָן אָרט און צייט, נישט ווייסנדיק ווו און ווען, און אין דער באַציִונג צו וועמען — קאָן די פראגע געשטעלט ווערן נאָר אין א קלייזל פון „חקרנים" צוליב חקרענען זיך, דורך מענטשן, וואָס זענען יוצא מיט טראכטן און ווילן נישט, אָדער האָבן די האָפענונג נישט זייערע געדאנקען ווען עס איז א ו י ס צ ו פ י ר ן, צו פארקליידן זיי אין רעאלע לעבנס־פאָרמען...

און אפשר אזוי פרעגן:

קאָנסערוואטיזם און פּאָרטשריט, וואָס איז לעבנס־פעיקער?

פּרוווט אייך פּאָרשטעלן איינס אָן דעם צווייטן!

שטעלט אייך פאָר א ריין־קאָנסערוואטיווע ווירטשאפט, א ווירטשאפט אבסאָלוט אָן ענדערונגען.

„אַלץ אזוי ווי נעכטן און אייער־נעכטן!"

זאָל זיין דאָס פּאַרהייליקטע געזעץ; „ווי דער טאטע איז און ווי דער זיידע איז געווען", — די רעגל אָן אויסנאם און נישט איבערצושפּאַרן.

אַזאַ ווירטשאפט קאָן נישט עקזיסטירן .

זוכן די באווייזן אין דער צוקונפט איז שווער. דאָס, וואָס עקזיסטירט נאָך נישט, איז נאָר פּאָרשטעלונג, אָן זיכערע און פעסטע ליניען... דינען אין דער היגזיכט קאָן אונדז די פארגאנגענהייט, וואָס מיר קאָנען לעבעדיק מאכן און זיך פּאָרשטעלן, אַז זי וויל עקזיסטירן נאָך היינט:

איז איר עקזיסטענץ מעגלעך?

קען מען היינט נאָך באַנוצן א הילצערנעם אקער אָן דעם שאַרף פון אייזן? זייען פון זעקל אַרויס, שניידן מיט א שטיינערן מעסער, מאָלן מיט האנט־שטיינער?

איינגעשפּאַרטע מענטשן, וואָס ווילן נישט נאָכגעבן דער אַזוי־גערופענער צייט, וואָס ווילן זיך נישט אָפּזאָגן פון זייערע געוווינהייטן,

זענען געווען אויף יעדן אָרט, צו יעדער צייט, זענען זיי — אונטערגע־גאַנגען. —

א פוס־גייער וועט זיך מעסטן מיט רייטער. דער רייטער פירט, נישט די לאַסט פון וואָגן, דער וואָגן מיטן געשפּאַן מוז אָפּטרעטן דער באַן, די לעצטע וועט אָפּטרעטן דעם פאַר־ווערק אין דער לופט...

איר וועט שוין נישט ווינען אין היילן, נישט שווימען איבערן וואַ־סער אויף קלעצער, נישט פאַרדעקן די שאַנד מיט פייגנבלעטער. און פּרוווט, ווילט איר עס טאָן — וועט איר אונטערגיין...

דער קאָנסערוואַטיווער זאַץ איז אַלזאָ פאַלש.

פּרוווט דעם קעגנזאַץ:

שטעלט אייך פאָר אין געדאַנק א מענטש, וואָס שטרעבט שטענדיק און אומאויפהערלעך, אויף יעדן אָרט, צו יעדער צייט, אין נישט אָפּגע־שוואַכטן טעמפּאָ נאָר צום נייעם; וואָס האַלט אין איין ענדערן און טוישן — אָן אייביקע באַוועגונג אָן רו, א זייגער אָן אן אנקער, א באַן אָן סטאַ־ציאָנען, — א שטענדיק פאָרן.

דער מענטש וועט נישט זיצן, נישט שלאָפן, ער האַלט אין איין טוישן דאָס בעט מיטן מעבל.

ער ווינט נישט, זיין הויז ווערט קיינמאָל נישט געענדיקט. קוים דעם עקשטיין געלייגט, א נייער פּלאַן געבוירן, אַן אייביק בויען און קיינ־מאָל נישט צוגעפירט צום דאַך, שטענדיק אין דרויסן!

האָט דער מענטש א פעלד. קומט ער נישט צום אַקערן, דאָס גע־אַקערטע פאַרזייט ער נישט; דאָס פאַרזייטע ווערט נישט געשניטן — ער קומט נישט צו זיין ברויט! ער איז יוצא מיט טוישן די מכשירים!

אָדער ווילט איר, שטעלט אייך פאָר א מענטש, וואָס האָט נישט די קראַפט זיינע געדאַנקען צו באַהערשן, וואָס קאָן אַבסאָלוט נישט טוישן זיינע פאָרשטעלונגען. דאָס, וואָס איז איינמאָל אין זיינע געהירן אריין, בלייבט שוין שטעקן, ווי א נאָגל, אין א וואַנט אריינגעשלאָגן. ער רע־נירט איבערן גאַנצן געהירן, פילט און קלעפּט אויס מיט זיך אַלע קעמער־לעך, נישט איבערלאָזנדיק קיין שפּאַרע פאַר א נייער פאָרשטעלונג, פאַר א נייעם געדאַנק.

דער געדאַנק, דער קיינמאָל נישט געטוישטער, ווערט פאַרשטאַרט, פאַרשטיינערט, און אזוי אויך דער מענטש.

שטאַרזיניק, שטיינערן, אין אן אייביקער מעכאַניש־געוואָרענער גראַדליניקער באַוועגונג! און דער געדאַנק אליין לעבט אויך נישט לאַנג!

מען ברויכט אים נישט מער! עס באַוועגט שוין די אינערציע — די גע־וווינהייט אַליין! און איר האָט פאַר זיך אַ מענטש — אַן אויטאָמאַט, וואָס פאַרלירט דעם זין פון זיין אייגן טאָן, פון זיין אייגענער באַוועגונג.

און שטעלט אייך פאָר זיין קעגנזאַץ:

אַ מענטש אַ פלאַטער־קאָפּ. די אידעען, די געדאַנקען און פאָרשטעלונגען בייטן זיך אים אין געהירן, ווי די בליצן, קיינע פאַרהאַלט זיך קיין סעקונדע נישט. זיי טראָגן זיך דורך, ווי שטויבלעך אויפן ווינט. ד ע ר מענטש איז קיין ארבעט נישט פעיק. די פאָרשטעלונג, וואָס זאָל פאַר־פליישט ווערן אין אַן ארבעט, וואָל זאָל אויסגעפירט און פאַרקערפּערט ווערן, מוז ד ו י ע ר ן.

זאַץ און קעגנזאַץ — קאָנסערוואַטיזם און פאָרטשריט, וואָס איז לעבנס־פעיקער?

באַזונדער גענומען, זענען ביידע נישט לעבנס־פעיק. צוזאַמען, אין אייביקן קאַמף, זענען זיי דאָס לעבן, דער פּראָצעס, וואָס באַשאַפט דעם סינטעז, דעם הכתוב השלישי — דאָס נייע לעבן, וואָס ווערט ווייטער אַ פּסוק, באַקומט באַלד זיין קעגנזאַץ און טראָגנדיק ווערט דאָס לעבן מיט אַ נייעם סינטעז, און עס קומען נייע געבורט־ווייען, דער נייער קאַמף.

דאָס איז אין אַלגעמיינעם, ווי זעט אויס דער פּראָצעס ביי אונדז?

קוקט מען אויפן יידישן אייגנאַרטיקן לעבן נישט מיט פרעמדע אויגן, איז לייכט צו דערזען, אַז אונדזער פּראָצעס צווישן קאָנסערוואַטיוון געפיל און פאָרטשריטלעכן געדאַנק אונטערשיידט זיך פון דרויסנדיקן שוין מיט דעם, וואָס ער איז כמעט אַ ריין קולטורעלער.

די סאָציאַל־עקאָנאָמישע פּאָליטישע וועלט איז פאַר דער ווירקונג פון יידישן געדאַנק דערוויל געשלאָסן... ער גנבעט זיך אריין אין דער פרעמד, פּעקלט די גרענעץ מיט אַ פאַלשן פּאַספּאָרט, ווערט אריבערגע־טראָגן דורך אַפּטריניקעס און פאַרענדערט דאָס לעבן דורך אַנאָנימע ארבעט, מיט פרעמדע הענט —

אָבער אינעווייניק ווערט ער פאַרקערפּערט אין אַ גרינגער צאָל קהלשע קליינע אינטערעסן און דער עיקר אין רעליגיעזע פאָרמען און סימבאָלן.

דאָרט איז דער פּראָצעס אַ פאַרוויקלטער. עס גיסן אין אים אריין זייטיקע סאָציאַלע, פּאָליטישע־עקאָנאָמישע שטראָמען. שטיצט זיך די רעגירונג אויף דער קירך, שיצט דער גלויבן די רעגירונג, קעמפן ביידע פאַרן רייכן און וואָלהאַבנדן, אויף וועלכע זיי בויען, פון וועלכן זיי לעבן.

ווערט א דריי־בונד, פארפלאָנטן זיך די אינטערעסן, און ווער עס איז קעגן איינעם פון בונד, מוז באקעמפן אלע דריי.

אונדזער רעליגיאָן הערשט נישט; די „סינאַגאָגע" האָט נישט די מאכט צו באצווינגען; אירע דינער, דאָס כלי־קודש, איז דאָס אָרעמסטע, שוואכסטע און אונטערטעניקסטע פאָלק.

אויף זיי שטיצט זיך קיין פאָליטישע מאכט, קיין פראָדוקטיווע פאָרעם און זיי ווערן פון קיינעם נישט געשיצט, ווערט מיט קיינעם קיין יד־אחת נישט געמאכט.

אונטערדריקט פון פרעמדע און קיינעם נישט האָבנדיק הינטער זיך, מוז אויך דער קאָנסערוואטיווער ייד פארלאנגען פאָליטישע פרייהייט; און זיין רעליגיעז געפיל קאָן אבסאָלוט גאָרנישט האָבן קעגן אידעען, וואָס שטאמען פון שבת, שמיטה און יובל...

און אויב דער פרומער ברויט־געבער האָט לעצטנס גערופן דאָס ספר מיט זיין פארטייטשער צו הילף קעגן ארבעטער;

און אויב דער מינדער געבילדעטער יידישער ארבעטער האָט זיך אויפגעלייגט קעגן רעליגיעזע סימבאָלן און פאָרמען, פון וועלכע דאָס גע־בילדעטע באַלעבאַטישקייט האָט זיך נאָך נישט באפרייט — —

איז עס געווען נישט מער ווי אן אָפּקלאנג פון דרויסנדיקן לעבן, ווי א נאָכמאכעריי. און פון זעלבן סאָרט איז אויך די שרעק פון אונדזער פרעמע פאר קאטאָוויץ.

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

איך בין געשטאנען און רעכן ביזן לעצטן אָטעם־צוג צו שטיין אין די רייען פון פאָרשריטלעכן יידישן געדאנק...

און נישט שווער איז זיך קעגן קאָנסערוואטיוון געפיל צו באַוואָ־פענען; זייער לייכט אים צו שרייבן אן „אָבוויניטעלני אקט", אויסצורע־כענען א גרויסן „על־חטא" —

עס איז וואָר, אז דאָס קאָנסערוואטיווע היט אָפּט דאָס פאַס, אין וועלכן דער וויין איז שוין לאנג געפעלשט; גייט ארום אויף דער וואך ביי חורבות, אין וועלכע עס ברומט שוין לאנג נישט די פארוואָגלטע טויב — די שכינה!

עס איז וואָר, אז צוליב האַלטן דעם יידישן געדאנק אין קלויז, אָדער א פארשאָטענעם היימישן ווינקל, איז ער, אָן ליכט און לופט, קרענקלעך געוואָרן, דער יידישער געדאנק! און ער ציטערט פאר יעדן ליכטיקן שטראל!

ער, וואס איז באשאפן געווארן די ערד צו באצווינגען, דאס לעבן אויף איר צו באהערשן און ג ע ר ע כ ט צו מ א כ ן!

און געווארן איז ער, דער יידישער געדאנק, רוח־הקודש און שכינה פארן קרענקלעכן ווײלעלערנער אין קלויז... און האט זיך דערוויטערט פון פאלק, וואס לעבט און שטרעבט, און אפגערוקט פון המון און זיין נאס; אויף פרעמד בארא־ט אים געלאזט!

און נישט מינדער איז ווער, אז אדאנק דעם איינגעשפארטן קאנ־סערוואטיזם, אזוי מיתנגדישן, ווי דעם חסידישן, פארלירן מיר א האלב יידיש פאלק — די יידישע טאכטער, די יידישע פרוי, די יידישע מוטער...

און דאס איז די טראגעדיע, דאס דראמע און טראגי־קאמעדיע אין אלע יידישע הייזער, וואס גייען דעריבער צו גרונט...

אמת איז אויך, אז דאס בלינד־איינגעשפארטע שטויסט אפ די פעיקע יוגנט, אז מיר פארלירן זי דעריבער פון טאג צו טאג אלץ מער און מער! אז דאס פאטער־הויז ווערט פארן קינד א תפיסה, גאנץ אפט מיט צוכט־ארבעט אין קייטן! — און דאס לעבנס־פעיקע, ל ע ב נ ס־ד ו ר־ש ט י ק ע מ ו ז דעריבער גאנץ אפט אריבערשפרינגען די צוים, אדער שפאלטן דעם שוואכן, פון פאליציי און ארמיי נישט געהיטענעם טויער, און — אין הפקר אריין!

און נישט וויניקער איז אמת, אז אדאנק דער ארטאדאקסיע און איר בלינדער שטארקייט, זענען מיר הינטערשטעליק געבליבן אויך עקאָ־נאמיש.

אן בילדונג, נישט צוגעגרייט צום לעבן, נישט באוואפנט מיט טעכ־ניש וויסן, קענען מיר אין קאמף פון לעבן קיינעם נישט ביישטיין. איז פאר אונדזערע ארבעטס־הענט פארמאכט די מעכאנישע פאבריק; איז אונדזער געווערב — פושעריי; איז אונדזער קאפיטאל נישט פעיק צו באַ־שאפן אן ערנסטע אינדוסטריע...

דאס איז אלץ אמת.

און דאך!

דעם אמת מוז מען מודה זיין, ערלעך מוז מען שאצן — —

און דאך האט זיך ערשט נישט לאנג באנייט אין אונדזער לעבן אן ערשיינונג, וואס באווייזט זיך נאך יעדן באנקראט פון א פאלש־משיחישע פירמע; נאך יעדן קראך פון פרעמדע פילאזאפיען, נאך יעדן פארבליען פון נישט־צייטיקע האפענונגען —

און דאס גיט אונדז זייער פיל צו דענקען — — — — —

אָנגעהויבן האָט זי זיך מיט „קאַצניאַמער”. דאָס קליינע בראָשורע־לע האָט באַנקראָטירט. א טראָפּן געווען, אויסגעטרונקען און דעם דורשט נישט געשטילט. ווו נעמט מען וויסן?

חברשאַפט מיט אַלעם גוטן, מיט אַלעם פרייען און ריינעם, און שיינעם, איז דורכגעגאַנגען די קאַסע — אַן אָפּגעשניטן פעלד, א גאָל פעלד...

ליגט מען אין אָפּגרונט און איבערן אָפּגרונט איז פארשפרייט א חושך, דרינגט דעם חושך קיין איינציקער שטערן אין הימל נישט דורך...

דער שכל איז מחייב, די טעאָריע זאָגט: עס וועט צוריק קומען, עס וועט צוריק אויפלעבן... די ליפּן זאָגן עס, שטאַמלען עס, דאָס הארץ גלייבט נישט... און וועט עפּעס קומען, פילט עס שוין דאָס הארץ — פרעמד, ווייט פון אונדז...

עס וועט שוין נישט קומען מיט אויסגעשטרעקטע הענט:

— קום, ברודער, טאַנצן...

און נישט מיט גרייטע ליפּן צום ברידערלעכן קוש...

און א ווייטיק האָט אָנגעכאַפּט... און א צאַרן קעגן נייע חלומות... גיט צוריק די אַלטע... די גרויסע! גיט געטער!

און עס איז געוואָרן א משונה גאָט־זוכעניש, קינדער און יונגוואַרג זענען אַרומגעלאָפן זוכן א סנה, זוכן עפּעס א צייכן, אַ סימן פון יענער וועלט...

און א ליבשאַפט האָט זיך אויפגעכאַפּט, א פּלוצלינגע ליבשאַפט צו מיצוות ומעשים־טובים, א פארבענקעניש אהיים, צום סדר, צו דער קלויז, אַפילו צו דריידל און המן־טאַש...

און איז מען צוריקגעקומען און דאָס אַלץ געפונען נישט ווי מען האָט געטרוימט, נישט אַזוי הייליק און ריין, נישט אַזוי שיין און מענטש־לעך —

האָט זיך דער אינטעליגענט דערפילט שולדיק:

— כרמי שלי לא נטרתי!

און א קלאַפּ געטאָן אין הארץ אריין. דאָס האָט זיך אָפּגערופן... און עס איז געוואָרן א רייד וועגן רענעסאַנס, ווידער־געבורט, איז מען געקומען און געבעטלט ביים אַלטן ייד — א נ ד ב ה!

— אַלטער ייד, דו ביסט היטער אין דער היים געבליבן, דאָס היי־מישע, דעם היימישן אוצר געשיצט... עפן אים אויף, גיב אונדז פון דאָרט

ארויס א לעבעדיקן זאָמען, שענק פלאנצן, — מיר ווילן באשטעלן א יידיש פעלד, א יידישן גאָרטן און אונדזערע הענט זענען לער!

און עס האָט זיך אָנגעהויבן א לויפעניש אין שולן און בתי־מדרשים אריין, צום אלטן, צום קאָנסערווירטן, צום פרימיטיוון.

זוכט מען דאָרט מוסטערן פאר געוועב, האפט און שטיקעריי ביי אלטע פרוכתן... זוכט דער שניצער די יידישע ליניע אויף כתרים און ידן. דער בילדהויער — מאָטיוון פון צעבראָכענע מצבות אויף לאנג־פארגע־סענע בית־עלמינס... דערפרישט דער מוזיקער דאָס אלט־פרימיטיוו־פרומע וויג־ליד... גייט ער צוריק צום „ברכו”, דעם וויינענדיקן, און צום אלטן „נתנה־תוקף”... לויפט אָרום שטרוק אין בערלין און זוכט צום מאָלן אלט־יידישע קעפ, מיטן אלטן יידישן צער אויפן פנים, אין די אויגן... און דער דיכטער זוכט אויפלעבונג און דערפרישונג אינעם חסידישן און פרומען פאָלקסטימלעכן פרימיטיוו...

פארוואָס זוכן מיר נישט הילף ביי פילון אין אלכסנדריה של מצרים, — טרינקען מיר קיין וואסער נישט פון מיימאָנידעס־ברונען, פארוואָס ווענדן מיר זיך נישט צום דעסויער מענדעלזאָן?... פארוואָס גייט מען נישט אין קאָר־שיל אריין, פארוואָס זינגט מען נישט די לידער פון דער השכלה־צייט?

— — — — — — — — — — — — — — — — —

ווייל — און דאָס מוז מען איינמאָל פאר אלעמאָל מודה זיין, דאָס מוז איינמאָל פאר אלעמאָל קלאָר און אָפן געזאָגט ווערן, ווייל מיר זענען נאָר בליטן, העכסטנס אמאָל — פרוכט.

בליטן און פרוכט האָבן זייער צייט, זייער פרילינג און זייער זומער: גייט די צייט פארביי, פאלט מען פון בוים...

דאָס קאָנסערוואטיווע איז דער שטאָם, וואָס טרייבט צווייגן, בלע־טער און בליטן ארויס, ער איז עס, וואָס גיט די פרוכט! ער איז דערווייל דאָס באשטענדיקע, — דאָס אייביקע.

אומפרוכטבאר וויל'מיר נישט בלייבן; אונטערהאקן דעם שטאָם איז זעלבסטפארניכטונג...

און באוויזט זיך א י י ד י ש ־ ו ו א ל ד און וואקסן מיר — די ביימער אין אים... קומט פון צייט צו צייט די האַק...

ווייל די געשיכטע דעם וואלד באנייען, מוז זי פון דער וואלד־שול פלאנצן איבערטראָגן, גרוימער זעצן, פרייער און צעוואָרפענער פלאנצן...

אָבער — פון וואלד־שול קומען די ביימער!

וויל די געשיכטע דעם וואלד באנייען, מוז זי פון דער וואלד־שול פלאנצן איבערטראָגן, גרוימער זעצן, פרייער און צעוואָרפענער פלאנצן...
אָבער — פון וואלד־שול קומען דיביימער!
די וואלד־שול איז די אָרטאָדאָקסיע, דאָרט וואקסט מען ענג, אָן געניגנדן זאפט פון דער ערד, נישט רייך אין לופט און ליכט פון הייך. רייסט נישט פון צייט צו צייט אויס, צום איבערזעצן; פלאנצט נישט גרוי־מיק איבער, ווערט אלץ פארקריפלט און דערשטיקט, פארניכטעט די וואלד־שול, איז עס זעלבסטמאָרד...
געדענקט די האַק!
גלייכע, אידעאלע ליניען עקזיסטירן אין בוך, אין דער מאטעמא־טיק; דאָס לעבן קען נאָר געבראָכענע.
„יאָ" אָדער „ניין", אומבאדינגט און באשטימט ענטפערט מען אין קלייזל פון איבערטראכטער און גאָרנישט איבער־לעבער!
דאָס לעבן פארלאנגט אן ענטפער, אָפּהענטיק פון אָרט און צייט, און אין אָרט און צייט פארשיידן און אָפט אקעגנגעזעצט.
כל־זמן עס איז קיין יידישע פרייע קולטור נישט באשאפן...
כל־זמן באפרייען זיך איז ענלעך צום אָפּטריניק ווערן;
וועט זיין פארבונדן מיט פרעמדע קולטורן, מיטן פרעמדן בוך, מיט דער פרעמדער שול —
וועל'מיר אויף יעדן אָרט און אין יעדן מאָמענט שטרייטן מיטן קאָנסערוואטיזם, נישט וועלנדיק פארשטאַרט און פארטריקנט ווערן — און שטענדיק און איבעראל אים דאנקבאר זיין פאר זיין איינגעשפּארט־קייט ביים אָפּהיטן די יידישע ווערטן אינעם יידישן.
און מיר וועלן זאָגן און בעטן זיך:
— טרוקן איז אונדזער נשמה, גיב אונדז טוי פון דיין גלויבן...
לעכצנדיק איז אונדזער צונג, דערפרישט מיט א טראָפּן פון דיין געבענטשטן קידוש־בעכער!
איינגעהילט אין מרה־שחורה זענען מיר, גיב אונדז א טראָפּן פון דיין שבת־ און יום־טוב־פרייד...

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

זאַץ און קעגנזאַץ — ביידע באזונדער גענומען זענען נישט לעבנס־פעיק...
לעבן איז קאמף; לעבנס־פעיק איז דער סינטעז...

און זאָל ער געזונט און שטאַרק זיין, מוזן געזונט און שטאַרק זיין, אי זאָץ אי קעגנזאָץ!

און וויל זיך דאָס קאָנסערוואַטיווע זאַמלען און בויען —

— יישר כוח!

מיר ווילן שטאַרק זיין און קעמפן מיט שטאַרקע!

— — — — — — — — — — — — — — — — —

אָבער — די קאָנסערוואַטיווע פּאַרטיי עקזיסטירט נאָך נישט; זי זאָל ערשט באַשאַפן ווערן! פון עמבריאָן־אסיפות...

דערוויייל שווינדלט און גריבלט ביי אונדז מיט צעוואָרפענע, פּראָ־ווינציעלע, קליינשטעטלדיקע, קאָנסערוואַטיווע קליינע „יידישקייטלעך" פון „קלייזלעך" און „מנינים".

און יעדער „מנין" און יעדעס „קלייזל" האָט זיך ארומגעקרייזט, ארומגעגרענעצט; זי איז דאָס אמתע, עכטע יידישקייט! וואָס אויסער דער גרענעץ, איז נישט „עכט", נישט „גלאַט כשר"...

און יעדעס קלייזל און יעדער מנין האָט זיך, האַלט אויף און שפּייזט זיין גלי־ווערעמל, זיין גדול־הדור, וואָס פירט דאָס קליינע וועלטל מיטן כוח פון א מאָנאָפּאָל אויף פּאַרטייטשן גאָטס וואָרט, און קאָן זיין פּאַרטרעטער אויף דער זינדיקער ערד.

איז אַלץ אזוי שפּלדיק קליין, אזוי ווערמיק...

באַקומט איצט דער קאָנסערוואַטיווער ייד א גרויסן חלום...

באַקומט ער פּלוצלינג דעם פאַרלאַנג: אלע קליינע וואַסערלעך זאָלן זיך צוזאַמענגיסן און ווערן א ים. פון אלע מינינימלעך און קלייזלעך זאָל ווערן איין גרויסע וועלט־פּאַרטיי.

זאָגן מיר, די קענגער פון קאָנסערוואַטיוון געדאַנק: מה־טוב!

באַוווּנדערן מיר דעם קאָנסערוואַטיוון ייד, וואָס איז מיטאמאָל אויפגעוואַקסן, הויך געוואָרן.

ווייל די גרייס און די הייך פון מענטש און פּאַרטיי ווערט געמאָסטן מיט דער ווייטקייט פון זייער אונטערנעמען.

מיט דער לענג פון דער ליניע, וואָס פירט פון פאַרלאַנגען ביז אויספירן...

ווייל חלומות זענען פאַרגעפילן פון גרויסע אידעען... און גרויסע אידעען זוכן מיט מאַכט זייער פאַרקערפּערונג אין פאַקטן...

איז נאָר די פראַגע:

איז די אָרגאַניזאַציע מעגלעך און ווען?

ווען וועט זיך, אויפן אָרט פון קליינע גלי־ווערעמלעך, באַווייזן אַ ווירקלעכער גדול־הדור, אַ מין ריש־גלותא, וואָס זאָל זיך שטעלן אין איר שפּיץ און פירן?

אָבער פאַר איין זאַך מוז מען וואָרענען פאָרויס:

זאָל די קאָנסערוואַטיווע פּאַרטיי, ווי גרויס זי זאָל נישט ווערן, קיינמאָל נישט פאַרגעסן, אַז זי איז נאָר אַ פּאַרטיי אין יידישן פאָלק... אַז זי איז נאָר דער פּרט, נישט דער כּלל. דער זאַץ, נישט דער סינטעז. נאָר פּאַרטיי און נישט כּלל־ישראל...

זאָל זי קעגן כּלל־ישראל נישט זינדיקן, נישט מעסטן זיך און שטעלן זיך אויף זיין אָרט. זאָל זי נישט זאָגן: כּולו שלי...

דער מענטש באַשטייט פון גלידער; דאָס פאָלק — פון פּאַרטייען. דאָס איז די פּאַרטיילונג און ספּעציאַליזירונג פון דער אַרבעט. ווי דעם מענטש, וואָס איין גליד פון זיינע גלידער וויל זיך אים נישט אונטער־וואַרפן, וויל זיין אייגענעם ווילן האָבן, ציל ווערן און אַלע אַנדערע באַ־הערשן; און ווי דעם פאָלק, ווען עס טוט עס איינע פון זיינע פּאַרטייען, דערשטיקנדיק די אַנדערע...

און ביי אונדז איז עס אַזוי ליכטיק!

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

נאַציאָנאַלע פאָרמען זענען איבעראַל פאַרקערפּערט אין עקאָנאָמיש־פּאָליטישע אינסטיטוטן; אין לענדער און אין רעגירונגס־פאָרמען. דאָס פראַנצויזישע פאָלק, דאָס דייטשע פאָלק, הערט מען, זעט מען, עס לאָזט זיך ממש אָנטאַפּן, — גלויבט מען דערין. פילן זיך אַלע פּאַרטייען אַלס אַ טייל פון פאָלק. האָט יעדע איינצלנע פּאַרטיי אַ גרענעץ פאַר איר פאַר־לאַנג: די נאַציאָן!

קומט די נאַציאָן אין געפאַר, גיסן זיך אַלע פּאַרטייען צוזאַמען קעגן דעם אויסערלעכן פיינט; די געפאַר איז אַריבער, — צעפאַלן זיי צוריק, געראָטן אין שטרייט אַריין צווישן זיך, און עס ווערן נייע פראַנ־צויזישע אָדער דייטשע לעבנס־פאָרמען באַשאַפן...

אונדזער שכינה איז אין גלות; אונדזער פאָלק צעזייט און צע־שפּרייט. דאָס גאַנצקייט איז געשפּאָלטן, איבערגעריסן און צעבראָקלט. „יידישקייט” איז דערווייל נאָר געדאַנק, נאָר אידעע, — טראָפּנווייז זייערט עס זיך אַריין אין דער געצנדינערישער וועלט און זיגט לאַנגזאַם, זייער לאַנגזאַם, און ענדערט פרעמדע פאַרקערפּערונגען און אַליין ווערט עס נישט געזען, נישט געהערט, לאָזט עס זיך נישט אָנטאַפּן, — און מענטשן

זענען אלץ נאָך געצנדינער, ווילן אפילו זייערע געטער הערן, זען און אָנ־טאפּן... און גלייבן נאָר אין „געדאנקען", וואָס זענען שוין פארקערפּערט און טויט געוואָרן, פארלייקענען דעם שעפערישן געדאנק, ווען ער קעמפט פאר זיין פארקערפּערונג...

ווערט דער יידישער נאציאָנאַלער געדאנק פארלייקנט.

גיט זיך דער אסימילאַטאָר אונטער דעם פאָלק, וואָס זיין נאציאָנאַלע אידעע האָט געפונען איר פארקערפּערונג...

און דער פּאָליטישער ציוניסט זוכט א היים פאר די, „וואָס ווילן נישט אָדער קענען זיך נישט אסימילירן". —

דאָס, וואָס ווערט נישט געזען און אָנגעטאפּט, לאָזט זיך שניידן...

ווי קען מען שטרייטן פאר כלל ישראל?

און דאָס זעלבע טוט דער פּראָלעטאריער.

דער דייטשער, פראנצויזישער פּראָלעטאריער פארלאנגט דאָס, וואָס דייטשע, פראנצויזישע אינדוסטריע קען און וויל אים נישט געבן. די גרענעץ איז די נאציאָנאַלע מעגלעכקייט; אונדזערע שפּרינגט גאנץ אָפט אין הפקר אריין...

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

און אין דעם באשטייט אונדזער אנארכיע.

דער פּרט שטעלט זיך אויפן אָרט פון נישט געזעענעם, נישט אָנ־געטאפּטן כלל... דאָל גליד אין אָרגאניזם וויל אים באהערשן און ציל ווערן!

און וויל מען דעם כלל־ישראל פארקערפּערן אין יידישע קאָנגרעסן, וואָס זאָלן ארויספירן דעם סינטעז פון אלע יידישע ליידן, האָפענונגען, אידעען און אינטערעסן, שטעלט זיך דער חכם פון קלויז און פרעגט:

— נאָך וואָס? צו וואָס? וואָס פאר א אינטערעסן וועלן באשטריטן ווערן?

איי, אינטערעסן זענען פאראן גרויסע, די קעפּ אָבער זענען פאר זיי צו קליין; די הערצער צו ענג...

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

זאָלן אָבער אונדזערע פארטייען וואקסן, ווערן אידישע וועלט־פּאר־טייען, וועט זיך אויך זייער סינטעז געפינען און פארקערפּערן, וועל'מיר האָבן אַלגעמיינע יידישע קאָנגרעסן. —

און דעמאָלט —

וועט זיך יעדער פּרט אונטערוואַרפן דעם כלל. —

———

# פרט וכלל


י באַציונג צווישן פּרט וכלל, דעם איינצלנעם און דער נאַציאָן, איז ביי אונדז אַ גאַנץ אַנדערע, אַ גאַנץ פאַרקערטע, ווי ביי אַנדערע פעלקער.

דאָס איז אויך איינע פון די פאָרמען, אין וועלכע עס גיסט זיך אויס אונדזער נאַציאָנאַלע טראַגעדיע.

די טראַגעדיע פון אַ נאַציאָן, וואָס האָט אירע אידעאַלן נאָך נישט אויסגעלעבט און קען פון סצענע נישט אַראָפּ, און האָט נישט די פיזישע קראַפט די אידעאַלן אין לעבן אויסצופירן, און מוז זיצן מיט פאַרלייגטע הענט ביים ים, און וואַרטן אויף זונען־שיין...

די טראַגעדיע פון אַ פאָלק מיט אַ מאַקסימום פון מענטשלעכע אידעאַלן, ביי דעם מינימום פון מאַכט, זיי צו פאַרקערפערן! וואָס מוז וואַרטן אויף פרעמדע הענט און לעבט „דערוויילי״ (איר קענט דאָס שפּאָר שטיק אייביקייט!) צווישן הערש־ און אייפערזיכטיקע מערהייטן פון אַנדערע פעלקער...

איז אונדזער כלל, וואָס אידעאַלן אַנבאַלאַנגט, דער העכסטער. זענען אָבער די אידעאַלן — נביאישע חלומות, נאַקעטע נשמות, אָן פליש, ביינער און בלוט. איז דער זאָמען פון די אידעען אין דער ערד נישט געפלאַנצט, אַלץ נאָך דער שפּיל פון די לייכטסטע ווינטלעך אונטערן הימל.

און דער פּרט?

דער פּרט, דער איינצלנער ייד, מוז, נישט טעאָרעטיש, נאָר פּאַקטיש און פּראַקטיש לעבן! ווירקן, אום דאָס לעבן צו דערהאַלטן אין דער פרעמדער, און ווער ווייסט ווי לאַנג נאָך אין פרעמדער סביבה! בויט ער אין באַשטענדיקן גלות־מיצריים פּיתום ורעמסס פאַר פּרעה, קלייבט אַליין דאָס שטרוי און זיפצט: אולי ירחם...

לעבט מען אין קנעכטשאַפט.

מאַכט די קנעכטשאַפט נידעריק... רייסט זיך אין פליש, אין בלוט און אין דער נשמה אַריין...

אזוי די, וואָס מישן זיך מיט די כלים א ו י ב ן , אזוי די, וואָס טוען עס א ו נ ט ן . . .

ביי אונדז איז דער פּרט נידעריקער פאַרן כלל. אומענדלעך נידע־ריקער. ביי אנדערע — פאַרקערט!

איבעראַל איז דער פּרט העכער, בעסער, מאָראַלישער פאַרן כלל...

דאָס איינצל־לעבן פאַלט אונטער דער געזעלשאַפטלעכער מיינונג, דער אויפזיכט פון פּאָליציי און געריכט; נאָרמירט זיך לויט אלגעמיינע נאַ־ציאָנאַלע, קלאַסישע אָדער באַרופס־נאָרמען פון מאָראַל... פעלקער אָבער און שטאַמען באַוועגן זיך פריי! האָבן איבער זיך קיין אויפזיכט פון קיין אויבערהאַר! דייטשלאַנד האָט מורא פאַר גאָט. אָבער גאָט ווערט צוגעש־ניצט לויט די דייטשע אינטערעסן. ער ווערט פאַרהיימישט, וווינט רואיק און שטיל אין דער נאַציאָנאַלער קירכע...

פעלקער אין דער יוגנט זענען נאָך ראָמאַנטיש! ריידן וועגן מענטש־לעכקייט און מענטשלעכער גערעכטיקייט, פון מענטשלעכער קולטור! ע ל ־ ט ע ר און פּ ר א ק ט י ש ע ר געוואָרן. דער ערשטער, וואָס האָט דעם דורכזיכטיקן שלייער, וואָס האָט נאָר פאַר גאַנץ קורצזיכטיקע אויגן פאַר־שטעלט דאָס אמתע פּנים — אראָפּגעריסן, איז געווען — ביסמאַרק. דער זשעני פון ניינצנטן יאָרהונדערט.

ער האָט זיין ר ע כ ט ע אויפן אייזן געלייגט און געזאָגט: דאָס איז מיין ר ע כ ט !

פעלקער־רעכט איז — זייער פיזישע מאַכט, די פויסט. דער קריג ווערט פאַראיידלט, דער רויב ווערט פּאַטריאָטיש... און צווישן איין איידעלן און פּאַטריאָטישן אקט און צווייטן, באַקומט דאָס פּובליקום ליכט, און הינטער די קוליסן ווערט געפירט שווינדל — געטריבן פּאָליטיק!

ווי אומענדלעך אומשולדיק זעט קעגן דעם אויס דער איינצלנער „בירגער", ווי ריין און מאָראַליש זיין פּריוואַט לעבן!

שליסט אויס די פאַרברעכערישע נאַטור — דאָס אומגליק, וואָס בויגט זיך און ברעכט זיך אונטער דער לאַסט פון א פאַרברעכערישער ירושה...

שליסט אויס דעם צו געהויבענעם, דעם נאָך אלץ איבער געזעלשאַפט און נאָרמע געשטעלטן מאַגנאַט, וואָס האָט זיך איבערגעלעבט און וויל מיט געוואַלד איבערלעבן זיין פיזישן און מאָראַלישן אונטערגאַנג...

שליסט נאָך אויס דעם, וואָס די געזעלשאַפט אַליין האָט צוליב אירע פאַרשטאַרטע נאָרמען, דערנידעריקט, אראָפּגעלאָזט, געשליידערט א ו נ ־ ט ע ר ז י ך , אין אָפּגרונט אריין פון פינצטערקייט און פאַרברעכן, —

שליסט דאָס אַלץ אויס, וועט איר באַקומען דעם דורכשניטלעך־מאָ־ראַלישן בירגער! וואָס זיין ערע איז — זיין וואָרט צו האַלטן, ערלעכע מאָס און וואָג! זיין אידעאַל — אַן ערלעך, און שטיל לעבן...

פאַרברעכעריש וועט ער ווערן, די אינסטינקטן פון שווינדל און בלוט־גיר וועלן זיך אין אים וועקן ערשט דאַן, ווען איר וועט אים קינסטלעך הייבן איבער, אָדער אָן באַרמהאַרציקייט שליידערן אַרונטער אונטער דער געזעלשאַפט און אירע נאָרמען, אָדער ווען איר וועט אים פון דער געזעלשאַפט דערווייטערן און שיקן אַלס קולטור־טרעגער צו פרעמדע, אַלץ איינס געלע צי שוואַרצע ראַסן, אָדער —

ווען איר וועט אים מאַכן פאַר שליח־ציבור, שיקן אונטער־האַנדלען מיט אַנדערע — פעלקער!

אַ׳זיסט — אַ שטילע שאָף, מיט זיין פוסט שטיל לעבן, מיט זיין ליב־שאַפט, זיין היים, זיין ביסל וויסן און ביסל קונסט. דינט ער געטריי זיין פאָלק, זיין נאַציאָן!

ווי זעט עס אויס ביי אונדז?

דאָס טרויעריקע בילד — שפּעטער.

# עישוז שפילט

„וואָס מיר זענען, זענען מיר, אָבער"...
אָבער צו וואָס זענען מיר געגליכן?
„געגליכן צו שטערן, געגליכן צו זאמד"...

מיר, זאָגט מען, לייכטן דער וועלט ווי שטערן און זענען אזוי צע־שפּרייט און צעזייט ווי שטערן; איין שטערן טרעפט דעם אנדערן נישט; י ח י ד י ם לייכטן... ווי גרוים עס זאָל נישט זיין די צאָל...

און מיר זענען אויך ווי זאמד, ווי זאמד ביים ברעג פון ים; טרוקן, צענויפגעדריקט, אומפרוכטבאר און — ג ע ט ר אָ ט ן . . .

מיר זענען אויך גליך צו איילבערטן! וויל מען בוימאייל מוז מען זיי פּ ר ע ס ן ; וואָס מער געפּרעסט, מער בוימאייל...

און נאָך אַן אלטע גמרא: בני ישראל נמשלו לדגים... מיר זענען אויך געגליכן צו פיש, „וואָס זייער פארזאמלונג, איז זייער שחיטה!" נישט אומ־זיסט ציטערן אומעטום די איינגעזעסענע „יאהודים", צו וועלכע מען האָט זיך צוגעווינט, פאר א נייעם שטראָם פון ברידער־איינוווינער, זיי וויסן: דער גוישער מאָגן קען פיל נישט פארדייען...

„פּן ירבה" — די אייביקע שרעק פון אלע פּרעהס, פון יעדן מצרים...

נישט אומזיסט זע'מיר אויך געגליכן צום זאלץ פון דער ערד. מיר געבן איר דעם געשמאַק... אָן אונדז זענען די פון ערד געקנעטעטנע פעלקער נישט צו נעמען אין מויל אריין; אָבער פארזאלצן וויל קיינער נישט ווערן...

מיר זענען נישט אומזיסט אויך זויער־טייג...

ליגן זיך די פעלקער רואיס, יעדעס אין זיין מולטער, און מיר ווערן צוביסלעך צוגעגעבן, עס זאָל יערן, עס זאָל וואקסן. וויל מען נישט צופיל; זאָל דאָס טייג נישט פון מולטער ארויס!

און געגליכן, מאָדערן גערעדט, זענען מיר אויך און אפשר מער פאר אלץ — צו נאַקעטע נשמות: הוילע געדאנקען, לופטיקע אידייען, לויטער גייסט — אידעאלן!

והידים, און די הענט, וואָס א ר ב ע ט ן, וואָס פּ א ר ק ע ר־

פערן די געדאנקען, פארפלײשן די אידייען, וואס פארווירק־לעכן די אידעאלן — ידי עישוו! אונדז לאזט מען צום ווארשטאט נישט צו!

דרייען מיר זיך שטענדיק ארום צווישן פרעמדע קולטורן — דרייען מיר זיך ארום, פרעמדע, פארגעסענע, נאקעט און בלויזע, און בעטלען — קולטור!

מצרים האט א קורצן זיכרון. יוסף ווערט פארגעסן און די שפייכלער, וואס ער האט אנגעפילט אויף הונגער־יארן, ווערן פאר אונדז פארמאכט. און אויך פתום ורעמסס — מצרים־לײם און אונדזער שוויים און בלוט איז — עגיפטישע קולטור!

האבן מיר קיינמאל קיין אײגנס... קויפט מען ביי אבימלכס קנעכט וואסער פון די ברונען, וואס א יצחק האט געגראבן, און קויף איך צוריק אפ ביים גראמילא מיין אייגן העמד צום לייב, בין איך געגליכן צום בלוט־איגל, צו דער פיאווקע, וואס לעבט אויפן פרעמדן חשבון, זויגט פרעמד בלוט...

און ווערט דער „פן ירבה" גרעסער, ווערן מיר אין מויל פון בעסטן זון פוילנס: שטשורעס... ווערן מיר אויך געגליכן צו ווערעם... וויל ער בע־סער אנדערע פעלקער — חיות רעות זאלן זיין פאלק צערייסן, איידער מיר, די ווערעם...

און אמאל דאכט זיך:

גאט, דער באשאפער פון דער וועלט, האט זיך אמאל אומגעקוקט און דערזען: קיין מענטש נישטא דא, נאר פעלקער, און פארהאלצט ווערן די פעלקער און גראבן זיך איין אין דער ערד און שאנצן זיך ארום, און ווערן פארגליווערט און פארשטיינערט, און עס קאן נישט גע־בוירן ווערן דער מענטש, דער פרייער מענטש, וואס דארף פארפולן די ערד, זי באהערשן און באצווינגען און מענטשלעך בויען... האט ער, אין זיין גערעכטן צארן, דעם הארטסטן בוים, דעם צעדער פון לבנון אויסגעריסן, געשפאלטן, פון אים קלינעס געמאכט, און אין יעדן פאר־האלצטן פאלק, אין יעדן פארגליווערטן קלאץ א קלין ארייננעזעצט...

מיר זענען די קלינעס אין די פרעמדע קלעצער. א בענקעניש, א הארץ־רייסעניש צום לבנון צוריק, און די זייטן פון פרעמדן קלאץ דריקן: ארויס! ארויס! און דער האמער פון דער הויך קלאפט: אראפ! אריין! וואס טיפער! און שפאלט!

סאלאן־מעסיק, מאדערן:

מיר זענען געגליכן צו קלאָווישן...

האָט זיך דער באַשעפער זיין פּיאַנאָ געהאַט — זיין פאָלק ישראל, וואָס האָט פון זיין האַנט באַרירט, זיין לויב געשפּילט!

געפעלשט האָט איינמאָל די פּיאַנאָ...

אל קנא — האָט ער מיטן דונער די פּיאַנאָ צעשמעטערט; דער קאַסטן — צעשפּרונגען, די קלאָווישן צעשפּרייט און צעזייט...

ליגן זיי איבעראַל אין גלות־שטויב, אין גלות־מיסט, פאַרשטומטע, פאַרגליווערטע, אָן אַ קלאַנג...

און דאָך — ווערט אַ קלאָוויש געדריקט פון אַ פרעמדער האַנט, וועקט ער זיך און גיט זיי טאָן, זיין איכה, און קינות־טאָן, זיין אויסרוף פון בענק־שאַפט און שמערץ...

און אַ וואונדער: ווי פון כישוף געוועקט, כאַפּן זיך אַלע צעשפּרייטע און צעזייטע קלאָווישן אויף און ציטערן און לאָזן זייערע איכה־און קינות־טענער אַרויס און עס הערט זיך דער קלאַנג איבער גאַנץ מצרים...

נישט געגלעט ווערט דער קלאָוויש, נאָר געדריקט...

והידים — די הענט וואָס רירן זיך צו — ידי עשו...

עשו שפּילט!

# גם זו לטובה



יך גיי פרי שלאָפן, — איך אנטלויף פון די אונט־גאסן, וואָס זענען פול מיט פארפוס און שווייס, — און שטיי פרי אויף, און לויף אין גאָרטן אריין פרי, דעם פרילינג צו געניסן, דעם יום־טוב, דעם יום־טוב פאר אלע —

טרינקען לייט מינעראל־וואסער...

אן אָפגעלעגענע אלייע. די ביימער — צעגרינט און צעבליט, און פריש באַגאָסן. ווי די פריש־געצוואָגענע כלה־מיידלעך וואָלט מענדעלע געזאָגט. שרעקיקע טרערן־טראָפן הענגען און ציטערן אויף די לאנגע בלעטער־ברעמען... א ווינטל וועקט זיך פליט דורך, גיט, אינעם דורכפליען, א גלעט... אין געוויסע יאָרן — דער איינציק... נאטירלעכער.

אויף פלאט־פוס־בלעכלעך, דאָך שפּאצירט זיך לייכט. דער יום־טוב טראָגט, דער ווירקלעך גרינער יום־טוב. די פיס פארגעסן זיך און ווילן אונטערטאנצן.

שטיל. אויך אין דער הויך. אין מיט שטאָט, נעסט צווישן בלעטער. אויף צווייגן קיין פויגל נישט. דאָס הארץ זינגט. עס פארגעסט אויך, וויפל דער זייגער איז, און צעזינגט זיך...

פארבלאָנדזשעט אין דער אלייע אריין א וואסער־טרינקען...

א באקאנטער.

א געל פּנים — א שלעכטער מאָגן.. אין דער האנט א גלאָז, אין גלאָז א רערל; ביטער־וואסער טרינקט ער.

ער דערזעט מיך און כאפּט מיך אָן ביים אקסל, דערנאָך ביים לאץ, און צעלאכט זיך. די קליינע אייגעלעך פינטלען, דאָס געל פּנימל שיינט, דאָס בייכל ציטערט, דאָס רערל אין גלעזל קלינגט, און די אָפּגעבלאקירטע ליפּן:

— כי־כי־כי! און כי־כי־כי!

די צייטונגס־סקאנדאלן מיינט ער.

— עפּעס — זאָגט ער — איז צו שאנדע געוואָרן אין אייער דעניש קעניגרייך. צעשרויפט זיך די זיבעטע מאַכט. די מאשין שרייט! קנאַקט!

און ער רעכנט מיר אויס דעם על־חטא פון דער ליטעראַרישער צייטונגס־וועלט:

— צוויי שוועסטער — צוויי לאָדזער צייטונגען... כי־כי־כי! צוויי מארק־יידענעם ביי פייער טעפּ! שרייען זיך איינער דער אנדערער דעם אמת אין אויער אריין, קהל זאָל הערן.. און לאָדז קייכט!

— לאָדז! וויל איך מבטל זיין.

און דאָ איז בעסער? די היגע דערציער פון פאָלק — פיינער? מיט א בעסער באַנעמען?

און ער זאָגט מיר נאָך די סטאַטיסטיק פון „הזמן" וועגן א צייטונגס־ארטיקל.

א רעליגיעזער פילאָזאָף און — 88 מאָל גנב, נישט, חלילה, זילבערנע לעפל... געדאנקען; שטיקער גאנצע פון צייטונגען און ביכער געשלעפּט... 60 מאָל „עם־הארץ"... שתי פעמים ח"י...

ער פארפלייצט מיך מיט ציפערן...

וויל איך אים איבערהאַקן:

— פאראַן דאָך.

ער ווייסט! און לאָזט מיך צום וואָרט נישט קומען.

— פאראַן ערנסטע און ערלעכע. א גאנץ קלייזל אזוינס... כי־כי־כי!

— זיצט דאָס קלייזל — כי־כי־כי! און גענעצט; און דער עולם ארום קלייזל — גענעצט... מיילער אָפענע, ווי ביי געפאַנגענע שלייען... רוקט זיך דער עולם ביסלעכווייז אָפּ עס ווילט זיך נישט גענעצן... די באקן קאָנען ארויס פון די געלענקען... וויל דאָס קלייזל דעם עולם פארהאַלטן. קלערט מען: ווי מאַכט מען זיך אינטערעסאנט? מיט אינטערעסאנטע אידייען? ווו נעמט מען זיי? א טרוקן יאָר, א שלעכט גערעטעניש... כאָטש לאכנדיק מאַכן... אָבער ווי אזוי? קלערט מען ווייטער. קלערט מען: ווען גיט מען היינט א שנעל אין נאָז? ווער לויפט, מען זאָל אים אונטערשטעלן א פוס און — אין בלאָטע אריין?! און מען קוקט זיך אום, אפשר דרעמלט ווער, וועט מען אים מאַכן א פאָנפע! ווער האָט זיך פון חברה אָפּגעווענדט, אפשר קאָן מען אים עפּעס אָנהענגען אויף די אקסל?

און געפינט מען נישט, ווערט מען בייז, ווערט מען גאַליק. קריצט דאָס קלייזל מיט די ציין. קלערט מען ווייטער, שווין מיט די ציין קריצנדיק: ווען געבן א שטאָך, אין א ריפּ? אָדער א ביס? ווען אָפּרייסן כאָטש א

שטיק פּאָלע? אויף וועמען כאָטש א ביל טון? מאכן: וואר,וואר! זאָל מען מיינען...

איך וויל נאָכקלערן וועמען ער מיינט; ער לאָזט נישט קלערן: —

— כי־כי־כי! א פּראָצעס וועט זיין, אן אינטערעסאנטער פּראָצעס! דער רעליגיעזער פילאָזאָף האָט באַליידיקט דעם טעאַטער קריטיקער... ד ע ר מוז זיך פארטיידיקן... זיין ערע באשיצן: מיט ווערטער — אומעגלעך. דער רעליגיעזער פילאָזאָף האָט אלע ניין מאָס רייד און א גרויס טייל פון דער צענטער... און אין די אויערן — וואטע, רעליגיעז־פילאָזאָפישע, פעסטע: וואָס נעמט אים אָן, אז יענער רעדט? נישט ער, נישט זיין עולם הערט. מוז ער קלאָגן אין געריכט. וועט זיין א סצענע. א באַליע וועט מען אויפשטעלן אין זאל, א גרויסע. און זיי ביידע וועלן צוטרעטן, און איינער וועט וואשן בריש גליה דעם צווייטנס שמוציקע וועש... כי־כי־כי! כי־כי־כי!

דאָס געלעכטער האקט זיך דאָך אָפּ. איבערן געלן פּנים ציט זיך אן אומזיכערער שאָטן.

— און אפשר וועט נ י ש ט זיין אינטערעסאנט... ער וועט זיין א קלוגער. נישט איינגעבן וועגן א שקר־בילבול, יענער זאָל נישט פּרווון אויסווייזן, אז ער האָט געזאָגט אמת... נאָר גלאט: טי מעניא רוגאל! און זיין באַליידיקט! יאָ אמת, נישט אמת, דו האלט ס'מויל! און האָסטו נישט געהאלטן, גיי מעלק די קאָזע...

צו מיין גליק, האָט זיך מיין מינעראל־וואסער־טרינקער דערמאָנט, אז עס איז צייט צום צווייטן גלאָז ביטער־וואסער.

ברוך שפטרני!

אָפּגייענדיק, דרייט ער זיך דאָך נאָך איינמאָל איבער און שרייט מיר צו:

איר פארלירט דעם כבוד און אייער וואָרט דעם קרעדיט! אדיע!

— — — — — — — — — — — — — — — — —

איך טראָג מיך אָפּ אין א נאָך שטילער ווינקעלע, אין א נאָך ראָמאנטישערן: פונוווייטן וויגט זיך א שטיק וואסער־גלאנץ... ווייסע שוואנען־פלעקן ציטערן... אין דער הויך — א שטיק הימל. צעריסענע וואָלקנדלעך, ווי שטיקער וואטע.

און איך זעץ מיך אויף א באנק און טראכט:

— גם זו לטובה!

זאָל מען פארשפּילן דעם כבוד, פארלירן דעם קרעדיט!

ביידע זענען שעדלעך!

שרייבער האָט מען ביז אהער באהאנדלט, ווי מען פלעגט באהאנדלען פרויען — נישט מענטשלעך.

העכסט ראָמאנטיש: אָדער שדים, אָדער מלאכים! נישט — מענטשן! ראָמאנטיש:

מיט קיין מענטשלעכער מאָס נישט געמאָסטן, נישט געפּרובט פארשטיין; געליקנט אָדער געגלויבט!

מען האָט צו פרויען און שרייבער קיין מענטשלעכע באציאונג נישט געהאט. אויף יענער זייט פון גוטס און שלעכטס געשטעלט. ווי דעם אקטיאָר ווי דעם טענאָר... קיין ערנסטע באציאונג; אָבער פון צייט צו צייט געפאַלן איבערן האלדז! אָן לעבנס־באציאונג, געפּיפן אָדער בראַוואָ!

און דאָס געדרוקטע וואָרט האָט מען פארהייליקט. פארגעסן, אז עס איז שוין נישט דאָס געשריבענע, פון סופר נאָך טבילות געשריבן! אז עס איז פון סטערעאָטיפּ אראָפּ, סחורה געדרוקטע!

פאראן אין מארק דאָס געזאָגטע וואָרט, האָט מען אויפגעהערט אים צו גלויבן, קליגער געוואָרן; פאראן ליגנער, און מען לייגט צוליב כבוד, צוליב ברויט, צוליב אנדערע אינטערעסן. האָט מען זיך פון געזאָגטן וואָרט באפרייט. קעגן געזאָגטן וואָרט קריטיש געוואָרן. עס העלפט קיין שבועה נישט, קיין ערן־וואָרט!

דאָס זעלבע מוז געשען מיטן געדרוקטן וואָרט. עס איז סחורה, און סחורה קאָן זיין גוטע און קאָן זיין שלעכטע...

שרייבן איז די קונסט שיין צו מאכן, און שיין קאָן געמאכט ווערן די עבירה, ווי די מיצווה... שרייבן איז די קונסט, זיך אין פרעמדן הארצן ארייגצושלייכן, אָבער אזוי מיט א שלעכטן, ווי מיט א גוטן מיין... שיין איז די פאָרעם, די זאַך אליין קאָן זיין נישט־וואָר און זינדיק, ווי ריין און וואָר...

זאָל פּלאַצן דער קרעדיט פון געדרוקטן וואָרט מיטן כבוד פון שרייבער און — זאָל מען אונדז באהאנדלען מענטשלעך!...

גם זו לטובה!

וואָס מער — סקאנדאלן.

———

# פ ו ר י ם

אָבן מיר אלערליי ימים־טובים.

גוטע יאָרן — וויניק; גוטע טעג — נאָך פאַראַן!

האָבן מיר פאַרשיידענע גוטע טעג:

האָבן מיר פסח — זכר ליציאת מצרים!

דער יום־טוב פון באַפרייאונג!

קנעכט האָבן פאַרשטרייקט!

קנעכט האָבן זיך אויפגעהויבן, פאַרלאָזט דעם פלייש־טאָפּ מיט דער בייטש צוזאמען און געלאָזט זיך אין סטעפּ, אין מידבר אריין; פריי ווערן; א פאָלק ווערן, א לאַנד בויען!

האָבן מיר שבועות — זמן מתן תורתנו!

שטאָלצירן מיר דאָך נאָך היינט מיט איר; ווערט זי דאָך נאָך היינט פון שווארצן געוויסן אייראָפּעס באַזידלט און באַשמוצט; נישט אומזיסט האָט דאָס מאָראַלישע פאַרזעעניש דעם ערלעכן שפּיגל פיינט!

לעבן מיר דאָך אין א צייט פון קריג, פּרוווט, גיט די באַלקאַנישע פעלקער, ביי גאַנץ אייראָפּע, וואָס מישט זיך אין קריג אריין, דאָס געזעץ פון קריג:

„באַלאַגערסטו א שטאָט, די ביימער ארום האַק נישט אויס; זיי זענען דאָך קיין מענטשן, זיי זאָלן קאָנען אנטלויפן פאַר דיר!"

— — — — — — — — — — — — — — — — —

דאָס געזעץ ווערט געגעבן אין מידבר, אין דער צייט פון „ויסעו — ויחנו", אויפן וועג פון קנעכטשאַפט צו פרייהייט, פון גושן צו פּאַלעסטינע.

נאָך דאָס לאַנד נישט באַקומען, און א „סאָציאַל־שטאַט" אין געדאַנק שוין געבויט...

נאָך אין סטעפּ, נאָך אין ביידלעך געוווינט, און די מענטשלעכסטע אידעאַלן געשאַפן, געווייגערט זיך נאָר צווישן „אפס, כי לא יהיה בך אביון" און „כי לא יחדל אביון מקרב הארץ!"

פייערן מיר דיביידלעך...

איז אונדז ליב אונדזער אָרעמע, פארוואָרפענע סוכה; נעמען מיר אין איר אויף אונדזער אושפּיזין, די ליבע געסט פון דער ווייטער, ליבסטער פאַרגאַנגענהייט!

קומט נאָר א ש פּ ע ט ע ר ע ר און דעריבער שוין א ה א ל ב ע ר יום־טוב...

חנוכה!

דאָס פאָלק געפאַלן, פאַרלאָשן, צו אש געוואָרן!

נאָר אינעם הויפן אש איז א פונק געבליבן; איז ער, ביי דער טיפער נאַציאָנאַלער באַליידיקונג, אויפגעפאָכט געוואָרן, האָט ער אויפגעפלאַמט, איז „בית יעקב" געוואָרן פייער און יון — שטרוי! און — — — —

— א קליינע אָרעמע אילומינאַציע פאַרן אלטן, גרויסן, וווּנדערלעכן זיג!

קומט אָבער נאָך צו —

פּורים!

דער יום־טוב פון — „זאָגן" און „נישט זאָגן"!

אנישט וואָלט דער נס נישט געשען:

דער גורל איז אָפּהענגיק פון אחשוורוש... און — —

וואָלט מרדכי נ י ש ט אויסגעזאָגט, וואָלט ער אחשוורושעם קלייד נישט געטראָגן, אויף זיין פערד נישט געריטן!

וואָלט אסתר י אָ א ו י ס ג ע ז אָ ג ט, וואָלט אסתר זיך און איר שטאם נישט פאַרלייקנט, וואָלט זי קיינמאָל קיין קרוין אויף איר קאָפּ נישט געהאַט, וואָלטן אחשוורוש און המן אין איר געצעלט קיין וויין נישט געטרונקען...

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

און דאָס טרויעריקע איז: אַלע ימים טובים, זאָגט מען, וועלן בטל ווערן, נאָר איין פּורים וועט בלייבן!

דער יום־טוב פון „אויסזאָגן" און „פאַרשווייגן"!

און צום זיכרון:

דער יום־טוב פון מאַסקן און פּורים שפּילער...

איז עס אין בלוט אריין!

אויף „אויסזאָגן" שטייט זייער פּיל! דורך אויסזאָגן פאַלט זייער פיל: פאָרט אייך אביסל איבער אין תפוצות ישראל...

און דאָס „נישט אויסזאָגן", דאָס פארלייקענען?

פאראַן אין א גרויסער יידישער שטאָט א שולע, א יידישע שולע פאר מיידלעך, די מאמעס טראָגן נאָך שייטלען, די טאטעס — שטריימלעך מיט אטלעסענע קאפאָטעס... קיין איינציק קריסטלעך מיידל. קומט אין דער שולע אריין א יידישער לערער און פרעגט:

— ווער קען יידיש?... ווער קען אלף־בית?!

אלע שווייגן!

„אין אסתר מגדת"!

דאָס פארלייקענען איז אין בלוט אריין!

---

# צ י ו נ י ז ם



ריוו און מאמרים ווי האָלץ... פון פארשיידענע דאטן, פון גאנץ תפוצות ישראל, נאָר די פאקטן צעשיטן זיך ווי זאמד, קלעפּן זיך נישט און האלטן זיך נישט צוזאמען, און עס טריקנט מיר דער מוח קלערנדיק: אויף וואָס פאר א פּאָדעם בינד איך אויף די פּערל? איך זיץ און קלער, און די ברעמען פאלן מיר שווער איבער די מידע אויגן, איך שלאָף איין, און עס קומט אויף מיר א חלום, וואָס לאכט אוים אָרט און צייט און בינדט צוזאמען נאָענט און ווייט, און ווייטערס... און עפּעס טראָגט מיך אין חלום אויף און אָפּ איבער טאָל און בערג, איבער טעג, וואָכן און חדשים...

אָט בין איך אין באזעל אויף א קאָנגרעס, צוזאמענגעפאָרן זיך א סנהדרין מארבע פּנות העולם, נאָר דאָס יידעלע פון יענעם זייט סמבטיון פּעלט, און עס איז אַ שקלאַ וטריאַ: וואָס איז אַזוינס ציוניזם? און מען שפּארט און אמפּערט זיך, און מען רעדט אין אלערליי לשונות, מיט אלערליי מינים פון העוויות און תנועות, ביז מען מאַכט יד־אחת און מען ענטפערט: „ציוניזם איז די אידייע, צו שאפן פארן יידישן פאָלק אן עפנטלעך־רעכט־לעך־געזיכערטע היים אין פּאלעסטינע”... און איך פרעג מיך: ווער עמעץ זיין דאקעגן? און איך ענטפער מיר: א מאסע, ערשטנס, די אלע, וואָס קענען קיין נייע אידייען נישט ליידן, וואָס קענען שוין קיין נייע אידייען נישט פארטראָגן. אפילו נישט קיין אלטע אידייען נאָר מיט א ניי פּנים... אויך די, וואָס ווען נישט לאָזן „כאפן פיש פאר דער נעץ” און — פאר דער צייט, ביפרט — אָן א רמז אין זוהר, אָן אַ גמטרי”א אין „רזיאל המלאך” און מיט א קאָנקורענץ פאר די הייליקע און גוטע יידן, וואָס האָבן זיך שוין לאנג אונטערגענומען דעם פּאָדריאד אראָפּצוברענגען משיחן און צו באַ־פרייען די כנסת ישראל פון לאנג „והוא רחום”...

מאנכע וועלן פארציטערט ווערן. דאָס זענען די, וואָס דאָס וואָרט! „דאָס יידישע פאָלק”, ווארפט זיי אין זיבעטן שוויים ארייַן!

פון ווייטנס וועלן זיך אפשר האלטן אויך די, וואָס ווילן נישט אויפ־

הענגען אלע יידישע געשעפטן ווי אן אַפּריים־קאַלענדאר אויף א נאָגל אָן דער וואנט!

— וויפל דארף קאָסטן א טשארטער? — הער איך פרעגט דערוויי א סוחרישע נשמה.

— 25 מיליאָנען רובל! — ענטפערט א ציוניסטישער בן־בית.

—או! — דערשרעקט זיך יענער.

— נישט פאראן קיין אָרעם פאָלק! — ענטפערט דער בן־בית — —

מהיכי תיתא, טראכט איך. נישט קוקנדיק אויף די העכסטע אידעאלן, וואָס א זינדיקער בשר־וודם קען האָבן, האָט דאָס יידישע פאָלק דאָס זעלבע רעכט, צו וועלן, וואָס אלע ווילן און האָבן. און כל־זמן אלע פעלקער האָבן זייער אייגנס, אָפּגעזונדערטע, אָפּגעגרענעצטע לענדער, מעג די כנסת־ישראל אויך גלוסטן צו אַ פארזיכערטער, עפנטלעך־רעכטלעך פארזיכערטער היים... מיינע 40 קאָפּ. אויף א שקל און עטלעכע רובל אויף אן אקציע וועל איך נישט קארגן... און איך חזר מיר איבער: אן עפנטלעך־רעכטלעך פאר־זיכערטער היים... נאָר עפּעס א שכן הייבט זיך אויף און רוימט מיר איין: „ווארט, עס איז נישט אזוי פּראָסט, ווי מען זאָגט! דאָ אין אויסלאנד האָט דער דייטש צו שאפן: דער דייטש איז בטבע א פשטן, וואָס ער זאָגט, דאָס מיינט ער... לאָמיר נאָר אהיימקומען!... עס איז טיפע סוגיא, א שווערע סוגיא, א פּלפּול און א פרד״ם און א שטיק השכלה און עקאָנאָמיקע... ווערסט זען!״

איך וויל מיך אומקוקן, ווער עס זאָגט, בעסער זיך איינהערן אין דעם וואָס מען זאָגט, נאָר דער רוח האָט מיך שוין אוועקגעשלעפּט איבער טאָל און בערג קיין מינסק, אויך אויף אן אסיפה, נאָר אָן דייטשן...

---

דער גרויסער עולם שלאָפט אפשר נישט, נאָר דרימלען דרימלט ער, קיין פריי, אָפן אויג פאר א מיליאָן... עמעץ שמייכלט ווי פון חלום, מן־הסתם זעט ער א פולע באנק מיט גאנצע 25 מיליאָן: א צווייטער בייסט די ליפּן, אפשר איז אים א שאָד אזויפיל געלט פאר א פּאַפּירענעם טשארטער...

און אויף דער בימה שטייט איינער מיט פייערדיקע אויגן, און רעדט:

— דער ציוניזם שטייט צו צום פאָלק און וויל געלט! דער ציוניזם וויל נאָר נעמען, אָבער וואָס גיט ער? וואָס וויל ער געבן, דער ציוניזם?

און איך מיין, אז איך האָב א קלאָרע תשובה אויף דער שאלה: דער ציוניזם וויל געבן א לאנד, ארץ־ישראל וויל ער געבן... ער וויל ערד פארן

פֿאָלק, ערד צום אַקערן, זייען און שניידן... דער רעדנער אָבער ווייסט אַפּנים בעסער.

— דער ציוניזם — זאָגט ער — מוז שוין אָנהייבן צו געבן, באַלד און דאָ!

און אין נאָמען פֿון ציוניזם שיט ער ווי פֿון א פֿאַס ארויס טייערע מתנות פֿארן פֿאָלק: ארטעלן, חברות, פֿארדינסטן, וואָס איר ווילט, און דער עולם, הערנדיק פֿון מתנות, וועקט זיך אביסל אויף און עס הערט זיך א גע־רופֿעריי: וויניק, וויניק!

איינער וויל נאָך: קאַטעדרעס פֿאַר מלמדים, א צווייטער — אן אוני־ווערזיטעט אין דער שווייץ, אָדער אין ארץ־ישראל, א דריטער מעטאָדן צו לערנען עיברית בעיברית — און עס ווערט א געשריי: קולטור! קולטור! און צווייערליי קולטור!...

און דער וואָס טראָגט מיך, פֿארטייטשט מיר: ציוניזם איז אייגנטלעך א הון. נאָר, אז עס וועלן איר אויפוואַקסן גאָלדענע פֿליגל פֿאַר 25 מיליאָן, וועט זי ווערן אַן אָדלער און אויך פֿליען ווייט צום לבנון, צום הר־הבית... דערוויַיל זיצט זי אויף איין אָרט, און יעדער קומט און לייגט איר אונטער אויסצוואַרעמען אַן אנדער איי...

קולטור־אייער, עקאָנאָמישע אייער, עברית־בעברית אייער... און וואָס זאָל זי נעבעך טאָן, די הון? זי וואַרעמט...

— און אַלע אייער האָבן אין זיך לעבן?

— ניין... א סך וואַנט־געריבענע אייער... עקרות — —

און ער טראָגט מיך ווייטער אוועק...

---

און דער רוח כאַפּט מיך ווייטער און פֿארטראָגט מיך אין ראַדאָם... א סטודענט איז אראָפּגעקומען, א יונגער סטודענט, מילך און בלוט, און ער האַלט א רעדע, פֿאַר א קליינעם, נאָר א פֿיינעם עולם...

ציוניזם — רופֿט ער — איז נישט קיין 25 מיליאָן, מיר זענען צו דערהאַבן, מיר פֿליען צו הויך, מיר זאָלן זיך אראָפּלאָזן אין גראַבלען אין פּרעמדע קעשענעס, ארויסצוקריגן קליינגעלט... ציוניזם איז נישט קיין טשאַרטער — פּאָליטיק לאָזן מיר פֿאַר אנדערע, פֿאַר „דייטשע יידן", וואָס זענען נישט קלאָר אין אונדזער לעבן, וואָס זייער אויסגעקילט האַרץ ברענט נישט מיט אונדזער רוסיש־פּויליש־יידישן פֿייער און פֿלאַם! ציוניזם איז דערוויַיל אויך נישט ארץ־ישראל, וואָרום גיט אונדז הייַנט פּאַלעסטינע, צי קענען מיר זי נעמען? האָבן מיר א פֿריי קולטיווירט פֿאָלק? קען אונדזער

פאָלק ארבעטן? ציוניזם איז — קולטור... קולטור... און ווייטער קולטור...

— הידר!

איך עפן א מויל מיטצועשרייען, נאָר דער רוח האָט מיך שוין גע־כאַפּט און טראָגט מיך ווייטער...

ווו בין איך?

דאכט זיך, אין קאָוונע, אין דער שטאָט פון ישיבה־בחורים, מוסר־ניקעס און אנדערע זיבן זאכן,'אויף אן אסיפה פון „שלום־ציון" און אפשר גאָר אין באָברויסק אויף אן אסיפה פון „שער־ציון!"

פארזאמלט זענען הונדערטער, הונדערטער מענטשן, און מענטשן מיטן פולן מויל, אמתע יידן, מזרחי־יידן... יידן מיט בייכער, יידן מיט גרויע און מיט ווייסע בערד, יידן מיט לאנגע ברעמען, בייזע פּנימער — אפילו רייכע יידן!

— שא! שא! די תקנות!

און מען לייענט תקנות — —

היות, ווי מען וויל אונדז היינט אָפּגעבן ארץ ישראל, דערלויבן פראנק און פריי מקיים צו זיין אלע מיצוות התלויות בארץ; עס זאָל שוין אפילו זיין א בית־המקדש, שטיין א מיזבח, עס זאָלן אפילו גרייט זיין קעלבער אויף קרבנות, זענען מיר נאָך נישט פארטיק, וועט דער עולם נישט וויסן, ווי אזוי מען דערנענט א קרבן, וואָס פאר א קרבן, ווען קומט א קרבן, ווען די כהנים דארפן גיין תרומה עסן, ווי אזוי מען איז זיך נוהג מיט א סוטה... עס וועט נישט זיין קיין מיראָוואָי סודיא און קיין קאָדעקס, און קיינער וועט נישט קענען קיין דין תורה פסקענען... עס וועלן זיין פעלדער און וויינגאָרטנס, און דעם דין פון שמיטה און יובל וועט מען נישט וויסן, על כן האָבן מיר מתקן געווען א חברה ש"ס פאר באַלעבאַטים, א חברה „חומש מיט רש"י" פארן המון עם... היינט, שבת בראשית, איז געווען א התחלה, דער סיום וועט זיין, אם ירצה השם, אויפן הר־הבית — — —

— אָמן! אָמן!

און איך וויל אויך עפענען און שרייען, זאָל זיין „הידד", זאָל זיין „אָמן", נאָר דער רוח האָט אפּנים קיין צייט נישט, ביי די האָר שלעפּט ער מיך, איבער טאָל און בערג, איבער אָפּגעלעגענע וועגן —

שא! עס פּויקט! שא, עס טראָמפּייטערט! פון אונטער א בארג ווייזט זיך א פאָן... מיט גאָלדענע גרויסע אותיות: דגל מחנה יהודה! די פּויק פּויקט, דער טראָמייטער טראָמייטערט, און נאָך דער פאָן גייט א מחנה גיבורים: מגן־דודס אויף די ברוסטן — נעז ביי די מיילער, — אונטער

זייערע פּיס ציטערט די ערד... אויף די שפּיצן פון די פּיקעס ציטערט דער בליץ — —

— וווהין גייט איר גבורים? איינעמען ארץ ישראל? עס פעלט געלט צו קויפן?

— איינעמען די קהילות! — ענטפערן די גיבורים און מאַרשירן ווייטער... און ווערן פארשווונדן אין א גאָלדענעם שטויב...

און איך בעט מיך ביים רוח, וואָס טראָגט מיך ארום: איך בין דיר מוחל די גבורים, וואָס גייען איינעמען די קהילות, די מחנות, מיט וועלכע מען וויל מיך באשיטן אין גלות, איך בין דיר מוחל די חברה ש״ם מיט דער קולטור צוזאמען, ווייז מיר די שטילע ארבעטער, די אמתע שטילע מענטשן, וואָס האָבן כוח אויסצוהאלטן ביי דער גרויער שטילער ארבעט, וואָס פּויקן נישט, טראָמייטערן נישט, האַלטן קיין רעדעס נישט, אמפּערן זיך נישט איבער הארט־קלינגענדיקע איזמען — ווייז מיר די, וואָס קלייבן געלט, וואָס זאמלען די אָרעמע גראָשן פארן נאַציאָנאַל־פאָנד, פאר דער קאָלאָניאַל־באנק, ציוניסטן צי נישט ציוניסטן.

ער הערט מיך אָבער נישט, און ווערט אפשר נאָך בייז, און לאָזט מיך אראָפּ אין א קאַלטער, פייכטער ווינטער־נאַכט אין ערגעץ א גרויס־שטעטישן מארק...

אינמיטן מארק האָט עמעץ, אפנים פאר רחמנות, אָנגעלייגט אביסל האָלץ און אונטערגעצונדן — —

און דער עולם פון די ארומיקע הייזער לויפט ארויס צום פייער זיך דערווארעמען — —

טייל ברענגען זיך מיט קארטאָפל און בראָטן, טייל קלאָגן זיך, פאר־וואָס דער, וואָס גיט פייער, גיט קיין קארטאָפל נישט... אַנדערע ווארעמען זיך די הענט און לייענען קריאת־שמע, נאָך אַנדערע זאָגן תהילים... אַן אָנגערופענער משכיל לייענט בערנפעלדס „דעת אלהים״, א סטודענט לערנט זיך כעמיע, אנדערע שאָקלען זיך גלאט... טייל דערציילן זיך מעשות...

און דאָס האָלץ ברענט און וועט זיך אויסברענען...

און איינער רופט צום צווייטן: בערל, ברענג אביסל האָלץ, שמערל, ברענג אביסל האָלץ, יאָסל — אביסל האָלץ...

נאָר זעלטן עמעץ זאָל ברענגען...

מען ווארעמט זיך, מען דאוונט, מען לערנט, מען דערציילט מעשות, מען בראָט אפילו קארטאָפל, מען שאָקלט זיך גלאט אזוי, און האָלץ וויל קיינער נישט ברענגען...

---

# נאַציאָנאַליזם און ציוניזם



ידעען וועגן פאַרגאַנגענהייט זענען וואָר אָדער פאַלש. וואָר — ווי ווייט זיי גיבן איבער דאָס געשעענע, פאַלש — ווי ווייט דאָס געשעענע ווערט נישט ריכטיק איבערגעגעבן אָדער באַלויכטן. האָמער, קריסטוס, אַ געוויסער קריג, רעוואָלוציאָן — זענען געווען, אָדער נישט, אזוי געשען אָדער אַנדערש, קען זיין די פאָרשטעלונג פון דעם נישט מער ווי: אמת אָדער נישט אמת. —

אידייען פון מענטשן, קלאסן און פעלקער וועגן דער צוקונפט זענען צום אַלעם ערשטן פאָרמען פון מענטשלעכן ווילן. די אידייען קענען דעריבער זיין עטישע און נישט עטישע, נידעריקע און הויכע; דאָס הענגט אָפּ פון קולטורעלן צושטאַנד פון די אידייען־טרעגער. די וואַרהייט אָדער נישט־וואַרהייט פון די אידייען איז שוין אָפּהענגיק פון אויסערלעכע קרעפטן, וואָס העלפן, אָדער שטערן זייער פאַרווירקלעכונג: פון ווילן פון אַנדערע מענטשן, פעלקער און קלאסן, אָדער: פון דיאַגאָנאַל צווישן די קרעפטן.

און דעריבער, שטעלט זיך מיר אנטקעגן אן אסימילאַטאָר און א ציוניסט, זאָג איך נישט: וואָר און נישט וואָר, נאָר: די אידעאַלן פון אן אסימילאַטאָר זענען נידעריקער און אומעטישער אַלס די אידעאַלן פון ציוניסט. דאָס פאַרלייקענען, אָדער פאַרניכטן פון אייגענער נאַציאָנאַליטעט, אונטערוואַרפנדיק זיך אונטער אַנדערע נאַציאָנאַליטעטן — דאָס איז קנעכטשאַפט.

דער ציוניזם, וואָס אנערקענט די נאַציאָנאַליטעט און זעט איר רעטונג אין צוריק אויפבויען דאָס „פאָטערלאַנד", שטייט פיל העכער פון דעם אסימילאַטאָר, אָבער דאָך נישט אזוי הויך, אז איך זאָל זען אין קאָלאָניזירן פון פאַלעסטינע מער ווי א היסטאָריש־עקאָנאָמישע באַזיץ־פראַגע און א פאַרווירקלעכונג פון אַ בירגערלעכן פאָטערלאַנדס־אידעאַל. דאָס איז שוין פאַר מיר צו אַלט. ווען איינער פאַרלייקנט די יידישע נאַציאָנאַליטעט און

דער צווייטער וויל זי שיצן, איז מיר, נאַטירלעך, דער צווייטער סימפּאַטי־שער, אָבער איך פיל, אז מיר זענען מער ווי א פאָלק. פעלקער זענען אמאל־גאמאטן צוזאמענגעשמאָלצענע אין טיגל פון היסטאָריש־עקאָנאָמישע פאַק־טאָרן. מ י ר ז ע נ ע ן ר י י ן ב ל ו ט , — א פאַמיליען־פאָלק. מיר האָבן געקענט דעריבער פיל נ א צ י אָ נ א ל ע ר ווערן נאָכן פארלירן פון לאנד און שפראך. די רעטונגס מיטל וואקסן מיט דער געפאר. מיר זענען אין גלות פאַרייניקטער און פארשמאָלצענער געוואָרן אלס אין פּאַלעסטינע. מיר זענען א פּראָדוקט, אָדער בעסער געזאָגט, א פארקערפּערונג פון א געוויי־סער וועלט־אנשויאונג, פון א געוויסער נאַציאָנאַל־פּערזענלעכער ווארהייט. און אסימילירט וועלן מיר אויסערלעך ערשט ווערן דעמאָלט, ווען די ארומיקע פעלקער וועלן ווערן אינערלעך באַזיגט. עס זענען פאראן צוויי פאָרמען פון וועלט־אנשויאונגען: ד י א י י נ ה י י ט און די צ ע ־ וו אָ ר פ נ ק יי ט ; דאָס קריסטנטום איז דער קאָמפּראָמיס אָדער, איי־גנטלעך, דער בריק פון צעוואָרפנקייט צו דער איינהייט. אין צייטן פון ברענענדיקע עקאָנאָמישע פראגן ווערן די גייסטיקע פּראָצעסן פארטויישט און דעמאָלט ווערן פאר מאנכע נישט־טיף בליקנדע, נישט־טיף איינזעענ־דיקע מענטשן, אזעלכע פאקטן ווי אנטיסעמיטיזם, רעליגיאָן־שטרייט, ראסן־האס און דער גלייכן — גאנץ אומפארשטענדלעך ווילד. מאנכע פּ א ר ל יי־ ק ע נ ע ן די פאקטן, אנדערע דערקלערן זיי מיט אטאוויזם, מיט ווידער־געבורט פון אלטע אידייען, וואָס האָבן שוין לאנג פארלאָרן זייער עקזיס־טענץ־בארעכטיקונג און שרעקן ווי רוחות אין דער פינצטער. אין דער ווירקלעכקייט אָבער שטעקן די גייסטיקע קעגנזעצע טיף אין די וואָרצלען פון מענטשלעכן לעבן און וועלן ארויסטרעטן וואָס אמאָל שאַרפער, מעכ־טיקער און דעצידירנדער, וואָס שוואכער עס וועלן ווערן די עקאָנאָמישע פּראָצעסן, אדאנק די עקאָנאָמישע רעפאָרמען. ביי אנדערע נאַציאָנען זענען לעבנס־פראגן: געגרעטעניש, פארשפּרייטן די גרענעצן, שטארקע ארמייען, קאָלאָניען; ביי אונדז, אויב מיר ווילן געטריי בלייבן זיך אליין, איז די לעבנס־פראגע: געוויסן־פרייהייט, מענטשלעכע קולטור און עטיק. דאָס זענען די איינציקע באדינגונגען פון פרייען אויסלעבן זיך און זיגן. אנט־לויפן פון שלאכטפעלד צו רעטן אויף א באזונדערן פלאץ די נאַציאָנאַלע פיזיאָנאָמיע איז העכער פאר אונטערוואַרפן זיך און איבערגעבן די פאָן. מיין אידעאל אָבער איז ק א מ ף און ז י ג . ד אָ ס ג ל ו ת א י ז ד אָ ס ש ל א כ ט פ ע ל ד , א י ך ק ע ן ע ס ד ע ר י ב ע ר נ י ש ט פ אַ ר ל יי ק ע נ ע ן .

נישט וואָר ווערט אָבער דער ציוניזם, ווען עס שטעלט זיך פאָר אַלס רעטונג פארן ג א נ צ ן פאָלק. צוריק אין וויג אריין גייט נישט קיין דער־וואקסענער מענטש און נאָך ווייניקער א גרוים אנטוויקלט פאָלק. און אומ־סימפּאַטיש ווערט ער — ווען ער דערקלערט די רעטונג אויסשליסלעך „פאר די, וואָס ווילן נישט, אָדער קענען זיך נישט אַסימילירן". דאָס איז דער שפּאלט אין אונדזער נאַציאָנאַל־גייסטיקער פעסטונג, דאָס איז די פאר־לייקענונג פון דער אַל־יידישער נאַציאָנאַליטעט.

# וועגן מילה־סקאַנדאַל

## (אַן אָפענער בריוו)



יט אַ פּאָר יאָר צוריק וואָלט דער מילה־סקאַנדאַל אזוי פיל שלעכט בלוט נישט אָנגעמאַכט. ביי דער טיר זענען געשטאַנען ערנסטערע און וויכטיקערע פראגן און האָבן געוואַרט אויף באַשייד... און דער „עולם" איז געווען פיל ראַדיקאַלער, פריידענקישער...

דאָס געשריי פון אַ פאָטער: איך וויל נישט, מען זאָל מיין טויט קינד באַשניידן, קעגן מיין איבערצייגונג... און דער פּראָטעסט פון אַ קינסטלער, וואָס איז פאַרציטערט געוואָרן, הערנדיק פון באַשניידן אַ טויט קינד — ביידע וואָלטן זיך געהערט, ווי געפּלאַצטע פיש־פּאַכירן צווישן אַ געפּלאַצעריי פון באָמבן, ווען עס דאַכט זיך, אַז אָט־אָט ווערט חרוב די א ל ט ע וועלט און מען טראָגט שוין ליים און ציגל אַ נ יי ע צו בויען, — אין אַזאַ צייט, וואָלט נישט נאָר די פראַגע פון באַשניידן אַ טויט קינד, און צי וועלן זיך, די ביז אהער באַגראָבענע מתים נישט פילן באַליידיקט, נאָר אפילו אין מעריטאָ — דעם עצם־ענין, אָפּ־אָדער נישט אָפּשאַפן מילה — געמאַכט זייער אַ קליינעם איינדרוק...

נאָר די ר ו י ט ע פּאָן איז פון דער האַנט אַרויסגעפאַלן, די שוואַרצסטע רעאַקציע האָט געזיגט אויף דער גאַנצער ליניע. פולע תפיסות, פולע קאַטאָרגעס, אין „ווייטן מיזרח" בלייכן זיך טויזנטער סקעלעטן — און דער גרויער מענטש, דער מיטל־מענטש די אונטערדריקנדע מאַיאָריטעט, וואָס שמעקט נאָר צום פענדל, פון וואַנען דער ווינט בלאָזט — אָט דער גרויסער, גרויסער עולם האָט זיך אַ וואָרף געטון — רעכטס...

און — אַ יום־טוב איז אויף דער רעכטער גאַס... אין דער לינקער, אויב מען קרעכצט נישט און מען וויינט נישט, — איז שטיל, בית־הקברותדיק שטיל...

און אין דער ש ט י ל ק יי ט האָט זיך דעם טויטן קינדס פאָטערס געשריי דערהערט, און דער קינסטלער־פּראָטעסט האָט אין אַלע מידע

הערצער אָפּגעהילכט. עס איז א פראגע געוואָרן! און די רעכטע זייט, דער־הערנד אַ גערופעריי פון לינקס, איז באלד ארוים מיט דער פויסט. דער גרויער מענטש האָט זיך, נישט קלערנדיק, געשטעלט אויף דער זייט פון דער פויסט... און די געלע פרעסע, וואָס באַדינט דעם גרויען מענטש, האָט געעפנט דאָס מויל — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

און אָנגעהויבן האָט זיך די טראגי־קאָמעדיע.

וואָרום זאָגט, וואָס איר ווילט, זייט אַן אָנהענגער אָדער א קעגנער פון מילה, — טראגיקאָמיש איז אַ פּאָטער, וואָס גיט איבער זיין קינד, און, דאכט זיך, אַן איינאיינציק קינד — דער ערד צום פוילן, ווען ער דראָט מיט פּאָליציי, אויב מען וועט דאָס קינד נישט אריינלייגן אין דער ערד אריין גאנצערהייט, אויב עס וועט אים פעלן א פיצל הויט פון 10־חדשימדיקן קינד...

און טראגיקאָמיש איז דער ראבינאט, וואָס זאָגט: מיר מוזן זיך מוסר נפש זיין פאר מילה פון א טויט קינד, אויסער, אויסער — אויב די פּאָ־ליציי וועט הייסן באַגראָבן אזוי, ווי עס איז...

טראגיקאָמיש איז די גרויסע גרויע מאסע, וואָס זעט אין נישט־מל זיין פון א טויט קינד א געפאר פארן יידישן פאָלק; ביפרט דער אסימי־לאטאָר, וואָס האָט מורא, ער זאָל זיין צווייטע העלפט נישט פארלירן: נישט בלייבן פּאָליאק אָן מאָיושעשאָוונע וויזנאניע, אויב ער וועט נישט שטיצן דעם ראבינאט...

טראגיקאָמיש איז דער יידישער, היימיש געבאקענער און אָפּרינדי־קער אינטעליגענט, וואָס ווייזט ראדיקאלע פויסטן דער גאנצער וועלט, מאכט באָמבן פארן פויפסט מיט אַלע קלויסטערס, שטריק פאַר אַלע שרים און מלכים, נאָר אז עס קומט צו אים אליין, ווערט ער פארציטערט...

און טראגיקאָמיש איז א פאָלק, ביי וועלכן די פראגע פון מל זיין א טויט קינד ווערט א לעבנס־פראגע און עס קען קומען צו א חורבן פון א קהילה...

עס איז מעגלעך, אז אין א געוויסער צאָל פון יאָרן ארום וועט גרזיבאָווסקא נומער 6 און 28 זיין א חורבה, עס וועט נישט בלייבן א שטיין אויף א שטיין, קליינע שדימלעך וועלן זיך דאָרט שפּילן אין זאמד, און צעבלאָזן עס אויף שבעה ימים, אויף אלע „עק־וועלטן". און תשעה־באָב וועט זיצן דאָרט א יידענע; שווארץ, אין שווארצן געקליידט, אויף א

בערגל זאַמד, מיט אַ צאינה־וראינה אין דער האַנט וועט זי זיצן, און וועט ברומען, וויינענדיק ברומען:

איבער ראָד און וואָגן איז חרוב געוואָרן ביתר, איבער אַ האָן מיט אַ הון — טור מלכא, איבער קמצא בר קמצא — ירושלים, און איבער אַ גאָר־נישט, אַ כמעט גאָרנישט פון אַ קליין קינד, פון אַ קליין טויט קינד — די גרעסטע יידישע קהילה אין אייראָפּע...

און אויף אַן אַנדער אָרט וועט שטיין אַ פּאַלאַץ... אַ הויכן קוימען וועט ער האָבן, ווי די גרעסטע פאַבריק. דורך די פענצטער וועלן זיך אַרויסרייסן פייערדיקע פלאַמען, ווי פון אַ קאַלך אויוון, איבערן קוימען וועט זיך רינג־לען אַ געדיכט־פעטער רויך פון מענטשן־פלייש, ביינער, מאַרך און בלוט, ווי איבער אַ מיזבח — אַ קרעמאַטאָריום ווו מ'וועט די מתים פאַרברענען...

און פאַרן קרעמאַטאָריום וועלן דענקמעלער שטיין. דער פאָטער פון טויטן קינד און נאָך עטלעכע פריידענקער...

---

די מילה־פראַגע איז ביי אונדז נאָך נישט צייטיק...

פאַראַן נאָך זייער פיל פאַנאַטישע און אפילו ווילד פאַנאַטישע יידן. זייער גאָט איז נישט דער גאָט פון ישעיה, ירמיה און יחזקאל, און זייער תורה איז נישט די, וואָס דאַרף אַרויסגיין פון ציון און באַלייכטן די וועלט...

קיין ראַסע און קיין פאָלק איז נישט באַפרייט פון אַטאַוויזם; מיר — אַ פאָלק אָן זעלבסטשטענדיקער קולטור — געוויס נישט...

און אַ קרבנות־גאָט רעגירט נאָך, אַזוינער, וואָס שמעקט נאָך פעטן רויך... נאַטירלעך נישט מולך; גאַנצע קינדער נעמט ער נישט. לייטזעליק איז ער, און באַרעמהאַרציק... ער איז יוצא מיט „אבי וואָס"...

ותקח צפורה צור... אויסגעפּרוווט!

און מאַכט זיך אַ ברית ראש השנה, איז דער בעל־תוקע מוציא אויך... ער רינט נאָך מיט מיקווה וואַסער און כאַפּט דעם שופר אין בלוטיקן מויל אַריין — תקיעה... — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

און — אויב עס זענען פאַראַן „אויך" און „בויך"־יידן, פאַרוואָס זאָלן קיין סימבאָל־און צייכן־יידן נישט זיין?

מילה איז אַ סימבאָל; אַ צייכן, אַז מען געהערט צום יידישן פאָלק. אַזוי באַגרייפן עס 99 פּראָצענט פון יידישן פאָלק.

אמת, מילה איז עלטער פאַר יידן... נאָר ווער געדענקט די אַלטע גרויע צייטן? עס באַשניידן זיך נישט נאָר יידן אַליין; קנאַפּע 200 מיליאָן

נישט־יידן באַשניידן זיך... דאָס מערסט יידן לעבן אָבער צווישן נישט באַשניטענע קריסטן!

און דער סימבאָל־ייד איז גייסטיק אַן אָרעמער, זייער אָרעמער ייד. ער פאַרמאָגט שוין קיין יידישן אינהאַלט נישט. דער תוך פון זיין יידישער נשמה איז אויסגעוועפּט; דאָס ליכטיקע פינטעלע ייד איז באַגראָבן אין פרעמדן אַש, און צעפלאַקערט זיך זעלטן אַמאָל ביי א פּאָגראָם, אָדער אַזוי — אין א יאָרצייט... אויף קבר אָבות...

קיין שבת, קיין יום־טוב, קיין תשעה־באב; קיין יידישע פרייד און לייד. און דאָך לעבט נאָך דער פאָלק־און ראַסן־אינסטינקט. און פאַר אָפּרייסן זיך פון שטאַם, פאַר גאָר אינגאַנצן ארויס פון געטאָ ציטערט מען... און דער סימבאָל איז אַזאַ באַהאַלטענער, און קאָמפּראָמעטירט נישט. און, צום באַרואיקן דאָס פרייהייטלעכע דענקער־געוויסן, האָט ער א דאָק־טאָר־שפּרוך: פּראָפילאַקטיק... און הערט ער עפּעס קעגן סימבאָל, דאַכט זיך אים, אַז מען רייסט אים אָפּ דאָס לעצטע העמד פון לייב, און מען שטעלט אים, א נאַקעטן און א בלויזן, אינמיטן מאַרק אריין... און ער דער־פילט זיך נאָך — עלנטער, אָן טאַטע־מאַמע, אָן קרובים, און גוטע פריינט...

און נאָך איין מאָמענט איז פאַראַן אינעם מילה־סקאַנדאַל... דאָס ארויסטרעטן קעגן מילה אויף יידיש, אויף מאַמע־לשון... דאָס ריידן עפנטלעך, פאַרן גאַנצן עולם! די פּוילישע בראָשורע „אוועק מיטן באַר־באַריי", די אַרטיקלען קעגן מילה אין פּוילישן „איזראַעליט", נאָך מער אפּיקורסישע אַרטיקלען אין „השלוח", אין אַמאָליקן „השחר", וועך שמועסט אין אַמאָליקן „החלוץ", זענען שאַרפער, פיל שטאַרקער, פיל אי־בערצייגנדער געווען, אָבער — געהאַלטן אין א שפּראַך, וואָס איז נישט צוגענגלעך פאַרן גרויסן עולם. און דעם גרויסן עולם, מיינט אונדזער באַלעבאָס און זיין משרת דער באַלעבאַטישער אינטעליגענט, טאָר מען די אויגן נישט עפענען...

שאַדט נישט, זאָל מאָרגן איינגעפירט ווערן אַלגעמיינע וואַל־רעכט, וויניקסטנס צון א שטאָט־דומע, אָדער ווען נאָר צון א קהל־שטוב, וואָלט דער זעלבער באַלעבאָס, דער אייביקער פּאַרוועניע און זיין אינטעליגענט געשטעלט זיך פאַרן נייעם פּרנסה־געבער און כיבודים־טיילער אויף די הינטערשטע לאַפּקעלעך, און אין די הינטישע אייגעלעך וואָלט זיך אָנגע־צונדן אַזאַ מין איבערגעבנהייט, אַזאַ מין געטריישאַפט און אַזוי פיל חניפה...

דערווייל אָבער איז עס צוקונפטס־מוזיק...

דערווייל האָט מען צופיל שטיקער עולם־הזה, וואָס מען דאַרף פאַרן

עולם באַהאַלטן: נישט ווייזן, עס זאָל אים קיין וואַסער אין מויל אַריין, ער זאָל קיין שלעכטס אויג נישט געבן, קיין האַנט נישט אויסשטרעקן...
און — אַזוינע אידעען אויך!

בפרט דאָס אַרויסטרעטן קעגן אַזאַ רעליגיעזן גרונט־געזעץ!
מאַסן אָן רעליגיאָן, ווי שרעקלעך!

— — — — — — — — — — — — — — — — —

נישט דאָ איז אָן אָפּענעם בריוו איז דער אָרט צו באַטראַכטן די פראַגע פון סאָציאָלאָגישן שטאַנדפּונקט: פון וואַנען שטאַמט מילה — אין אַלגעמיין, קודם מתן־תורה, און נישט נאָר ביי יידן אַליין. די פראַגע איז נאָר: וואָס פאַר אַ כאַראַקטער האָט מילה ביי אונדז?

דערקלערן מילה מיט פּראָפילאַקטיק איז ראַציאָנאַליזם. מיט סימ־באָליסטיק — דערצו דאַרף מען אַ פאַרנעפּלטן קאָפּ. און גאַנץ אויסטער־לישע אויגן מוז מען האָבן, מען זאָל זען אין דער אָפּעראַציע אַליין פּאָעזיע אָדער שיינקייט.

רעכט האָט דער פּשוטער ייד: מילה איז אַ קרבן.

נביאים זענען אויפגעשטאַנען קעגן קרבנות. אָבער נביאים, אַזוינע, וואָס גאָט האָט זיי געגעבן די ווערטער אין מויל אַריין, אָנרירנדיק די ליפּן מיט אַ פייערדיקע קויל, מענטשן, וואָס האָבן געטריבן די אַלט־צייטיקע שוואַרצע וואָלקנס מיט שטראַלן פון שפּעטסטן מאָרגן, וואָס האָט זיך שוין געראַטעט אויף זייערע הויכע בערג, ווען די טעלער זענען נאָך איינגעהילט געווען אין שאָטן. און מענטשן זעלבסט־פאַרגעסענע, וואָס האָבן געדערט צום פאָלק אין נאָמען פון הויכע אידעאַלן, אין נאָמען פון איינציקן גאָט...

דערצו טויג דער מאָדערנער קינסטלער נישט... דער, וואָס קען פון זיך אַליין נישט אַרויס און נישט אַריבער, וואָס וויל זיך גליטשן איבערן לעבן, ווי אַ לאַכנדיקער ליכט־שטראַל איבער אַ וואַסער־שפּיגל; דער, ווען ער שטעלט זיך קעגן אַלטע, ריזיק־אַלטע רעליגיעזע מאָמענטן, ווערט שטענ־דיק אויסזען ווי אַ דאָן־קיכאָט, וואָס רייסט זיך מיט פליגל פון ווינט־מילן; אָדער, ווי אַ יינגל, וואָס כאַפּט זיך מיט אַ רייט־בייטשל צו דער לבנה...

די עכט־פרומע, די ערנסט פרומע האָבן געהאַט דאָס רעכט זיך צו פילן באַליידיקט און געקרענקט...

אָבער פון דער אַנדערער זייט, איז מילה אַ קרבן, מוז עס זיין אַ געדרנווויליק קרבן: נייטן צו קרבנות קען מען נישט, טאָר מען נישט...

נאָך געפערלעכער איז אָפּצושטעלן דאָס גאַנצע יידישקייט אויף

אײן מיצווה. — זאָגן, אַז אָן דער מיצווה, אָדער אָן דעם סימבאָל, וועט דאָס ייִדישקייט בטל ומבוטל ווערן, הייסט נישט מער און נישט ווייניקער, ווי באַליידיקן דאָס העכסטע און דאָס הייליקסטע, הייסט זאָגן: ייִדישקייט האָט קײן תּוך, קײן אינהאַלט, קײן נשמה נישט, —

ווילט איר אַזוי זאָגן?

---

„איך וואָלט מײן האַנט קענן מילה נישט אויפגעהויבן" — זאָגט נאָמבערג, און ער האָט פאַר זיך רעכט. בפרט הײנט, ווען דאָס ייִדישע לעבן שוועבט צווישן אַזוי פיל געפאַרן. ווען טויזנטער אַנדערע לעבנספראַגן געפינען פאַר זיך קײן צייט, קײן קאָפּ און קײן האַנט...

נאָך מער, כל־זמן די גרויסע ייִדישע מאַיאָריטעט האַלט מילה פאַר אַן אויסשליסלעכן צייכן פון געהערן צום ייִדישן פאָלק, דאַרף, לויט מײן אינערלעכער איבערצייגונג, יעדער פריידענקענדיקער ייִד, אַלס ייִד זיך אונטערגעבן, אום נישט אָפּגעריסן צו ווערן פון שטאַם... דאַקעגן אַלס פריידענקער האָט ער דאָס רעכט, און אין גינסטיקערע צייטן די פליכט, קעגן אַזאַ איבערצייגונג מיט דער קראַפט פון איבערצייגטן וואָרט — צו שטרייטן.

און דעריבער האָט עמיץ גערעדט, טאָר מען אים נישט צונעמען דאָס וואָרט, און וויל מען אַ קינסטלעריש מויל מיט שמוציקע שמאַטעס פאַרשטופּן, מוזן מיר רופן:

שמוציקע לײט, די הענט בײ זיך!

---